ל ז כ ר

השלושה הראשונים בקבוצה, שנפלו:

ישעיהו גערטמאַן

דוד יאָכאַי

יוסף רודניצקי

## אַווראָמס פּאָרגעפיל

נאָך אַ גאַנצע נאַכט פאָרן מיט דער באַן איז שיקע פון ווילנע אַהיים אָנגעקומען אין דער פרי. מיד פון וועג, האָט ער זיך געלייגט אין בעט, נאָר שלאָפן האָט זיך אים ניט געוואָלט, איז ער געלעגן און זיך געשפּילט מיטן נייעם אָמעגאַזייגערל, וואָס ער האָט געקראָגן אַ מתנה פון פעטער, באַטראַכט דעם פאָספאָר אויפן ציפערבלאַט, די קליינע גרינע ווייזערלעך, זיך צוגעהערט צו זיין גאַנג, געמאָסטן די צייט, טיק־טאַק, טיק־טאַק.

— געפונען אַ צייט זיך צו צאַצקענען מיט אַ זייגער, דו ווייסט וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט? — האָט אויסגערופן זיין טאַטע אַווראָם — פון לאָנדאָן גיבן איבער די ענגלענדער אָן אויפהער, אַז די דייטשן קאָנצענטרירן גרויסע כוחות ביים רוסישן גרענעץ. זיי וואָרענען די רוסן ניט צו זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. שוין איבער אַ וואָך ווי דורכן שטעטל פירט מען אין פורן און אויטאָס שטיינער צו דער גרענעץ. טויזנטער אַרבעטער זיינען ביי דעם באַשעפטיקט. ס'קאָכט זיך! זאָל אָקאָרשט ניט אַרויסשפּרינגען אַ קריג צווישן דייטשלאַנד מיט רוסלאַנד?!

— וואָס רעדסטו? זיי האָבן דאָך אַן אָפּמאַך.

— נאַרישער קאָפּ, שכל?

— אפשר בינסטו גערעכט? — האָט זיך שיקע באַטראַכט — אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר זיך געשלעפּט פון ווילנע, אין פּאַדבראָדז אַליין איז די באַן, מיט וועלכן מיר זיינען געפאָרן, אפשר דריי שעה געשטאַנען. אַלץ ניט דורכגעלאָזט, און אַנטקעגן זיינען געפאָרן עשעלאָנען איינער נאָכן צווייטן.. איך דריי זיך צווישן די באַן־ליניעס, עס פאָרט אָן אַ צוג מיט פלאַטפאָרמעס. איך גיב אַ לייכט מיט דער באַטערייקע — טאַנקן. „פאַרלעשן דאָס ליכט?" — האָט אויסגעשריען אַ סאָלדאַט פון אַ פלאַטפאָרמע.

— קומט שוין יאָ עפּעס פאַר, גרייט זיך שוין יאָ וואָס אויף דער גרענעץ — האָט אויסגערופן אַווראָם, אַ פלאַטער געטאָן צו דער טיר און אַנטלאָפן.

אין דריי טעג אַרום, ווען ער, אַווראָם, איז נאָך געלעגן אין בעט און געשלאָפן מיט זיין אומרואיקן שלאָף, האָבן די דייטשן, ביי אַ צוויי־הונדערטפופציק קילאָמעטער פון סווענציאַן, ביי וואָלקאָוויסק און סוואַלק, אויפגעהויבן דעם

סלאָנבאָן וואָס טיילט פונאַנדער די גרענעץ, און מיט דער גאַנצער שנעלקייט, וואָס מאַשינען קענען נאָר פאָרן, זיך אַריינגעריסן פון פרייסן קיין ליטע. אין דער זעלבער צייט איז דער דייטשער לופט־פלאָט אַריינגעדרונגען טיף אין דער רוסישער טעריטאָריע, און מיט גערויש, באַגלייט פון שיסערייען און באָמבן־אויפרייסן, אַרויסגעשליידערט די באַפעלקערונג פון די בעטן.

אין סוועטניאַן זיינען די ערשטע ידיעות אָנגעקומען פון ראַדיאָ. די דייטשן זיינען אָנגעפאַלן אויף ראַטן־פאַרבאַנד. דער דייטשער לופט־פלאָט האָט באָמבאַרדירט ווילנע, קיעוו, מינסק, מיליטערישע באַזעס און אַעראָדראָמען. זיי באַפאַלן די ציווילע באַפעלקערונג.

אין אָוונט האָבן זיך שוין דורך סוועטניאַן צוריקגעצויגן קאָלאָנעס מיט אַפּטרעטנדיקן רוסישן מיליטער, צווישן וועלכע עס האָבן אַרויסגעלויכטן די ווייסע קעפּ פון די פאַרבאַנדאַזשירטע סאָלדאַטן.

דורך סוועטניאַן טרעט אויך אָפּ אַ ליטווישע מיליטערישע איינהייט, אונטער דער אָנפירונג פון אַ קאָמיסאַר. איינציקווייז צעלויפן זיך די ליטווישע רויט־אַרמייער אין די הויפן. זייערע רייען ווערן שיטער, און דער קאָמיסאַר, מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ, הויבנדיק הויך די פיס, שפּאַנט פאָרויס און זעט ניט אַז ער בלייבט אָן סאָלדאַטן. און ווידער נייס: דאָס דייטשע מיליטער איז אַריינגעפאָרן אין קאָוונע מיט דער באַן; ווילנע פאַרנומען; די ליטווינער גייען מיט די דייטשן. עס אַנטלויפט די שטאָטישע מאַכט, עס אַנטלויפן אַריינגעפאָרענע רוסישע בירגער און מיטאַרבעטער פון סאָוויעטישן רעזשים. אויך יידן אַנטלויפן. ערשט יעצט וואַקסן אויס די דייטשע רדיפות קעגן יידן צען מאָל מער ווי זיי זיינען באַשריבן געוואָרן.

אַ סך יידן וואָס זיינען אַנטלאָפן האָבן זיך אומגעקערט צוריק — אויף די וועגן זיינען זיי באַשאָסן געוואָרן פון ליטווישע באַנדיטן.

אין שרעק און אין אימה וואַרט מען אויפן אָנקום פון דייטש.

ביי אַווראָם גערטמאַן אין הייפל, אויף ניי־סוועטניאַנער גאַס, אין שאָטן פון די גרויסע אַלכע־בוימער, זיצן פינף חברים. זיי האָבן זיך געגרייט צום נייעם שול־יאָר — האָט זיי באַגעגנט די קריג.

זיין זון, שיקע גערטמאַן, געענדיקט די יידישע פאָלקס־שול, נייענצן יאָר אַלט. העכער פון מיטעלן וווקס, מיט אַן ענערגיש געזיכט, גרין־גרויע אויגן און רויטער טשופּרינע האָר. שטענדיק מונטער, כאָטש די ליפּן שלענגלען זיך פאַרביסן־ערנסט. ווען ער טוט וואָס, ברענט די אַרבעט ביי אים אונטער די הענט. פאַר די סאָוויעטן האָט ער זיך אויסגעלערנט אַ פאַך — אַ שילדן־מאָלער, מאָלט ער שילדן און טראַנספּאַראַנטן. ער האָט נאָך אַ באַשעפטיקונג, נאָר דאָס מאַכט ער פאַרן אייגענעם פאַרגעניגן. ער צייכנט מאַפּעס. זיינע מאַפּעס הענגען אין די סוועטניאַנער שולן. ווען ער האָט זיך פאַרהערט מיטן פּראָפעסאָר פון געאָגראַפיע

אין דער פּוילישער גימנאַזיע, האָט ער געקאָנט געאָגראַפיע מער פון פּראָ־פעסאָר.

זיין טאַטע, אַווראָם גערטמאַן, איז אַ שוסטער, אַ לאַטוטניק, און פאַרדינט קוים אויף ברויט. אים אינטערעסירן נאָר קהלישע ענינים און וועלט־פּאָליטיק. און אויף שיקען ליגט דער גאַנצער עול פון שטוב.

דאָווידקע יאָכיי, אַ שילער אין גימנאַזיע. זעכצן יאָר. אַ הויכער, מיט אַ לענגלעך בלאַסן געזיכט און אַ פּאָר ברענענדיקע שוואַרצע אויגן. גלאַט פאַר־קעמטע האָר, אַ שאַרפער קאָפּ מיט נאָך אַ שאַרפערן מוח.

דער טאַטע, חיים יאָכיי, אַ גאַרבער, געהאָרעוועט זיין גאַנץ לעבן און קוים אין שטוב געבראַכט פּרנסה.

יאָסקע רודניצקי. זעכצן יאָר. אַ שילער אין גימנאַזיע. פון נידעריקן וווּקס, מיט אַ שיין רונדיק געזיכט. שאַטענע האָר און בלויע אויגן. שטענדיק אַ שמייכ־לענדיקער, אַ פריילעכער, פול מיט הומאָר.

זיין טאַטע, פּסח רודניצקי, אַ פורמאַן, געפירט שטענדיק דורך טעג און נעכט סחורה פון סוועַנציאַן און ווילנע.

מיישקע שוטאַן. זיבעצן יאָר. פון מיטעלן וווּקס. אַ לענגלעך געזיכט, שוואַרצע האָר, טונקעלע אויגן. אַ דאַנק זיין אַמביציע איינער פון די בעסטע שילער אין גימנאַזיע. אַן איינגעשפּאַרטער, אַן עקשן.

זיין טאַטע, הירשל שוטאַן, אַ הענדלער, פלעגט אַרומפאָרן פון שטעטל צו שטעטל, פון מאַרק צו מאַרק, איינקויפן סחורה און פאַרקויפן.

איצקע רודניצקי. פערצן יאָר. מלא חן, העלע, עטוואָס געקרייזלטע האָר מיט אַ פּאָר טונקל־גרויע אויגן. טראָגט זיין קינדערישן אויסזען, און זיין רונדיק געזיכט, אַמביציעז, איינגעשפּאַרט און ערנסט. אַ שילער אין ערשטן קלאַס גימנאַזיע.

זיין טאַטע, ישראל משה רודניצקי, אַ חזן, געבליבן פאַרשטעקט מיט דער מאַמען חיה אין פּוילן, אין וואַרשעווער געטאָ.

— מען האָט געדאַרפט אַנטלויפן קיין רוסלאַנד — האָט געזאָגט דאָווידקע.

— ניטאָ וואָס צו ריידן פון פאַרפאַלענע זאַכן — ענטפערט אים שיקע.

— ס׳זיינען געווען דירעקטיוון, אַז אַלע אַקטיוויסטן און קאָמסאָמאָלצעס דאַרפן בלייבן אויפן פּלאַץ, — רופט אויס יאָסקע.

— און דאָך זיינען זיי אַלע אַנטלאָפן! — דערווידערט אים דאָווידקע.

— ווען איינער וויל קעמפן נויטיקט ער זיך ניט אין דירעקטיוון. — האָט זיך אַריינגעמישט מיישקע.

— ניטאָ וואָס צו ריידן, מען דאַרף זיך אָרגאַניזירן און קעמפן אויפן פּלאַץ! מיר דאַרפן קריגן געווער! — האָט אויסגערופן שיקע.

דאָס איז מער וויניקער געווען דער אינהאַלט פון שמועס, וועלכער איז פאָרגעקומען צוויי טעג איידער די דייטשן זיינען אַריין אין סוועטסיאַן.

אין דער צייט ווען אַרמייען האָבן זיך מיט זייער מאָדערנסטן געווער איבער־געגעבן אין די הענט פון די דייטשן, האָבן די יונגע יינגלעך געחלומט אַרויס־צוטרעטן קעגן זיי אין קאַמף — קינדערשע פאַנטאַזיע.

## די דייטשע אַרמיי פאָרט אַדורך סווענציאַן

פאַרנאַכט. אויבן אין הימל פליען ריזן־גרויסע, שוואַרצע רוסישע טראַנס־פּאָרטיר־אַעראָפּלאַנען. זיי וואַרפן אויף פּאַראַשוטן פעסלעך מיט ברען־שטאָף פאַר די הונדערטער רוסישע מאַשינען, וועלכע זיינען געבליבן אָן בענזין.

אונטן אויף דער ערד, איבער די ברוקירטע סווענציאַנער גאַסן, טראָגן זיך מיט געראַש פון קייטן־בראַזגעריי לייכטע דייטשע פאַנצער־מאַשינען, מיט שוואַרץ־באַמאָלטע קרייצן אויפן טונקל־גראָען שטאָל — דאָס איז דער דייטשער פאָרפּאָסטן. מיט חוצפּה קלעטערן זיי אויפן פּאָשמענער באַרג. אין דער הויך, צו כאַפּן די רוסישע אַעראָפּלאַנען. פון שפּיץ־באַרג עפענען זיי אַ פייער פון שווערע קוילן־וואַרפערס און אַרטילעריע אויף די אומגעלומפּערט, קוים באַ־וועגלעכע טראַנספּאָרטיר־אַעראָפּלאַנען, וועלכע אַנטלויפן נידעריק צום האָריי־זאָנט און פאַרשווינדן פון אויג. ווי קאַפּיטולירטע הענגען אין דער לופטן אויף די אומגעהויער גרויסע ווייסע פּאַראַשוטן, די פעסער מיט בענזין, וועלכע לאָזן זיך לאַנגזאַם אַראָפּ צו דער ערד.

אַנטלאָפן זיינען די אַעראָפּלאַנען, פאַרשווונדן די ראַזוויעדקע, אין די לעצטע ליכטער פון אָוונט צאַנקט דער טאָג, איבערלאָזנדיק דאָס שטעטל פאַר דער נאַכט...

פריער ווי שטענדיק פאַרלעשט מען דאָס ליכט אין די הייזער. מען גייט אין די בעטן, נאָר שלאָפן שלאָפט זיך ניט.

אויף צו מאָרגנס גלייך אין דער פרי איז אַריין די דייטשע אַרמיי. פלאַ־טשיק־נידעריק, מיט דראָענדיק־שאַרפע פּירקאַנטיקע פּאַרמען טראָגן זיך לייכט און שנעל זייערע טאַנקן און פאַנצער־אויטאָס. אויסגעסטראָיעט ווי אויף אַ פּאַראַד זיצן אין די אויטאָס מונטער־שיינענדיק יונגע דייטשע סאָלדאַטן. זייערע זאָרגלאָזע פּנימער זיינען גלאַט־ראַזירט, רויט־אָפּגעפּרעסן און גלאַנצן ווי אָנגעשמירטע מיט קרעם. ווען ניט די ביקסן און מונדירן, וואָלטן זיי גע־מאַכט דעם איינדרוק פון עקסקורסאַנטן, וועלכע פאָרן אויף אַן אויספלוג.

אונטערטאַנצנדיק יאָגן זיך צווישן די מאַשינען סאָלדאַטן אויף פייערדיקע מאָטאָציקלען. אין זייער אימפעט רייסן זיי מיט די מאַשינען און ס׳דאַכט זיך, אַז אַלץ פליט און שווינדלט פאַר די אויגן. עס לויפט זיי נאָך דער ברוק מיט די הייזער, גאָר ניטאָ אַזאַ כוח, וואָס זאָל אומשטאַנד זיין איינצוהאַלטן זייער שטורמישן געיעג.

פלוצלונג איז געפאַלן אַ שאָס. ווי פון אונטער דער ערד, פון אַן אַנדער זייט גאָר, איז אויסגעוואַקסן אַ דייטשער סאָלדאַט. ער לויפט און פאַלט אַנידער האַרט ביי די פליענדיקע אויטאָס. ניט ווייט פון אים ליגט אַן איבערגעקערטער דריי־רעדלדיקער מאָטאָציקל. עס גרילצן טאָרמאָזן. שיער פאָרן אויטאָס ניט אַרויף איינער אויפן צווייטן.

— האַלט! האַלט! — שרייט דער סאָלדאַט, אָפּגייענדיק אויף דער ערד אין אַ קאַלוזשע בלוט.

סאָלדאַטן מיט ביקסן, אַווטאָמאַטן און לייכטן מאַשין־געווער פליען אין דער לופטן פון די אויטאָס. זייער דעציזיע איז אַ בליץ־שנעלע.

ביי אַ געשעפט, אין אַ ווינקל פון ראָג, שטייט עמך פון פאַרטאָג אָן אין אַ לאַנגער ריי און וואַרט אויפן פּאַיאָק, וועלכן מען האָט צוגעזאָגט צו פאַרטיילן. די דייטשן ליגן שוין אויסגעצויגן אויף דער ערד מיט די הענט אויף די צינגלעך פון מאַשין־געווער. די ריי איז אַ לאַנגע און זיין דרייען מיט די לופעס.

אין בהלה און געשריי צעלויפן זיך די מענטשן. אַ טייל ברעכט די פענצטער פון געשעפט און שפרינגט אינעווייניק דורכן צעבראָכענעם גלאָז.

— האַלט! האַלט! — קוויטשעט דער פאַרווונדעטער דייטשער סאָלדאַט, לעבן וועלכן עס שטייען שוין סאַניטאַרן מיט טראָג־בעטלעך. — רוס! רוס!

ערשט יעצט פאַרשטייען די יעקעס, אַז רוסישע סאָלדאַטן האָבן אויף אים געשאָסן. כאַפּן זיי דאָס געווער, וואָס איז אָקאָרשט געווען אַנגעשטעלט קעגן דער ריי, און לאָזן זיך לויפן אין דער אַלגעמיינער בהלה אַראָפּצו, מיט ניי־סווענציאַנער גאַס, שיסן אין דער לופטן און שרייען:

— האַלט!

נאָר יאָג דעם ווינט אין פעלד. צוויי רוסישע סאָלדאַטן האָבן אויפן וועג פאַרכאַפּט דעם דייטש מיטן מאָטאָציקל און געהייסן זיך פירן „נאַ וואָסטאָק״. אַריינפאָרנדיק אין סווענציאַן, אין צענטער שטאָט, האָבן זיי דערזען די פאַרב־דיקע קאָלאָנעס מיט דייטשע מאַשינען. זיינען זיי באַצייטנס אַראָפּגעשפרונגען פון פאָרנדיקן מאָטאָציקל, נאָך באַוויזן דעם יעקע מכבד צו זיין מיט אַ קויל און זיך געלאָזט אַנטלויפן.

צעררייצטע און פאַרסאַפּעטע האָבן זיך די דייטשע נאָכפאָלגער אומגעקערט מיט ליידיקע הענט צוריק.

לעבן געשעפט, ווו ס׳איז פריער געשטאַנען די ריי, איז שוין לאַנג קיינער

ניטאָ. אַלע זיינען זיך צעלאָפן. געבליבן זיינען דאָרט נאָר פאַראייניזאַמט דריי רוסישע סאָלדאַטן. מיט אַלעמען זיינען זיי געשטאַנען אין דער ריי צו קריגן ברויט. ווען אַלע זיינען זיך צעלאָפן זיינען זיי געבליבן — ווו זאָלן זיי לויפן? זייער געווער האָבן זיי שוין לאַנג אַוועקגעוואָרפן. שטייען זיי און וואַרטן אויף דער דייטשער באַרמהאַרציקייט מען זאָל זיי נעמען אין פלען.

אָט האָבן דאָס די פאַרסאָפּעטע דייטשן, אומגעקערטע מיט ליידיקע הענט, זיי אַ נעם געטאָן, אַוועקגעשטעלט אויפן גאַניק פון געשעפט און טראַך־טאַראַ־ראַך...

איבערן טראָטואַר ריגען ריטשקעלעך בלוט צום רינשטאָק, אַזוי ווי דאָס וואַסער מיט וועלכן מען וואַשט די דילן אין די געשעפטן.

בייזע שפּרינגען צוריק די סאָלדאַטן אויף די מאַשינען. עס צערווישן זיך די מאָטאָרן און מיט גערודער טראָגן זיך שוין די אויטאָס פון וועלכע עס שרייען אַראָפּ די אויפשריפטן: „די רעדער ראָלן צום זיג״, וויטער, קיין מזרח, קיין מאָסקווע.

צו מיטאָג־צייט האָבן זיך באַוויזן אין די גאַסן דייטשע זשאַנדאַרמען, צוזאַמען מיט טונקל־פאַרדעכטיקע ציווילע פאַרשוינען מיט ווייסע אַרעמבענדער אויף די אַרבל. דאָס זענען פאַטריאָטן וואָס קעמפן פאַר ליטעס פרייהייט, וועלכע האָבן גלייך פון ערשטן טאָג איבערגענומען זייער מיסיע.

אויף די וועגן האָבן געבלאָנדזשעט הונדערטער יונגע יידישע בחורים און מיידלעך — ביעזשענצעס, אַנטלאָפענע פון טיף ליטע און אַנדערע קאַנטן. אין די צענדליקער האָבן די ליטווינער זיי געכאַפּט אויף די וועגן.

לעבן יאַנקל קראַמניקס שטוב שטייט אַ ליטווינער און לעבן אים אַ יידישער בחור — אַ ביעזשעניעץ. דער ליטווינער שרייט, ער בעט אַ לאָפּעטע.

מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ נעמט צו דער בחור פון יאַנקלס הענט די לאָפּעטע.

— דאָס איז פאַר מיר! — רופט ער אויס מיט אַ ציטערנדיקער שטים — אַ גרוב צו גראָבן. ער פירט מיך שיסן — און מיט אַ שטילער שטים גיט ער צו זיין נאָמען און די שטאָט ווו ער איז געבוירן. נאָך דעם דרייט ער זיך אויס און גייט מיט דער לאָפּעטע אין האַנט, און הינטער אים דער ליטווישער פּאָליציאַנט מיט אַן אויסגעשטרעקטן ביקס.

אַ גרויל איז אַריבער איבער דער סוועַנציאַנער קהילה. ביי אַ מוראדיקן שונא איז מען געפאַנגען אין דער נעץ. אַלע נבואות פון די שוואַרצזאָגער ווערן מקוים.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן די ליטווינער באַוויזן, אַז זיי מיינען ניט נאָר די ביעזשענצעס — מען כאַפּט יידן אויף דער אַרבעט, און נאָך דער אַרבעט פירט מען זיי שיסן. איין גזירה יאָגט איבער די צווייטע. די שטעטל ציטערט און איז

באַטויִבט פון די אומאויפהערלעכע קלעפּ. מען ווייס ניט אויף וואָסער וועלט מען איז.

אָפּגענומענע פון אַלע רעכט, אַרויסגעשטעלטע פון געזעץ, האָט מען געלעבט אין מורא. און קיין יידן־פיינט האָבן צווישן דער באַפעלקערונג ניט געפעלט, ניט צווישן די אוקראַינער, וועלכע האָבן זיך איבערגעגעבן דעם דייטש, ניט צווישן די פּאָליאַקן, און אַוודאי ניט צווישן די ליטווינער. ווי ווילדע ברואים, פריי פון יעדן צאַם, טראָגן זיי זיך איבער די גאַסן, יאָגן יידן איינגעשפּאַנטע אין וועגענער, אַנשטאָט פערד, שערן בערד, טרינקען, זויפן, ראַבעווען און שיסן. ניטאָ אַ טאָג אָן אַ קרבן.

אַווראָם, שיקעס טאַטע, איז אין גאַנצן צעטומלט, — ער גייט אַרום אַ דערשיטערטער. נאָך אין ערשטן טאָג, ווען די דייטשן זיינען אַריין און אויס־געפירט דעם מאָרד איבער די דריי אומבאַוואָפנטע רוסישע סאָלדאַטן, האָט ער געכאַפּט זיינע צוויי קליינע קינדער, דעם ניין־יאָריקן צווילינג, לייזער־הירשקען מיט מיישע־מאָטקען און זיי אַוועקגעפירט צום מאָרד־פּלאַץ.

— קוקט, קינדער, קוקט! קוקט און געדענקט! — האָט ער געטייטלט מיט די פינגער אויף די דריי געשאָסענע.

פאַרשטייפט און אין באַזונדערע פּאָזעס, זיינען געלעגן די יונגע אַכצן־יאָריקע רויט־אַרמייער. ווי גרויס וואָלט געווען דער געשריי פון די מאַמעס, ווען זיי וואָלטן געקאָנט אָנקוקן זייער בראָך. זיי ווייסן דאָס אָבער ניט, זיי וועלן זיך דאָס קיין מאָל ניט דערוויסן. אָט שטעקט ביי איינעם פון קעשענע אַרויס אַ קאָמסאָמאָלסקער בילעט. אַווראָם וואָלט אים גענומען, נאָר צו פיל אויגן קוקן אַרום.

די קינדער שטייען בלאַסע, צעטומלטע און טרייסלען זיך פון שרעק. זיי פאַרשטייען ניט וואָס דער טאַטע וויל פון זיי, און בעטן זיך ציטערנדיקע אַהיים.

אַ דערשלאָגענער לויפט אַרום אַווראָם אין שטוב. ווען אַלע זיינען זיך צעלאָפן האָט ער זיך באַהאַלטן ביי אהרן ציגנמאַן אויפן הויף און געזען ווי די דייטשע סאָלדאַטן האָבן געשאָסן די דריי רוסן.

— אַזאַ פאַרברעכן, אַזאַ מאָרד! קעגן יעטווידער מענטשלעכקייט, קעגן יעטווידער געזעץ, קעגן זשענעווער אָפּמאַך! עק וועלט! עק וועלט! — האָט ער ניט אויפגעהערט צו שרייען, זיך האַלטנדיק פאַרן קאָפּ.

קיין צרות, נעבעך, האָט אים אַליין אין שטוב אויך ניט געפעלט. די ווייב איז אים פאַרן אויסברוך פון קריג אַוועקגעפאָרן צום ברודער אין ווילנע און אים איבערגעלאָזט מיט די זיבן קינדערלעך אַליין. ס'איז שוין באַלד צוויי וואָכן, ווי ס'איז אויסגעבראָכן די קריג, און זי האָט זיך נאָך אַלץ ניט אומגעקערט, און ווער ווייס, וואָס מיט איר איז געשען?

אין אַ פּאָר טעג אַרום, אַ הונגעריקע און אָפּגעריסענע, אַ באָרוועסע, איז ברײַנע צוריקגעקומען. דער עטוואָס פּאַריסענער נעזל אירער האָט פאַרבאַהאַלטן איר ייִדישקייט. זי זאָל זיך קענען בשלום אומקערן צו אירע קינדער אַהיים.

די קינדער טאַנצן אַרום דער מאַמען און וויינען פאַר פרייד.

— ברײַנע איז געקומען! — פרייען זיך די שכנים און לויפן איר אַנטקעגן. און אַווראָם ווי אַווראָם:

— ברײַנקע, וואָס הערט זיך אין ווילנע?

מיט רחמנות הויבט זי אויף אירע גרויסע, גרין־גרויע אויגן אויפן מאַן, און גיט מעכאַניש, אומהיימלעך, צו:

— ווילנער ייִדן פּירט מען אַרויס און מען ווייס ניט וווּ!

ווילנער ייִדן פּירט מען אַרויס! — טראָגט זיך איבער דער שטאָט אַ שרעקלעכע ידיעה — און וואָס וועט זײַן מיט אונדז?

## אַווראָם קריגט אַ ראַדיאָ

אַ גאַנצן לעבן פון איין טאָג צום צווייטן, פון איין שעה ביז דער צווייטער, האָט אַווראָם געלעבט מיט נײַס. יעצט טאַפּט ער אין דער פינצטער אַ וואַנט. אַלע ראַדיאָס האָבן די דײַטשן באַפוילן אָוועקצוגעבן; קיין צייטונגען זײַנען ניטאָ — אויס וועלט.

ביי אים, ביי אַווראָמען, דעם אַלטן בונטאַר, האָבן זיך צעקאָכט די בלוטן. חברה ליצים דערציילן, אַז נאָך אין פינפטן יאָר האָט ער אַנטייל גענומען אין דער רעוואָלוציע. געגאַנגען אין די גאַסן און געשריען: „זאָל לעבן די רעוואָ־לוציע און דאַלאָי ניקאָלייקע!" און אַז אַ גאָראָדאָוואָי פלעגט זיך אומקערן, ווען דעם וועלט־פּאַרזאָרגער, פלעגט ער זיך באַהאַלטן הינטער אַ גאַניק, אַרויס־שטעלנדיק דעם גאָראָדאָוואָי אַ פײַג. נאָך היינט, דערציילט מען, ליגט ביי אים פון יענע צייטן אויפן בוידעם אַ לעדערנע נאַגײַקע מיט בלײַענע עקן.

אין איינעם אַ טאָג האָט ער צוגערופן שיקען צו זיך און אים איינגערוימט אַ סוד: ביי אַלטערקע דעם געלן, דעם קבוצניק, וואָס שטאַמט פון מיר, ליגט באַהאַלטן אַ ראַדיאָ. מען דאַרף אים גיין און ברענגען, איינאינסטאַלירן און הערן נײַס.

— וואָספאַראַ נוצן קען מען פון דעם האָבן אין אַזאַ צייט? — וווּנדערט זיך שיקע. — פּאָליציי, דײַטשן און קאָנפידענטן דרייען זיך אַרום אין די גאַסן, גרייט צו כאַפּן ייִדן, און ער וועט זיך טראָגן אין גאַס מיט אַ ראַדיאָ? ס'איז דען

אַ שפּילקע, וואָס מען קען באַהאַלטן אין קעשענע? און חוץ דעם באַפּאַלן דייטשן מיט ליטווינער יידישע שטיבער, קערן אַלץ איבער, זוכן, נישטערן גזלנען און ראַבעווען.

נאָר אַווראָם איז איינגעשפּאַרט, ער גיט נישט נאָך.

— בלאָטע, גאַרנישט, — זאָגט ער — איז אַ מענטש, ווען ער ווייס נישט אויף וועלכער וועלט ער איז.

שיקע לאָזט זיך איינריידן. ער שפּרינגט פון הויף צו הויף, פון שטוב צו שטוב, מיט אַ גרויסן זאַק אויף די פּלייצעס. אָט איז ער שוין אין געסל. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם איז ער אַריינגעלאָפן אין שטוב, אָבער דאָ האָט אים דער־וואַרט דער אמתער קבלת־פּנים.

ווען ברײַנע, זיין מאַמע, האָט דערזען די גלאַנציקע פּאַליטור פון ראַדיאָ, האָבן זיך איר פאַרזשמורעט די אויגן, נאָך דעם זיינען זיי געוואָרן אין צוויי מאָל גרעסער ווי געוויינלעך, דאָס גאַנצע בלוט האָט איר אַ שלאָג געטאָן אין פּנים, און נאָך דעם איז איר דאָס בלוט אַנטלאָפן, זי איז געוואָרן ווייס, מיטן שפּיץ נאָז אין איינעם.

— אַווראָם, וואָס איז דאָס? — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט די פּאָר ווערטער, אָוועקגעפאַלן און געחלשט.

אין שטוב איז געוואָרן אַ יללה פון די קינדער. אין פאַרלעגנהייט, ניט ווייסנדיק וואָס צו טאָן, האָט אַווראָם אַ כאַפּ געטאָן דעם עמער וואַסער, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל ביי דער טיר, געהייסן שיקען אַרויסטראָגן דעם ראַדיאָ אויפן בוידעם, און נאָך דעם, אַ פלויך געבנדיק ברײַנען מיטן וואַסער, אויס־געשריִען:

— ברײַנקע, שטיי אויף! שוין ניטאָ דער ראַדיאָ!

מײַשקע, וואָס האָט געוווינט אין שכנות, אונטער איין דאַך מיט שיקען, האָט געהאָלפן אייננאַינסטאַלירן דעם ראַדיאָ, צוציען און פאַרמאַסקירן די עלעקטרישע דראָטן, און צוזאַמען מיט אים טאָג־טעגלעך הערן די נייַס.

ניטאָ בעסער ווי ליגן איינגעוויקלט אונטער דריי קאָלדרעס און אַן אויס־געוווייקטער פון דער היץ הערן ראַדיאָ. די טענער צעגייען זיך, ווי זיסער האָניק איבער אַלע אברים און דערצו נאָך, אַז עס רעדט לעוויטאַן, ווען ס'הילכט זיין דונערדיקע שטים.

כאָטש די רוסן טרעטן אָפּ, ווערט דער דייטשער פאַרויסמאַרש שוין צו ביסלעך איינגעהאַלטן. אין אייניקע ערטער קומט שוין צו העפטיקע צוזאַמענ־שטויסן. ניט אומעטום לויפן שוין די דייטשן פאָרויס — זיי דאַרפן זיך דורכ־רייסן, אַרומגיין. דער ראַדיאָ רופט צו אויסדויער און ווידערשטאַנד, רופט צו אַנטלויפן אין די וועלדער און אָרגאַניזירן אַ פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג.

אַווראַם האָט אָפּגעלעבט, — ער איז צוריק געוואָרן אַ מענטש, ער האָט אַפילו נישט קיין מורא אַרויסצוגיין אין גאַס.

ער לויפט צו פּרץ האַכמאַן, וועלכער האָט אויך אַ געהיימען ראַדיאָ־אַפּאַראַט און קאָמענטירט מיט אים די נייס. וואָס זאָגט מאָסקווע און וואָס זאָגט לאָנדאָן? אָט האָבן זיי גאָר אויפגעכאַפּט אַ געהיימע פּוילישע ראַדיאָ־סטאַציע „סוויט".

אויף דער וועלט האָט זיך עטוואָס אַ רודל געטאָן קעגן היטלער־דייטשלאַנד. טאַקע צו שפּעט, גאָר שפּעט, אויפן חשבון פון הונדערטער טויזנטער קרבנות, אָבער דאָך האָט זיך אַ רודל געטאָן — דיסקוטירט פּרץ מיט אַווראַמען.

הערן ראַדיאָ צו אַווראַמען אויפן בוידעם גייט כמעט שטענדיק שיקע מיט מיישקען, נאָר זיי ביידע וויסן פון דעם סוד. און אַז עס איז ניטאָ קיין נייס, דרייען זיי דעם ראַדיאָ אַזוי — סתם אין דער וועלט אַריין, אפשר וועלן זיי אָנטרעפן אויף משיחן.

איין מאָל האָבן זיי אויפגעכאַפּט העברעיש פון ירושלים, וואָס זאָגן די יידן אין ארץ־ישראל, האַ? זיינען זיי דאָך אָבער עם־הארצים און פאַרשטייען ניט אַ וואָרט. האָבן זיי באַשלאָסן צו רופן יודקע שאַפּיראָ.

יודקע שאַפּיראָ איז געווען אַ יונגער מדריך אין החלוץ־הצעיר. זיין גאַנצן יוגנט האָט ער געהאָרעוועט ביים אויסאַרבעטן וואַליקעס פאַר די קאַלטע לענ־דער — זיין טרוים אָבער, זיין חלום — איז געווען ירושלים, ארץ־ישראל — דאָס לאַנד פון ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.

יודקע שטייט און קוקט אָן די צוויי יידישע בחורים. לאָכן זיי פון אים ניט אָפּ, ווי זיי פלעגן אָפּלאַכן פון זיינע אידעאַלן? זיי, די יידישיסטן אינטערעסירט ירושלים? און יעצט אַ ראַדיאָ? נאָר זייערע פּנימער, זעט ער, זיינען ערנסט, ווי זיי וואָלטן גאָר בעטן מחילה. אַ פרייד־געפיל האָט אים אַרומגענומען, פּונקט ווי ער וואָלט פאַר זיך דערזען צוויי יידישע בעל־תשובות, און ווי אַ זוכנדיקע נשמה, וואָס האָט ענדלעך געפונען איר תיקון, האָט ער אַ באַשטראַלטער, אַ שיינענדיקער, זיך געלאָזט לויפן צו אַווראַמען אויפן בוידעם, צו זיין ירושלים.

שיקע מיט מיישקען ליגן אויסגעצויגן ביים ראַדיאָ, אַנטקעגן יודקען, און קוקן אים גלייך אין פּנים אַריין. זיי זיינען אים מקנא. כאָטש זיי פאַרשטייען נישט די שפּראַך, קלינגט פאַר זיי די שטים פון יידישן דיקטאָר, ווי זיסע, צאַרטע רייד פון אַ מאַמען. עס דאַכט זיך זיי, ווי ער, יודקע, וואָלט געשטאַנען פאַר די שערי גן־העדן, זיין וואַרטן צו זען אויף זיין געזיכט אָן אויסדרוק פון פרייד, פון גליק, — נאָר זיין פּנים איז ערנסט, חושך.

נאָך דעם ווי ער האָט איבערגעגעבן דעם קאָמוניקאַט אויף עברית, האָט ער וואָרט אין וואָרט געשטימט מיטן לאָנדאָנער ראַדיאָ. חוץ דאָס וואָרט ירושלים, חוץ דער יידישער שטים און דער הייליקער יידישער שפּראַך, — קיין שום ווענדונג צום יידישן פאָלק, צו זיינע טייערע זין.

גערטע און וואַלד

נאָך עטלעכע מאָל הערן ירושלים איז יודקע אַראָפּגעקראָכן פון אַוראָמס בוידעם אַ צעבראָכענער, אַן אַנטוישטער.

## די אַקציע פון די הונדערט

פון די געשרייען, וואָס זיינען אַריינגעדרונגען אין שטוב, האָט שיקע פאַרשטאַנען, אַז אין דרויסן איז עפּעס ניט גלאַט. צוזאַמען מיטן טאַטן איז ער צוגעלאָפן צום פענצטער און דערזען דבורל אַזשינסקי לויפן אַ באָרוועסע אין איין נאַכט־העמד, איבער די גלייך באַאַרבעטע בייטן פון איר גאָרטן, איבער די גרינע אוגערקעלעך און הויכע באַטשווינע־בלעטער, שרייענדיק מיט ניט קיין באַנומענע קולות:

— ראַטעוועט מיין מאַן!

דבורל האָט חתונה געהאַט אַן אַלטע מויד, און דערפאַר האָט זי אָפּגעהיט איר שפּעטן גליק, ווי אַן אויג אין קאָפּ. זעענדיק, אַז מען וויל צונעמען פון איר דעם מאַן, האָט זי איבערגעלאָזט דאָס פּיצל קינד אין בעט און זיך געלאָזט נאָכלויפן נאָך אים, מיט אַזעלכע גרויליקע געוואַלדן.

ווען די ליטווישע פּאָליציי האָט אַרויסגענומען איר מאַן פון בעט, געהייסן זיך אָנטאָן, מיטנעמען אַ האַנטעך מיט זייף, — אויף אַרבעט, האָבן זיי געזאָגט, נעמט מען אים, — האָט ער זיי ניט געגלויבט, זיך געפּרווט ווערן, אַנטלויפן. נאָר אין גאָרטן האָבן זיי אים דעריאָגט. ווי וואַלד־באַנדיטן זיינען זיי אים באַפאַלן, האַקנדיק מיט די קאָלבעס פון די ביקסן איבער זיינע פּלייצעס, איבערן קאָפּ, איבער גאַנצן גוף. אַרויסגעשלעפּט פון גאָרטן האָבן זיי אים אַ בלאַסן, אַ פאַרלאָרענעם, אַן איינגעבויגענעם און איינגעדרייטן, אין די אונטערוועש — אַוועקשליידערנדיק דבורלען, וועלכע האָט זיי געפּרווט פאַרשטעלן דעם וועג, אויף דער ערד.

נאָך דעם האָט שיקע געזען אַמילקען, זלמן גורוויטשעס דינסט, ווי זי איז אַרויס צום טויער פון זייער הויף, אין איר לאַנגער שוואַרצער קלייד מיטן גרויסן זילבערנעם צלם אויף דער ברוסט, און פאַרשטעלנדיק פאַר די פּאָליציאַנטן דעם וועג, האָט זי אויסגערופן:

— דאָ וווינען ניט קיין יידן.

און די שוואַרצע טייוולאָנים (די מונדירן פון דער ליטווישער פּאָליציי זיינען געווען פון שוואַרצן שטאָף), אָנקוקנדיק איר גרויסן זילבערנעם ציילעם, האָבן זיך אויסגעדרייט און זיינען אַוועק.

— מיר זיינען געראַטעוועט! — האָט ער דערהערט, אויסרופנדיק, דעם טאַטנס שטים הינטער זיך.

צוזאַמען מיט נאָך הונדערט מענער, וועלכע די ליטווינער האָבן צונויפ־גענומען אין יענעם פאַרטאָג, האָט מען דבורלס מאַן אַוועקגעפירט אויף פּאָליגאָן.

אויף דריי לאַסט־מאַשינען האָט מען זיי אַוועקגעפירט, צוזאַמענגעקוועטשטע, צונויפגעדריקטע, ווי די הערינג.

אַט פונקט ווי אויף די פריזיערס וואָלט געפאַלן די גרעסטע קללה — אַט זיצט אין עק, ביים באָרט, שמואל מוראַשקין דעם פריזיערס זון, זעליק, אַ ביסל ווייטער, אין מיטן, זיצט בערע־לייבקע גרינפעלד דער פריזיער, דער גרעסטן לץ אין שטעטל. ער זיצט און פינטלט מיט די אויגן, און ווייס ניט, צי איז עס אַ געלעכטער, אָדער סתם אַ וויץ. ער באַטראַכט אָבער די אַרומיקע און טרערן שטעלן זיך אים אין די אויגן. און גאָר אויבן, אין דער מיט, שטייט און מאַכט מיט די הענט צו די יידן, וועלכע זיינען אַרויסגעלאָפן אין גאַס באַ־גלייטן די אַרויסגעפירטע, יאַנקעלע פּאַשומענסקי (אויך אַ פריזיער), מיט זיין העלן געקרייזלטן קאָפּ האָר.

אָפּגעהאַקטע קולות טראָגן זיך איבערן גאַס. מענטשן שטייען און ציטערן, און דבורל לויפט נאָך די מאַשינען, זי פאַלט צום ברוק און רייסט די שטיינער, און אַרום שניידט די לופט איר יאָמערדיקער געוויין.

— גיט מיר אָפּ מיין מאַן?!

לאַנג האָט דבורל ניט געדאַרפט וואַרטן. אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום האָבן איר די ליטווינער, צוזאַמען מיט איר יאָריק מיידעלע אַוועקגעפירט צום מאַן — אויף יענער וועלט — צוזאַמען מיט אַלע סווענציאַנער יידן.

## די שרעקלעכע בשורה און דער פּלאַן פון ווידערשטאַנד

אַ צעבראָכענער איז משה חייקל גאָרדאָנס געלאָפן צו דער שניידערשער קלויז. פאַר די יידן, וואָס זיינען געזעסן אין קלויז, אויף די האַרטע בענק, איינ־געוויקלטע אין די טליתים, האָט ער אויסגעזען ווי אַ שטרענגער נביא, וואָס איז געקומען זיי אָנזאָגן די שטראָף, וואָס זיי דאַרפן באַצאָלן פאַר זייערע זינד.

— גאַנץ סווענציאַן מיט דער סביבה, האָט מיר געזאָגט דער ליטווישער אָפיצער, מענער און פרויען, יונגע און זקנים, פירט מען אַרויס. אַלעמען. קיינעם לאָזט מען ניט איבער, קיין זכר וועט ניט בלייבן! און ווּהין? פּאָליגאָן, האָט ער

געזאָגט. און וואָס איז פּאַליגאַן? קיינער ווייס ניט. יידן, ס׳האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ שרעקלעכע גזירה אויף אונדזערע קעפּ. ראַטעוועט זיך! אַנטלויפט!

פאַרשטיינערטע זיצן די יידן אויף די האַרטע בענק, איינגעוויקלטע אין די טליתים, און מיט אַ „שמע ישראל ה׳ אלהינו ה׳ אחד״, קוקן זיי אַרויף צו משהן, וואָס שטייט מיט צענומענע הענט ביים אָרון־קודש און זעען די עשרת־הדברות און דעם „כי ה׳ אנוכי״, און אַ מוראדיקע שרעק איז זיי באַפאַלן. „ראַטעוועט זיך! אַנטלויפט!״ — קלינגט ביי זיי אין די אויערן משהס געשריי. אין די נאָענטע שטעטלעך פון ווייסרוסלאַנד, דערציילן גויים, איז שטיל, דאָרטן רודפט מען ניט קיין יידן.

איינציקווייז און אין קליינע גרופּן, אין מיטן דער נאַכט, איז אַ קליינע טייל אַוועק. אין דער פינצטער, אין דער חושך, מיטן בינטל שמאַטעס אויף די צע־בראָכענע גלידער, פון שרעקלעכן שטורעם, וואָס האָט געבושעוועט און זיך געטראָגן איבער ליטע, פון פייער און וואַסער.

אַוראַם האָט פון אַנטלויפן ניט געהאַלטן. פאַר אים איז ווייַרוסלאַנד ניט בעסער ווי ליטע:

— דאָס זיינען אַלץ אָקופּירטע טעריטאָריעס, — האָט ער געטענהט — און די דייטשן דאָרטן זיינען ניט בעסער ווי די דאָ.

אַ העלפט פון די אַנטלאָפענע זיינען אומגעקומען אויף די וועגן און די איבעריקע נאָך דעם, אין די שפּעטערדיקע רדיפות קעגן ווייסרוסישן יידנטום. בלויז געציילטע האָט דער בלינדער גורל פאַרמיטן.

*

שיקע שטייט אין טונקעלן שטעלכל און לייגט אין אַ גרוב פאַרפּאַקטע פּעקלעך מיט פאַרגעלבטע פּאַפּירן, אַלטע מטבעות, אַנטיקן, וואָס דער טאַטע האָט אים געהייסן באַגראָבן. דאָס איז אַוראַמס אוצר. אַ גאַנצן לעבן האָט ער אויף דעם געהאָרעוועט. אַ מוזיי האָט עס געוואָלט ביי אים אָפּקויפן, פיין באַ־צאָלן, נאָר ער האָט אַפילו פון דעם הערן ניט געוואָלט. יעצט באַגראָבט ער עס, מיט דער האָפענונג אויסצוהיטן פון די באַרבאַרישע הענט.

— מיר מוזן שטעלן אַ ווידערשטאַנד, מיר טאָרן זיך אַזוי ניט אונטערגעבן!

— האָט אויסגערופן מיישקע, קוקנדיק ווי שיקע פאַרגלייכט דעם באָדן מיט די פיס. אָפּווישנדיק די הענט פון דער פייכטער שוואַרצער ערד. — איך האָב געאַרבעט אין אָכראַנקע, דאָרט איז דאָ אַ סך געווער, די דייטשן האָבן עס צונויפגעזאַמלט אויף די פעלדער פון די באַזיגטע רוסישע אַרמייען. מען דאַרף איבערפאַלן דעם לאַגער, צונעמען דאָס געווער, פאַרניכטן די דייטשע אָמטן מיט דער ליטווישער פּאָליציי, אונטערציַנדן די שטאָט און אַנטלויפן אין די וועלדער.

מיישקע גורוויטש, העשל דעם קצב׳ס זון, איז הויך און פעסט געבויט. מיט זיינע צוויי לאַנגע פיס וואָלט ער, דאַכט זיך, געקאָנט איינעמען אַ וועלט, — נאָר גיין באַפאַלן די אַכראַנקע וויל ער ניט.

— ווי קען מען מיט ליידיקע הענט באַפאַלן אַ לאַגער וועלכן מען היט? — האָט ער געפרעגט.

מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ און צוויי געביילטע פויסטן אויפן טיש, באַוווּנדערט פרץ האַכמאַן די דרייסטקייט פון די צוויי יאַטן, אויסהערנדיק זייער געוואַגטן פּלאַן. ער זעט זיין ווייב זיך פאַרען אין קיך, ער הערט די קינ־דערשע קעלכלעך קלינגען איבערן שטוב. אָט זיצט פרומעלע, וואָס קען ניט גיין צו אירע חברטעס זיך שפּילן — צו איר קינדערשן שכל דערגייט ניט דעם טאַטנס ויכוח מיט די צוויי יונגע יינגלעך — פאַר די קליינוואַרג אין שטוב איז זי צו גרויס — זיצט זי אַליין, שאַ, שטיל מיט אַן אומעטיקן בליק, אַריינגעלייגט אַ האַנט אין אַ האַנט, ווי אַן אַלטע באַבעלע, און שווייגט.

זיין עלטערער זון שליימקע זיצט מיט זיי צוזאַמען ביים טיש. ער האָלט אויסגעצויגן דעם האַלדז און ס׳דאַכט זיך, אַז ער איז גרייט צו גיין שוין אויס־פירן די אַקציע, וועלכע די יינגלעך לייגן פאָר. נאָר פרץ איז איינגעהאַלטן.

— דער פּלאַן איז צו ריזיקאַליש — האָט ער אויסגערופן.

— פינף הונדערט מוטיקע יאַטן, — — סטאַרעט זיך שיקע אים צו איבער־צייגן — קענען די אַקציע דורכפירן לייכט. ביינאַכט, אין דער פינצטער, וועלן מיר זיך גיכער אַן עצה געבן, ווי די דייטשן פאַר ליכטיק. און אַן ריזיקע? ווו האָט איר געזען אַזעלכע זאַכן?

— ניט דאָס מיין איך, — זאָגט פרץ — די אַקציע האַלט איך גראָד פאַר אַ געלונגענע. איך מיין אָבער עפּעס אַנדערש. צי מעגן מיר ריזיקירן מיט די אומשולדיקע קינדערלעך אונדזערע? ווי לאָזט מען זיי דאָס איבער אויף גאָטס באַראָט? צי וועלן די דייטשן און ליטווינער ניט בלוטיק זיך נוקם זיין אין זיי?

— זיי דאַרפן אַנטלויפן מיט אונדז אין די וועלדער! — האָט שיקע ניט נאָכגעגעבן.

— וואָס רעדסטו? מען וועט דאָך אַלעמען אויסכאַפּן.

— און צו וואָס מיינט איר פירט מען אין פּאַליגאָן אַלטע לייט, פרויען, קינדער. אויף אַרבעט? מען וועט דאָרט סיי ווי אַלעמען אומברענגען.

— איר זייט צו היציק און טרייבט איבער. ס׳איז אַן אוממעגלעכע זאַך. אדרבא, לאָמיר גיין צו הענעך סאָרסקי, לאָמיר הערן וואָס ער זאָגט.

ווי אַ מענטש, וואָס זעט קלאָר פאַר זיך דעם תהום, פאַר וועלכן מען שטייט, האָט הענעך מיט ווייטיק אָפּגעשפּאָט פון געדאַנק, אָנקוקנדיק די צוויי יונגע יינגלעך, וואָס ווילן איבערמאַכן אַ וועלט, וועלכע איז אַזוי קליין און נישטיק

געוואָרן אין זיינע אויגן, און אין וועלכער ער האָט אין גאַנצן פאַרלאָרן דעם גלויבן:

— און אַז איר וועט שוין פאַרניכטן סוועגציאַן, וועט איר דען מיט דעם וואָס ענדערן? יאָ, ס׳זיינען דאָ אַזעלכע פאַלן אין דער געשיכטע — דאָס איז אָבער געזאָגט, ווען דער שונא לויפט צוריק, ווען ער איז איינגעבראָכן אונטער די קלעפּ פון מפּלות. אָבער יעצט, ווען גאַנץ אייראָפּע ליגט אונטער זייערע פּיס, ווען מאָסקווע פאַלט שוין באַלד אַריין אין זייערע הענט? איר וועט הרגענען הונדערט דייטשן מיט ליטווינער, צוויי הונדערט, ס׳איז אָבער אָן אומזין. מיר וועלן אַלע פאַר דעם זייער טייער באַצאָלן. ווער ווייס ווי טייער?

— מ׳וועט במילא טייער באַצאָלן — האָט שיקע אים אָפּגעענטפערט אין צאָרן.

— אפשר וועט דאָך אַ טייל בלייבן לעבן? — האָט שטיל און אומבאַהאָלפן הענעך צוגעגעבן.

אַליין, פאַרלאָזטע, זיינען געשטאַנען רעזיגנירטע די צוויי יונגע יאַטן. אין פּאָליגאָן — האָבן זיי זיך געשוואָרן — וועלן זיי ניט גיין. זיי האָבן באַשלאָסן זיך צו באַהאַלטן.

# גודל

נאָך דעם, ווי די דייטשן האָבן אַרויסגעפירט די יידן פון סוועגציאַן קיין פּאָלי־גאָן, האָבן זיי אין שטאָט איבערגעלאָזט אַ קליינע געטאָ מיט אַכציק משפחות.

איין גאָט ווייס, צו וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אַ געטאָ. אפשר צו האָבן ווער עס זאָל זיי באַקליידן און באַשוכן, ווער ס׳זאָל פאַר זיי טאָן די שוואַרצע שמוציקע אַרבעט, אָדער זיי זאָלן האָבן וועמען בלוטיק צו פּייניקן.

אַנהויב דער שול־גאָס שטייט אויפגעשטעלט אַ טויער מיטן אויפשריפט „געטאָ". שטעכל־דראָט גייען זיך פון אים פונאַנדער אויף רעכטס און אויף לינקס, זיי רינגלען אַרום די שול־גאָס מיט אַלע אירע געסעלעך און הויפן — דאָס איז די געטאָ.

שיקע שטייט פאַרן גלעזערנעם גאַניק פון אַווראָם צעפּעליעוויטשעס הויז, איבער וועמענס טיר עס הענגט אַ פריש אויסגעמאָלטער שילד — „יודן־ראַט". ער האָט ניט געהאַלטן, ווי די איבעריקע חברים, אַז מען מוז זיך אויסבאַהאַלטן און ווינען אין געטאָ אומלעגאַל. מען דאַרף זיך פריי באַוועגן, האָט ער געזאָגט, זען וואָס עס טוט זיך אַרום, הערן וואָס מען רעדט.

אַרויפגייענדיק אויף די צעמענטענע טרעפּ פון גאַניק, איז ער אַריין אין פּאָדערצימער, וווּ עס האָבן זיך געפונען דריי טירן, וועלכע האָבן געפירט אין דריי צימערן. אויף די טירן זיינען געווען אויפשריפטן: „יודן־ראַט”, „געטאָ־פּאָליציי”, און „אַרבייטסאַמט”. ער איז אַריין אין דער לעצטער.

*

גודל גילינסקי איז שוין איבער די פופציקער. אַ הויכער, מיט אַ גוטמוטיקן פּנים און פאַרטראַכטע שוואַרצע אויגן זיין עטוואָס איינגעבויגענע פּלייצע איז נאָך מער געבויגן, אַז עס דאַכט זיך, אַז ער האָט שוין באַלד אַ הויקער ווען ער שטייט און מאָלט די שילדן, וועלכע די דייטשן מיט די ליטווינער באַשטעלן טאָג־טעגלעך אין געטאָ. מיט פאַרדרוס קוקט ער אויף די אַנדערע מאַליאַרעס, וואָס אַרבעטן מיט פלייס און סטאַרען זיך איבערצויאָגן איינער דעם צווייטן, מיינענדיק אַז אַדאַנק דער אַרבעט וועלן זיי בלייבן לעבן. ער פאַרטראָגט זיי ניט. אַממערסטן אָבער ליידט ער ניט דעם יונגן שיקע. שיקע אַרבעט פאַר דריי, נאָר ניט דאָס אַרט אים. אַ ־אַט זאָל אַ גאַנצן טאָג האַלטן אין איין ריידן פון קעמפן.

אַליין איז גודל אַ שוויגער, שטייט ער מיט צונויפגעשנורעוועטע ליפּן און אַרבעט לאַנגזאַם. ווי מיט פלייס פירט ער מיטן פּענדזל די גלייכע שטריכן איבערן שילד און מאַכט זיך ניט הערנדיק פון שיקעס רייד, וואָס זיינען דווקא געווענדעט צו אים.

ווען די דריי געטאָ־פּאָליציאַנטן זיינען אַריינגעקומען אין מאָלער־וואַרשטאַט, זיינען אַלע שטיין געבליבן דערשראָקענע.

אַלע האָבן געוווּסט, אַז די גרופּע אַרבעטער, וועלכע די דייטשן האָבן נעכטן באַשטעלט אין יודן־ראַט, זיינען היינט אין דער פרי צו דער אַרבעט ניט אַרויס. פּראָסט־פּשוט — מען טרויט ניט די דייטשן.

ניט לאַנג האָבן דייטשן אַוועקגעפירט יידישע אַרבעטער פון סוויר אין אַלט־ווילייקע, און נאָכן אויספירן די אַרבעט האָט געסטאַפּאָ זיי פאַרברענט לעבעדיקער־הייט (צווישן די אומגעקומענע איז געווען שיקעס קראַמניק פון סווענציאַן).

אַ בהלה אין געטאָ, אַ טומל, וואָס וועט זיין?

דער דייטשער אונטער־אָפיצער איז געקומען אין יודן־ראַט, אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער און אַן אויפגערעגטער געגוואַלדעוועט: אויב ביז מאָרגן, אַכט אַזייגער אין דער פרי, וועט מען אים ניט צושטעלן די אַרבעטער, וועט ער אַלעמען אויסשיסן.

דער יודן־ראַט האָט זיך געפונען אין קלעם. גיי שטעל צונויף אַ נייע ליסטע, מעלדע די ניי־אויפגעשריבענע פּערזאָנען, אַז מען וועט סיי ווי צו דער אַרבעט ניט אַרויס.

ניט געפינענדיק קיין אויסוועג האָט דער יודן־ראַט באַשלאָסן, אַז אַלע יודנראַט־מיטגלידער גייען אַליין צו דער אַרבעט, און די איבעריקע וועט מען בעטן פרייוויליק.

אָט זיינען דאָס געשטאַנען די דריי געטאָ־פּאָליציאַנטן אין מאַלער־וואַרשטאַט, געקוקט אויף די מאַליאַרעס און געוואַרט, ווער פון זיי ס׳וועט גיין פרייוויליק.

פון אונטער די ברעמען האָט גודל באַטראַכט די מאַליאַרעס. טרוסן, מיאוסע טרוסן. אויף קיינעם האָט אים אָבער ניט פאַרדראָסן, אָבער שיקע? אָט שטייט ער פּונקט ווי אַלע מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ און שווייגט. מיטן צונג פּלעגט ער דאָס קלאַפּן: אַלע פאַר איינעם און איינער פאַר אַלע — דער זעלבער פּחדן ווי די איבעריקע. סוף־סוף מוז דאָך ווער זיין אַ קרבן, האָט זיך גודל צעשמייכלט און אויסגערופן:

— איך גיי!

די געדריקטע אַטמאָספער איז, דאַכט זיך, פרייער געוואָרן. לייכטער האָבן אָפּגעאָטעמט די אין שרעק שטיין געבליבענע מאַליאַרעס און שטום צוגעשאָקלט מיט די קעפּ אויף גודלס זיי־געזונט. מיט דערשראָקענע בליקן האָבן זיי באַגלייט זיין געבויגענע פיגור מיט די צעריסענע עלנבויגנס אין די אַרבל פון רעקל, ניט גלויבנדיק אים מער צו זען. נאָך אין דעם זעלבן אָוונט איז גודל געזעסן אין מאַלער־וואַרשטאַט ביים גרויסן ברענענדיקן אויוון, פונאַנדערנעמענדיק די פאַר־פרוירענע גלידער. כאָטש ס׳איז שוין געווען פרילינג, אָנפאַנג מערץ, איז נאָך אָבער אין דרויסן געווען גענוג קאַלט. דער שניי איז געלעגן הויך און די פרעסט האָבן נאָך אַפילו נישט געטראַכט אָפּצוטרעטן.

אין די געטאָ־הייזער איז קאַלט — ס׳איז אַ מאַנגל אין האָלץ. אָבער דאָ צעברעכט גודל די אַלטע ראַמען, וואַרפט זיי אין אויוון אַריין און מישט מיט דער קורצער קאָטשערע דער פייער זאָל זיין שטאַרקער. זיינע געשלאָסענע ליפּן ליגן אין אַ שמייכל, און מיט הנאה קוקט ער אויפן פלאַקער אין אויוון.

ווען ער האָט היינט געאַרבעט אין אָכראַנקע, וואָס געפינט זיך עק שטאָט, וווהין די דייטשן האָבן אַלעמען אַוועקגעפירט אַרבעטן, האָט ער ניט געלייגט קיין אַכט אויף די געשרייען פון די יעקעס, ניט אויפן סאָלדאַט, וועלכער האָט געטריבן אין דער אַרבעט, און ניט אויף די ליטווישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן חוזק געמאַכט פון די אַלטע יידן. ער, גודל, האָט געזען די לאַנגע ברייטע באַראַקן, וואָס זיינען געשטאַנען אין אַ ריי אין גרויסן הויף, אַן אַרומגערינגלטן מיט אַ הילצערנעם פּאַרקאַן און שטעכל־דראָט פון אויבן, די ברייט צעעפנטע טירן און דאָס וועלט געוווער וואָס האָט זיך דאָרט געפונען.

שוין לאַנג ווי עס פייניקט אים דער געדאַנק פון ווידערשטאַנד, לאָזט אים נישט רוען. אויף קיין נצחונות האָט ער ניט געהאָפט, אָבער זיך קעגנשטעלן, ניט לאָזן זיך פירן ווי שאָף צו דער שחיטה.

יעצט איז ער געזעסן ביים אויוון און מיט אומגעדולד געוואַרט אויף שיקען. ווי אַ שטורעם איז שיקע אַראָפּגעקומען, ווי אַ זאַוויערוכע אויפגעפּראַלט די טיר און צו צו גודלען ביים אויוון.

— איך קום פון ליטווינער, אַ פּאָר שילדן האָב איך אים אָפּגעטראָגן. זיי ווערן איידעלער, גייען שוין ניט מיט אַזעלכע פּאַריסענע נעז, ווייזט אויס, אַז די שלאַכט ביי מאָסקווע האָט זיי אַ ביסל אָפּגעקילט. די דייטשע מאַשינען, זאָגט ער, זיינען איינגעזונקען אין רוסישן שניי. יעצט דערוואַרטן זיי אַליין אַ רוסישע אָפּענסיווע, נאָך ביזן ענדע ווינטער. סיבירער פערדלעך, איינגעשפּאַנטע אין שליטנס באַוועגן זיך שנעלער, ווי די דייטשע מאַשינען, וויצלט ער זיך. יאָ, פאַרגעסן, דעם ראַדיאָ האָט ער פאַר מיר אָנגעשטעלט, אַפילו פון מאָסקווע. אויף די פראָנטן איז קיין ספּעציעלע נייס ניטאָ, ס'איז שטיל, ערטערווייז, בלויז, קומען פאָר לאָקאַלע קאַמפן. ניט געדאגעט, ס'וועט נאָך זיין גוט — און פונאַנדערשפּילנדיק די בורקע, אַרויס־געשלעפּט אַ ברויט — נאַט, עסט — האָט ער אָפּגעריסן אַ שטיק פונעם ברויט און דערלאַנגט גודלען. — אַ גאַנצע ברויט האָט ער מיר געגעבן. „איר מוזט אַוודאי הונגערן אין געטאָ?" — האָט ער מיטאַמאָל אַ ווייך האַרץ געקראָגן.

פונקט דער טאַטע, עליו השלום, — טראַכט זיך גודל, קוקנדיק אויף שיקען, — אַזאַ באַלבעטון, אַז ס'איז גאָר אַ מורא מיט אים אָנצוהויבן.

— אין אַכראַנקע, ווו מיר האָבן היינט געאַרבעט, איז דאָ אַ סך געווער.

— געווער?! — האָט שיקע אויסגעשטעלט אויף גודלען אַ פּאָר פאַרווונדעטע אויגן — ווי באַקומט מען עס פון דאָרט אַרויס?

— זע, אַז דו זאָלסט זיך מיט דיינע חברים אַריינבאַקומען אַהין אַרבעטן, — האָט גודל מיט אַ שמייכל אָנגעקוקט שיקען. און איידער ער האָט באַוויזן נאָך עפּעס צוצוגעבן, איז שוין שיקע געווען פון דער אַנדער זייט טיר.

אויסגעצויגן זיך אין מאַליער־וואַרשטאַט אויף אַ האַרטן באַנק און אונטער־לייגנדיק די דלאָניעס צוקאָפּנס, איז גודל, דאָס ערשטע מאָל, צייט ער איז אין געטאָ איינגעשלאָפן מיט אַ רואיק געמיט.

# אַכראַנקע

אין יודן־ראָט וווּנדערט מען זיך: יונגע חברה רייסן זיך אַליין צו דער אַרבעט אין אַכראַנקע.

אויך שימקע, דער דייטשער אונטער־אָפּיצער, איז צופרידן. צייט ער פירט דאָ

אָן מיט דער אַרבעט, זיינען אַלע אַלטע אַרבעטער פאַרביטן געוואָרן אויף יונגע. די אַרבעט גייט שנעלער, פּינקטלעכער, ער דאַרף זיך אַזוי פיל ניט באַמיען.

— אַכטונג! פאַרזיכטיק! שפּרינג־שטאָף! — פלעגט ער שרייען, קאָמאַנ־דעווענדיק מיט די יאַטן, און קוקן מיט הנאה, ווי עס גיסט זיך ביי זיי דער שוויס, שלעפּנדיק די הונדערט צוואַנציק קילאָעדיקע קעסטלעך. אַמאָל פלעגט ער זיך צעדענערווירן, שיטן מיט דייטשע קללות, און געבן די יאַטן צו פאַרזוכן פון זיינע קורצע געקאָוועטע שטיוול.

— ווען די ערד וואָלט זיך געשפּאָלטן און כאַטש אויף אַ מינוט זיי איינגע־שלונגען, — באַקלאָגט זיך איצקע רודניצקי, קייענדיק אָן אַפּעטיט דאָס עסן. — מען קען גאָר ניט פּטור ווערן פון זיי.

שוין צוויי וואָכן ווי די יאַטן אַרבעטן און די דייטשן טרעטן ניט אָפּ פון זיי אַפילו אויף אַ שפּאַן.

יאָסקע רודניצקי קייט צו די לעצטע ביסנס, הויבט זיך אויף און גייט טרינקען וואַסער, וואָס געפינט זיך דאָ אויפן הויף, אין דער מילכעריי, ניט ווייט פון טויער.

אַנטקעגן דער מילכעריי, אין וואַך־צימער פון דער ליטווישער פּאָליציי קלינגט דער טעלעפאָן.

— קום אַריין, — רופט יאָסקען דער ליטווישער פּאָליציאַנט פון אינעווייניק — וואָס רעדט מען דאָ?

יאָסקע גייט אַריין אין וואַך־צימער, וווּ עס ליגן און גענעצן אויסגעצויגן אויף די בעטן דריי ליטווישע פּאָליציאַנטן. ניט דרייסט נעמט ער דאָס טעלעפאָן־טרייבל אין דער האַנט, לייגט עס צו צום אויער. פון דער אַנדער זייט, הערט ער, מען רופט דעם פאַרוואַלטער פון דער מילכעריי צום טעלעפאָן.

— מען רעדט דייטש, מסתמא רופט מען דעם אונטער־אָפיצער — זאָגט יאָסקע צום ליטווינער, ניט אַ פינטל געבנדיק מיט אַן אויג.

— גיי רוף אים! שנעלער! — שרייט דער פּאָליציאַנט.

שימקע, דער אונטער־אָפיצער שטייט און קווענקלט זיך. מיט פאַרדאַכט קוקט ער אויף די יאַטן. הייַנט איז העס, דער דייטשער סאָלדאַט, ניטאָ, ער איז פאַרקילט. איבערלאָזן די יאַטן אַליין? נאָר דער פּאָליציאַנט אויפן גאַניק לאָזט ניט טראַכטן. ווען שימקעס קליינע פיגור מיט די האַלב־אויסגעקרומטע פיס איז פאַרשוווּנדן אין וואַך־צימער פון דער פּאָליציי, האָט יאָסקע אויסגעשריען:

— יעצט!

מער ריידן האָט ער ניט געדאַרפט. איצקע רודניצקי מיט גערשקע נאַדעל זיינען גלייך פאַרשוווּנדן אין באַראַק.

אין גלייכע שורות שטייען אין די סטענדערס אויסגעשטעלט אויסגעשמירטע גלאַנציקע ביקסן. ס׳האָט ניט גענומען מער ווי אַ פּאָר סעקונדן ווי דורכן פענצטער,

פון אַנדער זייט באַראַק, האָבן זיי אַדורכגעטראָגן צוויי ביקסן און זיי איינגעגראָבן לעבן פּלויט אין שניי.

אַריינגעלאָפן שנעל צוריק, האָבן זיי צוגעמאַכט דעם פענצטער, מיט שרעק קוקנדיק אויף די שפּורן פון זייערע טריט, וואָס זיינען געבליבן אין שניי.

— צו דער אַרבעט — האָט שילטנדיק און שרייענדיק אַן אויפגערעגטער, געטריבן שימקע די יאַטן. אַנשטאָט דעם פּאַרוואַלטער פון דער מילכעריי, האָבן די פאַרפלוכטע ליטווינער גערופן צום טעלעפאָן אים, און ער האָט זיך געדאַרפט שלעפּן אַ שטיק וועג אין טיפן שניי מיט זיינע צוויי האַלב־קרומע פיס.

אין אַ ווינקל פון הויף ליגן אָנגעוואָרפן צעבראָכענע קעסטלעך פון אַמוניציע. צוויי מאָל אַ וואָך, פאַרן ענדיקן די אַרבעט, פלעגט קומען אַ פויער מיט אַ פערד איינגעשפּאַנט אין אַ שליטן און אַוועקפירן די צעבראָכענע קעסטלעך צום אונטער־אָפיצער אויף דער קוואַרטיר.

שטייען די יאַטן נאָך דער אַרבעט און וואַרפן די ליידיקע קעסטלעך אויפן שליטן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט איצקע, און נאָכדעם גערשקע, געבעטן ביים אונטער־אָפיצער אַן ערלויבעניש — זיי ווילן אַרויס.

אין דער אַרבעט איז דער אונטער־אָפיצער אַן אָרנטלעכער מענטש — שטענדיק פאַרטיילט ער די אַרבעט אַזוי, אַז אַלעמען זאָל אַרויסקומען גלייך. אַזוי ווי דאָס מאָל האָט אַ טייל געאַרבעט ביים אויפלאָדן די קעסטלעך, האָט ער איצקען מיט גערשקען, וועלכע האָבן זיך נאַרוואָס צוריקגעקערט, געהייסן מיטפאָרן און אָפּלאָדן דאָס געהילץ.

— אַרויף! — האָט ער אויסגעשריען צו זיי, אָנווייזנדיק מיט דער האַנט אויפן שליטן. — מיטפאָרן!

פאַרגליווערטע זיינע ביידע יאַטן שטיין געבליבן אויפן אָרט, ביי יעדן פון זיי, אונטערן מאַנטל, אין די הויזן, איז אַריינגעשטעקט אַ ביקס, צוגעפּעסטיקט מיטן רימען צום לייב. דער ביקס דערגרייכט זיי איבער די קני, קוים וואָס זיי גייען. ווי וועלן זיי אַרויפקריכן אויפן שליטן? ווי וועלן זיי אַרבעטן? אַ קאַלטער שווייס האָט זיי באַגאָסן, און ציטערנדיקע זיינען זיי געשטאַנען, ניט ווייסנדיק וואָס צו טאָן.

— שנעלער, פאַרפלוכטע! — האָט אַרויסגעקוויטשעט שימקע, פאַרלירנדיק דעם געדולד. אין איין אויגנבליק, זיינען מיישקע מיט יאָסקען אַרויפגעשפרונגען אויפן שליטן מיט די קעסטלעך.

— נישט איר! אַרונטער! — ראַוועט שימקע.

— זיי פילן זיך ניט גוט, היינט קיין מיטאָג ניט געגעסן, דער בויך איז ביי זיי ניט מיט אַלעמען — דערקלערט מיישקע רואיק דעם אונטער־אָפיצער. מיר וועלן שוין אַראָפּנעמען פאַר זיי די האָלץ.

מיט חשד קוקט דער אונטער־אָפיצער אויף מיישקען מיט יאָסקען, און נאָך דעם דרייט ער זיך אויס צו איצקען מיט גערשקען. ערשט יעצט באַמערקט ער

זייערע בלייכע קרענקלעכע פּנימער, טוט אַ מאַך מיט דער האַנט און שפּרינגט אַרויף אויפן שליטן.

דאָס דאַרע פערדל שלעפּט שווער דעם פולן שליטן האַלץ אין טיפן שניי.

— אונטערשטופּן! — שרייט שימקע פון דער הויך צו די יאַטן.

די חברה באַפאַלן דעם שליטן. האַלטנדיק זיך אָן שליטן איז איצקען מיט גערשקען לייכטער צו גיין. אפשר וועט זיי אַזוי די ליטווישע וואַך ניט באַמערקן ביים טויער.

ברייט צעעפנט דעם טויער דער ליטווישער פּאָליציאַנט, סאַלוטירנדיק פאַרן אונטער-אָפיצער, וואָס זיצט אויבן־אָן אויפן שליטן.

— פעסטער שיבען! — קאָמאַנדעוועט שימקע, נאָך דעם ווי דער שליטן איז אַדורכגעפאָרן דעם טויער און געדאַרפט אַרויפפאָרן אויפן אָנשיט פון וועג.

דאָס קליינע דאַרע פערדל, צוזאַמען מיט די אַרבעטער שפּאַרן זיך איין אין טיפן שניי און דער שליטן איז שוין אויבן, אויפן אויסגעפּרעסטן גלאַטן וועג. דאָ גליטשן זיך די שינעס אַליין, און דער פויער, וועלנדיק באַווייזן, אַז זיין קליין אויסגעמאַטערט פערדל קען אויך עפּעס, האָט אָנגעהויבן קנאַקן און פייפן מיט דער בייטש איבער זיינע אַרויסגעשטאַרצטע דאַרע ריפּן, און דער שליטן האַלץ, צוזאַמען מיטן יעקע, מיט יאָסקען און מיישקען, האָט זיך אַוועקגעטראָגן אין שטאָט.

די איבעריקע אַרבעטער האָבן זיך אין גאַנג פאָרמירט אין אַ ריי. זיי גייען אין געטאָ. איצקע מיט גערשקען גייען אין דער מיט, און אונטער זייערע מאַנטלען, אַריינגעשטעקט אין די הויזן און צוגעפעסטיקט מיטן רימען צום לייב, זיינען באַהאַלטן צוויי רוסישע ביקסן.

## די ערשטע פאַרזאַמלונג

היינט איז ביי די יאַטן אַ שמחה און די גרעסטע צוויי בעלי־שמחה זיינען די צוויי ברידער, בערקע און דאָווידקע יאַכי. ביי זיי אין שטוב קומט פאָר די ערשטע פאַרזאַמלונג. לכבוד דעם האָט חיים, זייער טאַטע, געבראַכט פון אויסערן געטאָ אַ פּאָר פלעשלעך סאַמאַגאָן און אַ פלאַש ספּירט.

אין קיך שטייט זייער מאַמע, כאַסל, און פּאָרעט זיך ביים פּריפּעטשיק. אָפּעסן אין געטאָ אָן איבעריקן מאָל איז אַ מצווה, זאָלן די יאַטן הנאה האָבן, טראַכט כאַסל, און גיט צו נאָך מעל צו די בלינצעס.

מונטער זיצן אַלע ביים טיש. היינט זעט מען אַ סך נייע פּנימער און פון פאַר־

שיידענע שיכטן. עס זיצן דאָ שילער פון דער יידישער פאָלקס־שול מיט שילער פון דער „תרבות״־שול, קינדער פון אַמאָליקע גבירים מיט קינדער פון אָרעמע לייט. מ׳רויכערט. קיין פּאַפּיראָסן זיינען ניטאָ. רויכערט מען פון שלעכטן טאַבאַק, אָדער סתם מאַכאָרקע. היינט האָבן אַנדערע פאַרצויגן צום ערשטן מאָל. זיי פּאַר־הוסטן זיך, און מיט טרערן אין די אויגן, ביטערע פון רויך, האַלטן זיי פּאַריסן די פּנימער ווי אַלטע רויכערער.

צווישן די יאַטן זיצט אַ מיידל, חייקע. זי שיינט אַרויס צווישן אַלע מיט אירע העל־בלאָנדע האָר. ווי קומט זי אַהער? ווען די קאָנספּיראַציע איז אַזוי גרויס און פּאַר ווייבערישע צינגער דאַרף מען זיך היטן ווי פּאַר פייער. נאָר שיקע שמייכלט — אים געפעלט חייקע. חייקע איז ניט סתם אַ מיידל. זי איז אַ העלדיש מיידל — אַ קעמפערקע. זי העלפט אים באַהאַלטן דאָס געווער. אַי, אַז ער האָט איר אויסגע־זאָגט דעם סוד, האָט ער זיך פריער מיט קיינעם וועגן דעם ניט באַראָטן, האָט ער, האַלט ער, אויף דעם אַ דעה. ער האָט אַ גענוג גרויסן חלק אין דעם, וואָס זיי זיצן דאָ אַלע ביים טיש. זיצט ער טאַקע לעבן חייקען, אַ שיינענדיקער, אַ פאַרפלאַמטער, שמייכלט און דערציילט וויצן. ער האָט זיך אַפילו צעזונגען, נאָר די חברה האָבן אים איינגעהאַלטן, דערמאָנט אים, אַז ער זאָל ניט פאַרגעסן אויף וועלכער וועלט ער איז.

פון איין זאַך האָט שיקע פאַרדרוס. וואָס גודל איז דאָ ניטאָ. ער פילט זיך ניט מיט אַלעמען.

עס רעדט אַ נייער חבר — איצקע טייץ. איצקע האָט צוזאַמען מיט מיישקען געאַרבעט אין טאַרטאַק. אין די גרויסע קעלטן געשלעפּט די שווערע קלעצער האָלץ אין טיפן שניי, געלייגט אויף וואַגאָנעטקעס און געפירט צום גאַטער.

ביים עסן פלעגט מיישקע לאַנגזאַם פונאַנדערוויקלען די פּאַפּיר, אַרויסנעמען דאָס עסן און פּאַמעלעך קייען. איצקע פלעגט ניט קענען צוזען ווי מיישקע עסט טרוקענע ברויט, פלעגט ער זיך מיט אים טיילן העלפט אויף העלפט: אַמאָל דאָס שטיקל קעז, אַמאָל די פּוטער און אַמאָל די וווּרשט.

אַ טייערער יאַט, איצקע, אַ גוטע נשמה — פלעגט זיך מיישקע טראַכטן, פילנדיק ווי פרישע כוחות קומען אים צו, סיי פון איצקעס עסן און סיי פון זיין גוטער נאַטור. פאַרוואָס זאָל איצקע ניט געהערן צו דער אָרגאַניזאַציע? פאַרוואָס זאָל ער ניט זען אים אַריינצונעמען?

איצקע רעדט און קוקט אויף מיישקען. טרערן פון פרייד שטייען בייביידן אין די אויגן. ניטאָ, דאַכט זיך, קיין גרעסערע ליבע ווי די, וואָס בינדט איצט די צוויי חברים. אויף ריידן איז איצקע אַ מיידים.

— מיר מוזן שטאַרקן די רייען און גלייכצייטיק אָפּהיטן די קאָנספּיראַציע. דאָס איז דער ערשטער באַדינג פאַר דער עקזיסטענץ פון אַן אומלעגאַלער אָרגאַ־ניזאַציע. וועגן העלדישקייט און מוט איז ניטאָ וואָס צו דיסקוטירן. יעדע אויפ־

גאַבע, וואָס מיר שטעלן זיך אַוועק, דאַרף צען מאָל געוויגן און געמאָסטן ווערן. מיר שפּילן זיך דאָ ניט מיטן פאַרלוסט פון אַ פּאָזיציע אָדער מיטן לעבן פון אַ קעמ־פער — מיר ריזיקירן דאָ מיט דעם גאַנצן געטאָ. ביז איצט האָט איר געהאַנדלט זעלבשטענדיק, אויף אייגענער האַנט, פון היינט אָן אָבער דאַרפן מיר אויסקלייבן אַן אָנפירערשאַפט, וואָס זאָל האָבן אַ קאָנטראָל איבער יעדער אַקציע. מיר מוזן ליקווידירן די אַרויסטריטן אויף אייגענער האַנט, מיר מוזן ליקווידירן די אַנאַרכיע און איינפירן אַ שטרענגע דיסציפּלין.

— וואָס רעדט ער דאַרטן ? — האָט ווער אויסגערופן.

— ער לייגט פאָר צוצונעמען די זעלבסט־איניציאַטיוו — זאָגט אַ צווייטער.

— ער וויל אונדז בינדן ! — זאָגט אַ דריטער.

פון אַלע זייטן האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיטן פאָרוווּרפן אויף איצקעס אַדרעס :

— אַ נייער, ערשט געקומען, און זאָגט שוין דעות !

— ליג איינגעלייגט, אַז מען פרעגט ביי דיר ניט !

ס׳איז געוואָרן אַ טומל. איצקען האָבן אָנגעהויבן שפּאַרן קנוילן אונטערן האַלדז. זיין גרויסער פליישיקער נאָז האָט זיך באַדעקט מיט טראָפּנדלעך שווייס, די בלויע גרויסע קלוגע אויגן בעטן זיך, ווי מחילה. ער זוכט זיך פּאַרזיכטיק אַראָפּצוזעצן צווישן זיינע שכנים, וואָס זיצן לעבן אים אויף דער באַנק, ער זאָל זיי חס־ושלום ניט אָנרירן, ניט באַליידיקן.

— ס׳זיינען דאָ פאַלן, — רופט אויס דאָווידקע — וועלכע מען מוז אויסנוצן און דורכפירן גלייך אויפן מאָמענט. און אויב מען זאָל גיין פרעגן נאַטשאַלסטווע, וועט מען בלייבן ביי דער נאָז.

— יאָסקע ! וואָס שווייגסטו ? — האָט אויסגעשריען מאָטקע פייגעל — דערצייל ווי דו האָסט אָפּגענאַרט דעם יעקע, דעם אונטער־אָפיצער מיטן טעלעפאָן. דערצייל ווי דו אַליין ווייסט ניט, ווי אַזוי דער געדאַנק איז דיר אין קאָפּ אַריינגעפאַלן. — חיים ! — האָט זיך מאָטקע אַ שטעל געגעבן אין זיין גאַנצער ברייט און גרויס, — ווייזט אַהער די בראַנפן ! לאָמיר טרינקען פאַר יאָסקען !

— לאָמיר טרינקען ! — האָבן אויסגערופן עטלעכע שטימען אין איינעם.

— שאַ, שאַ, שטילער, — האָט זיך אָנגעהויבן בעטן חיים ביי די צעהיצטע חברה, מאַכנדיק מיט די הענט — איך וועל שטעלן צום טיש, נאָר לאָזט מיר אויך זאָגן אַ פּאָר ווערטער. איך בין געוועזן אַן אַלטער ניקאָלייעווסקער סאָלדאַט. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָב איך געדינט אין אַרטילעריע. שטענדיק האָבן מיר אונדזער פייער געדאַרפט קאָאָרדינירן מיט דער פּיעכאָטע, און אַזוי דאַרף זיין מיט אייך. אָנפירערשאַפט איז אָנפירערשאַפט און זעלבסט־איניציאַטיוו איז זעלבסט־איניציאַטיוו, איינער דאַרף העלפן דעם צווייטן.

— בראַוואָ, חיים ! בראַוואָ ! — האָט אָפּגעקלונגען מאָטקעס הילכיקע באַסאָווע שטים.

— ריכטיק! — האָבן אַלע אונטערגעהאַלטן.

— לאָמיר טרינקען, לאָמיר פאַרבייסן! — האָט מאָטקע ניט נאָכגעלאָזט.

חיים האָט אַרויפגעשטעלט דעם סאַמאָגאָן מיטן ספּירט אויפן טיש. די יאַטן האָבן פונאַנדערגעגאָסן אין די גלעזער, געקלאַפּט לחיים און געטרונקען.

ווער מיט גאָפּל און ווער מיט די הענט האָבן אָנגעהויבן כאַפּן די הייסע בלינצעס, וואָס כאַסל האָט דערלאַנגט אויף טעלער צום טיש. די שטימונג איז געוואָרן צוריק אַ הייטערע, ס'איז אַראָפּ די אָנגעבלאָזנקייט און פאַרביסנקייט פון די פּנימער — ס'איז געוואָרן ווידער פריילעך.

— איך בעט אַ וואָרט! — האָט אויסגערופן שייעלקע מיכלסאָן.

זיין קיילעכדיקער פּנים שמייכלט. די בלויע אויגן, איבער וועלכע עס הענגען אַראָפּ די שוועַרע שוואַרצע ווייעס, זשמורען זיך.

אין געטאָ האָט מען זיך אָפּגעוווינט צו זען זאָרגלאָזע שמייכלענדיקע פּנימער. ס'איז פּשוט אַ מחיה אויף שייעלקען צו קוקן.

— מיין פעטער ווערמוס האָט באַהאַלטן פיר נייע פּיסטאָלעטן — האָט ער אויסגערופן.

— אָוואַ, ס'איז דאָך אַ פאַרמעגן! — האָבן עטלעכע חברה אויסגערופן אין התפּעלות.

— ווו האָסטו זיי, מען דאַרף זיי ברענגען — רופט אויס דאָווידקע.

— ברענגען?! — שטעלט אויס שייעלקע אַ פּאָר פאַרחידושטע אויגן — דאָס קען מען ניט!

— וואָס הייסט, מען קען ניט? מען מוז ברענגען! — האָבן אויסגערופן עטלעכע שטימען.

— אויב איר זייט אַזעלכע בעריעס, גייט און ברענגט, — האָט שייעלקע געענטפערט.

פאַרוווּנדערט און באַליידיקט האָבן זיך די חברה איבערגעקוקט. וואָס שפּאַסט ער דאָ פון זיי? נאָר שייעלקע האָט פאַרגעזעצט:

— ערשטנס, ליגן זיי באַגראָבן ביי אונדז אין מויער אונטער צוויי ציגל די גרעב, און אויבן איבערן קעלער, ווו זיי ליגן, האָט זיך אַריינגעקליבן וווינען דער ליטווישער פּאָליציי־קאָמענדאַנט, און אַ וואַך שטייט שטענדיק פאַר זיין שטוב. יעצט זייט חכמים, גייט און נעמט זיי אַרויס.

— איך גיי! — האָט אויסגערופן רוווקע מיאַדזיאַלסקי, אויסשטעלנדיק אויף אַלעמען אַ פּאָר פייערדיקע אויגן.

שייעלקע שטייט און שמייכלט צו רוווקען, פּונקט ווי מיט זיין שמייכל וואָלט ער אויף אים געקאָנט ווירקן, ער זאָל בייטן און צוריקציען זיין באַשלוס.

— וואָס פאַראַ קונצן פּראָווּעסטו דאָ מיט אונדז? — האָט ער ניט אויסגע־האַלטן..

— איך לייג פאָר אָפּלייגן די פאַרזאַמלונג, ביז וואַנען מען וועט ניט אָדורכ־פירן די אויפגאַבע — האָט זיך אָנגערופן מיט אַ פאַרביסענער שטים דאָווידקע יאַכאַי. — ווער גייט פּרייוויליק?

ס'איז געוואָרן שטיל. ערשט יעצט האָבן אַלע דערזען, אַז אַ קאַמפּס־אָרגאַני־זאַציע איז ניט קיין פורים־שפּיל. כּל־זמן מען האָט דורכגעפירט אַקציעס אויף אייגענער האַנט, מיט דער אייגענער איניציאַטיוו, איז די זאַך אויסגעקומען פּשוט לייכט, אָבער אַז דאָווידקע האָט אויסגערופן: „ווער גייט פּרייוויליק?" — זיינען אַלע געבליבן זיצן ווי געפּלעפט, פונקט ווי ער וואָלט פאַר אַלעמענס אויגן אַרויסגעצויגן אַ שאַרפע בלאַנקענדיקע שווערד, און מיט איר אַנטבלויזט די האַרבעווירקלעכקייט, וואָס שטייט זיי אַנטקעגן.

דער ספּירט מיט סאַמאָגאָן איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען, און אַלעמענס בליקן האָבן קלאָר אָנגעהויבן צו בלאָנדזשען איבער די גלאַנציק־פעטע, וויס־ליידיקע טעלער.

— ווער גייט?! — האָט נאָך אַ מאָל אויסגערופן דאָווידקע, דורכשטעכנדיק אַלעמען מיט זיינע קליינע שוואַרצע אייגעלעך.

— איך. — האָט גיט דרייסט אויסגערופן איצקע טייץ, אויפהויבנדיק מיט אָפענער שרעק זיינע גרויסע בלויע אויגן, מען זאָל חס־וחלילה ניט אָפּוואַרפן זיין קאַנדידאַטור.

אַלע האָבן זיך מיט די פּנימער אויסגעדרייט צו איצקען. ערשט יעצט האָבן זיי מיט דרך־ארץ באַטראַכט זיין גרויסן פלייש־קן, עטוואָס פאַריסענעם ביים שפּיץ, נאָז.

— און דו, — האָט דאָווידקע געזאָגט צו שייעלקען — וועסט גיין מיט זיי, און צוזאַמען וועט איר שוין דורכטראַכטן ווי אַרויסצונעמען די רעוואָלווערן. — און אַ קוק געבנדיק אין דער זייט פון טאַטן האָט ער מיט אַ צופרידענעם שמייכל אויפן פּנים צוגעגעבן:

— אָט האָט איר אייך דיסציפּלין מיט זעלבסט־איניציאַטיוו אין איינעם!

## דער אומגליק

ביינאַכט. עס שנייט. איינער נאָכן צווייטן שלייכן אין דער פינצטער דריי חברה אין געסל ווו עס וווינט דער ליטווישער פּאָליציי־קאָמענדאַנט. פון פאָרנט, צום גאַס צו, הערט מען די מאָנאָטאָנע טריט פון דער ליטווישער וואַך.

פון זייט געסל, פירט אַ קליין פענצטערל אין קעלער פון ווערמוסעס מויער. ביינאַכט זעט אויס די עפענונג גאָר קליין. ווי וועט מען דורכקריכן? נאָר די פינצטערניש פאַרוואַנדלט זיי אין שאָטנס, זיי שליכן זיך אַדורך.

יעצט ליגן זיי אין קעלער און טאָרן זיך ניט רירן פון אָרט. דער קלענסטער קלאַנג קען זיי פאַראַטן. זיי מוזן אַזוי ליגן אומבאַוועגלעך ביז אין דער פרי. די קעלט פון דרויסן נעמט זיי אַדורך אַלע גלידער.

ווען דער פרימאָרגן האָט אַריינגעבראַכט דעם דרויסנדיקן גערויש, האָבן זיי זיך גענומען צו דער אַרבעט. ווען קלאַפּן קומט ניט אין פראַגע. קראַצן זיי מיט אַ מייזל אין די האַרטע געברענטע ציגל. ביז מיטאָג האָבן זיי קוים אויסגעקראַצט אַ האַלבן ציגל. שייעלקע האָט פאַרלאָרן דעם געדולד.

— ווען אין דרויסן איז אַ שטאַרקער רעש, קען מען קלאַפּן — טענהט ער.

נאָר איצקע איז פאַרביסענער פון אים. ער דערלאָזט ניט. רייסט אַרויס פון שייעלקען דעם מייזל, און ליגנדיק אויפן קאַלטן פייכטן קעלער־דיל, גראַבלט ער ווייטער. אויך רוווקע שטייט ניט אָפּ.

אַלע זיינען שוין מיד. אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן, און די אַרבעט גייט אַזוי שווער. ס׳וואָלט זיי איינגעפאַלן צו נעמען כאָטש וואַסער, אַ שטיקל ברויט. לעקן זיי די פאַרטריקנטע ליפּן מיט דער צונג און קראַצן ווייטער.

אַ טאָג לויפט דורך אַזוי שנעל — מען קוקט זיך ניט אַרום. היינט איז דער טאָג אַזוי ווי אַ יאָר — קוים וואָס ער רירט זיך. נישט די אַרבעט גייט, נישט דער טאָג.

שייעלקע קוקט דורך דער עפענונג פון קעלער צום צאַרטן ווייסן שניי. ס׳ווילט זיך אים נעמען אין מויל, נאָר ער טאָר ניט, ער קען ניט די האַנט אַרויסשטעקן, מען קען נאָך פון דרויסן באַמערקן. פּלאַצט אין אים דער געדולד און ער וואַרפט זיך מיטן גאַנצן כוח אויפן מייזל. אַן אַנשיקעניש — טראַכט ער, צו וואָס האָט ער עס באַדאַרפט? און אָן רעוואָלווערן וואָלט מען זיך ניט באַגאַנגען? שייעלקע איז אַ גוואַר, מיט זיינע צוויי הענט וואָלט ער לייכטער דערשטיקט אַ ליטווינער און אים צוגענומען דעם ביקס, איידער אַזוי זיך צו מאַטערן. וואַרפט ער אַוועק פון פאַרדרוס דעם מייזל און קוקט מיט אומגעדולד צו דער עפענונג.

אין דרויסן איז שוין געוועזן גוט פינצטער, ווען זיי האָבן מיט די הענט אָנגעטאַפּט די איינגעמויערטע רעוואָלווערן.

יעצט שטייען זיי ביים פענצטער און שטילן דעם דאָרשט מיטן קאַלטן שניי, ווּעלכן זיי שעפּן דורך דער עפענונג מיט פולע הויפנס און לייגן אין מויל. פון ווייטיק אין די פינגער, בייסן זיי מיט די ציינער די ליפּן און שווייגן.

שפּעט ביינאַכט זיינען זיי צוריק אַרויסגעקראָכן פון קעלער, מיט אַ זעקעלע קוילן און פיר נייע פּיסטאָלעטן. אויסמיידנדיק די ליטווישע וואַך און אַרונטער־קריכנדיק אונטער די דראָטן, זיינען זיי אַריין אין געטאָ.

אויף צו מאָרגנס בייטאָג זיינען דאָווידקע יאַכאַי, רוווקע מיאַדזיאַלסקי און גערשקע באַק אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם פון אַ הויז וואָס גרענעצט זיך מיט דער געטאָ, און זיך אַוועקגעזעצט נייען שיידלען פאַר צוויי רעוואָלווערן, כדי זיי זאָלן מיט זייער שיינקייט און גלאַנץ ניט אָפּשטיין פון די איבעריקע צוויי רעוואָלווערן, וואָס האָבן יאָ שיידלען. גערשקע האָט זיך געשטעלט ביי אַ שפּאַרונע היטן, דאָווידקע האָט זיך אַוועקגעזעצט און גענומען אויסשניידן מיט אַ מעסער די לעדער, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט, און רוווקע שטייט און שפּילט זיך מיטן שפּאָגל־נייעם וואַלטער.

האַלטנדיק דעם רעוואָלווער אין האַנט, קאָכט אין אים דאָס בלוט, עס בריט:

— אַ, ווי דערלעבט מען, — זאָגט ער צו גערשקען, אויפהייבנדיק אַנטקעגן אים דעם רעוואָלווער, צו באַגעגענען אַזוי אַ פּאָר דייטשן, און זיי אַוועקלייגן אויפן אָרט, נקמה נעמען פאַרן טאַטן מיט דער מאַמען... — און דער רעוואָלווער האָט אויסגעשאָסן.

גערשקע איז געפאַלן און אַ שנירל בלוט האָט אים אָנגעהויבן צו רינען פון מויל.

אַ פאַרגליווערטער איז רוווקע שטיין געבליבן, ס׳האָט אים אָפּגענומען דער לשון. נאָך דעם, אַז ער איז געקומען צו זיך און דערזען, וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן, איז ער צוגעלאָפן צו גערשקען, מיט די לעצטע כוחות אים גענומען אויף די פּלייצעס און אָנגעהויבן אים אַראָפּצושלעפּן פון בוידעם.

מיט ציטערנדיקע הענט האָט דאָווידקע צונויפגעשאַרט אַלע זאַכן און אַנטלאָפן נאָך אים.

אַ באַוווסטלאָזן האָט רוווקע גערשקען אַריינגעטראָגן אין שטוב, צו דער מומע מינע, ווו ער האָט געוווינט.

— כ׳האָב אים אַוועקגעהרגעט! — האָט ער אויסגערופן, ציטערנדיק אין גאַנצן פון שרעק.

אַ בהלה, פּונקט ווי אַ שׂרפה, האָט אַרומגעכאַפּט די שטוב. דער דייטשער געזעץ זאָגט קורץ: פאַר אַ באַגאַנגענעם פאַרברעכן איז שולדיק דאָס גאַנצע הויז. ביי די דייטשן שולדיק — הייסט טויט־שטראָף. אין געטאָ וווינט מען ניט אַליין, אין געטאָ וווינען אין איין שטוב פיר־פינף משפּחות.

ווי אין אַ צערודערטן בינשטאָק האָבן די ווייבער אָנגעהויבן אַרומלויפן איבער די צימערן. אין איילעניש האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויפשלעפּן אויף זיך און אויף די קינדער איבעריקע זאַכן, און מיט אַ געיאָמער אַנטלאָפן פון שטוב.

— זע נאָר, ווי זיי האָבן זיך דאָס צעשריען די קלאַפּטעס! — האָט אויסגעשריען רופע בערקע גורוויטש, רוווקעס אַ קרוב, וועלכער האָט דאָ מיט זיין ווייב, גיטקע, געהאַט אַ בעט אין אַ ווינקל פון צימער.

— גיטקע! — האָט ער אויסגערופן צו דער ווייב, אַוועקלייגנדיק גערשקען צו זיך אויפן בעט — דאָס יינגל גייט דאָך אָפּ אין בלוט, גיי רוף דעם דאָקטאָר.

די מומע, אָן איבערגעשראָקענע איז געשטאַנען לעבן פּלימעניק.

— רוועלע, מיין קינד, ווי האָט עס פּאַסירט?

— איך ווייס ניט, מומע, איך האָב גאָרנישט געטאָן, דער רעוואָלווער האָט אַליין אויסגעשאָסן.

— וואָס פאַרא רעוואָלווער? ווו האָסטו גענומען אַ רעוואָלווער? ווײ איז מיר ניט! פּרויאימל! — האָט זי זיך צעשריען צו איר זון, וועלכער איז געווען אין איין עלטער מיט רוווקען — אַ גרייסער אומגליק! אַנטלויף! ראַטעווע זיך! באַהאַלט זיך!

רוווקע שטייט און קוקט ווי די מומע כאַפּט אויף שנעל צונויף אַ פּאָר זאַכן, וואַרפט עס אַרויף אויפן זון און שטופּט אים אַרויס דורך דער טיר.

— מומע, אפשר זאָל איך אויך אַנטלויפן? — פרעגט ער.

— וואָס איז מיט דיר, מיין קינד? טאָמער ווּעסטו אַנטלויפן, וועט מען דאָך ערשט זאָגן, אַז דו בינסט שולדיק, אַז דו האָסט אים דערהרגעט. זע, מיין קינד, איך בלייב מיט דיר, איכ'ל דיר ניט איבערלאָזן.

אַ צעטומלטער שטייט רוווקע און קוקט, ווי בערקע פאַרעט זיך ביים פאַר־ווונדעטן גערשקע. איין שטוב איז מיט אַ מאָל געוואָרן שטיל, און די שטילקייט האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן מער שרעק ווי דער טומל, ווי אין קייטן וואָלט זי אים געשמידט, אין אייזערנע רייפן.

ס'איז געקומען דער דאָקטאָר.

— איר זעט, דאָקטאָר, ניט געפערלעך, רופט אויס בערקע — אָט איז די קויל. איין שניט — און זי איז ביי אייך.

דער דאָקטאָר בויגט זיך אַריבער,דרייט איבער גערשקען אויף אַ זייט, טאַפּט אָן מיט די פינגער די קויל פון אַנדער זייט האַלדז. יאָ, ער איז גערעכט, בערקע — טראַכט ער — איין שניט און די קויל איז ביי אים.

נאָר דער דאָקטאָר, ניאָמע, איז געווען ניט נאָר דאָקטאָר. דער דאָקטאָר ניאָמע איז געווען אויך אַ מיטגליד אין יודן־ראַט. ער פילט זיך פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן געטאָ ביי דער דייטשער מאַכט. אויב די דייטשן וועלן זיך אַליין דערוויסן פון דעם פאַל, וועט זיין גאָר שלעכט. אַ קלייניקייט — אַ שאָס, אַ שאָס הערט מען דאָך פאַר מיילן ווייט.

מיט דעם קליינעם ווייסן נאָז־טיכעלע ווישט ער זיך מיט שרעך דעם שווייס, וועלכער האָט אים אָנגעהויבן רינען איבערן געזיכט.

— נו, דאָקטאָר, וואָס שטייט איר? — האָט אויסגערופן בערקע מיט אומגעדולד.

— יאָ, איך גיי.

— ווו גייט איר?

— איר פאַרשטייט, אַן אָפּעראַציע, פאַרבונדן מיט קאָמפּליקאַציעס, אינפעק־ציע. אַזאַ זאַך מוז מען דורכפירן אין אַ שפּיטאָל.

— וואָס?! — איז בערקען פינצטער געוואָרן אין די אויגן.

—איר פאַרשטייט? — האָט דער דאָקטאָר אויסגערופן אַ ציטערנדיקער, — איך האָב אַ פאַרפליכטונג, בייגעלייגט אַ שבועה. אין אַזאַ פאַל מוז איך מעלדן... — און ער איז פאַרשוווּנדן, געלם געוואָרן.

— מוסר! — האָט נאָר בערקע באַוויזן אים נאָכצושרייען מיט אַ פּאָר גע־ביילטע פויסטן אין דער הויך. — טרוס! — ערשט יעצט האָט ער באַגריפן ,אַז עס דראָט דאָ אַן אמתע געפאַר, אַז רוווקעס לעבן שטייט דאָ אין קאָן.

רוווקע איז געשטאַנען אַ צעמישטער. ווען בערקע האָט גערעדט מיטן דאָקטאָר האָט ער געזען ווי גערשקע האָט אויפגעמאַכט די אויגן און אַזוי מאָדנע געקוקט אויף דער מומען, ווען זי האָט אים געווישט מיט אַ פייכט טיכעלע דאָס בלוט פון די ליפּן. אַ צעטומלטער האָט ער געקוקט אויף דער מומעס הענט און אַפילו ניט געהערט, ווי בערקע שרייט צו אים, ער זאָל אַנטלויפן פון שטוב.

ס'איז אַראָפּגעקומען גערשקעס משפּחה.

— מיין קינד, — האָט אויסגעשריען זיין מאַמע, און אַז זי האָט דערהערט, אַז דער דאָקטאָר איז אַוועקגעלאָפן מעלדן דער פּאָליציי, איז זי שוואַרץ געוואָרן ווי אַש, אַראָפּגעפאַלן פון בענקל, וואָס איז געשטאַנען לעבן גערשקעס בעט, און געחלשט.

— וואָס טוט מען? — לויפט אַרום אַ צעטומלטער איבערן שטוב גערשקעס טאַטע.

— קלייבט געלט, מען דאַרף שמירן! — האָט אים געראָטן בערקע, קריצנדיק פאַר ווייטאָק מיט די ציין.

— וואָס האָט פּאַסירט? — זיינען אַריינגעלאָפן פרעמדע מענטשן, דערזעענדיק דעם טומל אַרום שטוב.

ס'איז אָנגעקומען די יידישע געטאָ־פּאָליציי.

רוווקע שטייט. עס קלאַפּט אים אַ צאָן אָן אַ צאָן. די געשרייען מיט די גע־וואַלדן זיינען געוואָרן נאָך גרעסער ווי געווען. זיי שטייגן אַריבער דעם פאַרנעם, וואָס זיינע נערוון קענען אַריבערטראָגן. עד וואָלט שוין וועלן פון דעם אַלעמען אַנטרינען, ער קען שוין דאָס מער ניט אויסהאַלטן — זאָל מען שוין קומען, זאָל מען אים שוין צונעמען, זאָל שוין נעמען אַן עק.

בערקע שטייט, שלעפּט אים אָן אַ זייט און שרייט אַלץ ער זאָל אַנטלויפן. ס'איז אים גאָר ניט איינגעפאַלן, אַז די יידישע פּאָליציי היט רוווקען, נעמט פון אים קיין אויג ניט אַראָפּ, ווי פון אַ קרבן וועלכן זיי האָבן אויסגעקליבן פאַר אַ כפּרה פאַר זייערע הינטישע פּאָליצייסקע נשמות.

— אַרויס פון דאַנען, פונאַנדערגייין זיך! — האָבן זיי זיך צעשריען — מאַכט פריי די שטוב, די ליטווישע פּאָליציי קומט!

משה שוטאַן

# ראָכקע

לענגאויס דעם באַד־געסל ציט זיך אַ קאַנאַווע, דורך דאָגען רינט דאָס רעגן־וואַסער און דאָס וואַסער פון באַד אין טייכל אַריין, וואָס שווימט לענגאויס דער געטאָ. איצט איז די קאַנאַווע ליידיק און ס'ליגן אין איר אויסגעצויגן, הינטערן באַד, אַלע חברה פון דער גרופּע.

פון מאָמענט, ווען די ליטווישע פּאָליציי האָט אַרעסטירט גערשקען מיט רוווקען, איז אויף דער געטאָ, צוזאַמען מיט דער גרופּע, אַרויפגעפאַלן אַן אימה. פון יודן־ראַט האָט מען דעם ליטווישן קרימינאַל־שעף אַוועקגעטראָגן טייערע מתנות, בייגעלייגט מיט געבעטן פון רחמים פאַר די צוויי אומשולדיקע ייִנגלעך, וועלכע זיינען געגאַנגען אויפן בוידעם זוכן אַלטע זאַכן און געפונען אַ רעוואָלווער.

אַ פאַקט, אַז זיי זיינען נישט קיין באַנדיטן פון וואַלד, ווי ער זאָגט, וואָס זיינען געקומען אין געטאָ, נאָר קינדער, וואָס ווייסן ניט אַפילע ווי זיך צו באַגיין מיט געווער. ער דאַרף אַליין איינזען, אַז די יידן האָבן ניט קיין שום שלעכטע כוונות קעגן דער ליטווישער מאַכט, און דערפאַר האָבן זיי אַליין געמאָלדן וועגן אומגליקס־פאַל, זיי זאָלן אַליין משפטן און אַליין איינזען דעם אמת.

די חברה פון דער גרופּע האָבן געציטערט, רוווקע מיטן פאַרווונדעטן גערשקע זאָלן זיך ניט איינברעכן. ראָכקע די זאַראַסייער, וועלכע אַרבעט ביים ליטווישן קרימינאַליסט, דערציילט, אַז מען פייניקט זיי געפערלעך, אַז מען קוועטשט זיי די פינגער אין די טירן.

מען טאָר ניט ריזיקירן, זיי קענען אונדז אַלעמען אַרויסגעבן, מען מוז אַרויס אין וואַלד — האָט די גרעסטע מערהייט געטענהט. אויב האָט מען באַשלאָסן צו קעמפן איז ניטאָ וואָס אָפּצולייגן.

צוויי יאָטן זיינען אַוועק מיט דער קאַנאַווע צו די דראָטן, אָפּהיטן ווען די ליטווישע וואַך וועט פאַרבייגיין. ס'איז שטיל. אַלע ליגן שווייגנדיקע, גרייט.

אָבער פּלוצלונג, ווי פון אונטער דער ערד אַרויס, איז אויסגעוואַקסן אַ פרויען־געשטאַלט.

ראָכקע איז צוזאַמען מיט איר קליינעם ברודערל איצקע, אין אָנהויב פון דער פּויליש־דייטשער מלחמה געקומען פון וואַרשע קיין סווענציאַן, פון וואַנען די עלטערן האָבן אויסגעוואַנדערט, ווען זיי זיינע נאָך פיצלעך קינדער געווען. אין געטאָ, ווו זי האָט צוזאַמען מיט אים געוווינט ביים פעטער פסח אין שטוב, האָט זי ניט איין מאָל געזען אים קריכנדיק מיטן שוועסטערקינד יאָסקע, פאַרבאַהאַל־טענערהייט, אָן אַ לייטער, אויפן בוידעם. געזען ווי ער שושקעט זיך מיט די חברים, זיך דערוווסט אַז ער האָט געווער. און מיט ציטער אין האַרץ געוווען שטאָלץ מיטן קליינעם ברודער.

אין דעם אָוונט, ווען ער איז אַרויס פון שטוב, האָט זי אין זיינע אויגן באַ־מערקט אַ מאָדנעם אויסטערלישן בליק. עס האָט איר אַ הויב געטאָן פון אָרט, און שטילערהייט, ווי אַ קאַץ, האָט זי אים נאָכגעפאָלגט אין דער פינצטערער נאַכט.

געמיינט האָט זי, אַז דאָס זיינען נאָר איצקעס עטלעכע חברים, נאָר זעענדיק, ווי עס קומען צו אַלץ נייע און נייע שאָטנס, איז איר באַפאַלן אַ שרעק.

ליגנדיק איינגעגראָבן אין איר באַהעלטעניש, איז איר דאָס בלוט פאַרגליווערט געוואָרן אין די אָדערן, הערנדיק זייער אָנגענומענעם באַשלוס. און ווען זי האָט אין דער פינצטער באַמערקט, אַז איצקע איז איינער פון די צוויי יאַטן, וואָס זיינען אַוועק צו די דראָטן, האָט זי זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און אים אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן.

— שטיי! ווער בינסטו!? — האָבן אין דער שטיל, דראָענדיק, אויסגערופן עטלעכע שטימען.

— דאָס בין איך, ראָכקע רודניצקי, איצקעס שוועסטער.

— שוין, די מינוט, זאָלסטו אַוועק פון דאַנען!

— איך וועל ניט גיין! איך וועל אייך ניט לאָזן צונעמען מיין ברודער. איך האָב אַלץ געהערט. איך ווייס וואָס איר גייט טאָן. איר ווילט פאַרלאָזן די געטאָ! יעצט, אין אַזאַ מאָמענט? — זי האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, דערפילט ווי די יאַטן זיינען שטיל געבליבן, איבעראַשטע, און ניט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער האָט זי פאַרגעזעצט — איר האָט דאָך אַלע אַרבעטס־פּלעצער, און אַז איר וועט אַוועק, וועט דאָך אַפילו אַ נאַר פאַרשטיין, אַז דאָס האָט אַ שייכות צום אומגליקס־פאַל. איר וועט דאָך אומברענגען די געטאָ! — האָט זי פאַרצווייפלט געריפן — אויב גיין אין וואַלד, איז איצט? וואָס וועט זאָגן די געטאָ? אַריינגעפירט איר אין אַ בלאָטע און אַליין אַנטלאָפן. אַזוי מאַכן העלדן? קינדער זייט איר, אומפאַראַנט־וואָרטלעכע. די מענטשן אין געטאָ זיינען דערשלאָגענע. די אויספאָרשונג איז נאָך ניט פאַרענדיקט און מיט אייער ניט באַרעכנטן טאָט וועט איר זיי אין גאַנצן דערענדיקן, צונעמען די לעצטע ביסל האָפענונג, וואָס טליעט נאָך ביי יעדן אין האַרץ, און ספּעציעל ביי די משפחות פון די צוויי יאַטן. איר מוזט האָבן געדולד און וואַרטן. איר טאָרט ניט פאַראַטן די געטאָ און אייערע אייגענע צוויי חברים. איך גלויב אַז זיי, פון זייער זייט, וועלן זיך ניט איינברעכן, וועלן אייך ניט פאַראַטן. און אויב עס וועט שוין טאַקע די געטאָ דראָען אַ געפאַר, וועט איר דעמאָלט קענען האַנדלען ווי איר פאַרשטייט, און איך גלויב, אַז איר וועט ניט בלייבן איינזאַם. איך און נאָך אַ סך וועלן דאַן זיין גרייט אייך צו העלפן.

שטאַרק דריקנדיק איצקען צו זיך, ווי אַן אָפּגעפונענעם, האָט זיך ראָכקע אומגעקערט אַהיים. און די יאַטן, איבערלאָזנדיק אויפן ערגסטן פאַל צוויי מאַן אויף דער וואַך, רעזיגנירטע פון זייער באַשלוס, זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבער די היימען מיט צעשוווּמענע געדאַנקען, פאַרשעמטע, דערשפּירנדיק זיך קליין און

נישטיק, אַנטקעגן דער מיידלשער געשטאַלט, וועלכע איז אַזוי אומגעריכט אויס־
געוואַקסן פאַר זיי אין דער פינצטערער נאַכט.

## אין יודן־ראַט

דער פּראָסטער יונג חיים־הירש, וועלכער וואָלט פאַר זיין לעבן, מסתמא גע־
בליבן ביים טאַטנס פאַך — אַ מאַלער, איז ברייט צעלייגט געזעסן אין שטול פאַרן
איינפאַכן הילצערנעם טיש, קוקנדיק אויף די פינף פּאָליציאַנטן, יאַטן איינע אין
איינע, וועלכע זיינען געשטאַנען אַנטקעגן אים — גרייט אויף יעדן מינדסטן ווונק,
אויסצופירן זיין רצון.

אייגנטלעך האָט זיך דער אַמט פאַר אים געפּאַסט. אַ פּנים האָט ער געהאַט פון
אַ וואַלד־גזלן. אַ פּאָר ווילד אַרויסגעזעצטע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן מיט זייער
אויסזען אָנגעוואָרפן אויף יעדן אַן אימה, און ברייט פּאַרלאָזטע, עטוואָס פאַר־
בויגענע אויף אַראָפּ, שוואַרצע וואָנצעס איבער דער שפּיציקער גאָמבע, וועלכע
האָבן צוגעגעבן זיין געזיכט דעם אויסדרוק פון אַנטשלאָסנקייט און אַכזריות.

אַז די חברה פון דער גרופּע האָבן באַשלאָסן צו גיין איינצוימען אַ ביסל די
געהאָרכזאַמקייט פון יודן־ראַט צו די דייטשן און ליטווינער, איז דער גורל געפאַלן
אויף בערקע יאָכאַי און פּיווקע חייט.

בערקע, פון הויכן וווקס און פעסט געבויט, האָט געהאַט אַן ענערגיש געזיכט,
וואָס האָט געאָטעמט מיט אַגרעסיע און אַנטשלאָסנקייט. ווען ער האָט וואָס געדאַרפט
זאָגן, פלעג ער פריער אַלעמען אַדורכשטעכן מיט זיין שאַרפן בליק און אַרויסדונערן
מיט זיין באַסאָוועך שטים. ער איז געווען אַ היציקער, איינגעגלויבט אין זיך און
זעלבסטזיכער — געקוקט אויף אַלעמען פון אויבן אַראָפּ.

דער צווייטער קאַנדידאַט — פּיווקע חייט (שטאַמט פון ניי־סווענציאַן) איז
פון וווקס און ברייט ניט אָפּגעשטאַנען פון זיין מיטגייער בערל יאָכאַי. זיינע מוס־
קולירטע, אויסגעאַרבעטע, מאַזאָליעדיקע הענט האָבן זיך גלייך געוואָרפן אין די
אויגן. חוץ דעם איז ער געווען אַ שוסטער, און אַ שוסטער איז אין יענע צייטן געווען
פון גאָר גרויסן יחוס. פון פּיווקען האָט געבלאָזן מיט מאַכט און אומבאַרירלעכקייט.

אָט די צוויי פּאָרטרעטן זיינען דאָס געשטאַנען אַנטקעגן חיים־הירש דעם
פּאָליציי־שעף, און אים געקוקט גלייך אין זיינע צוויי רוצחישע אויגן אַריין. דעם
אמת זאָגנדיק, האָט חיים־הירש געטראַכט, אַז די יאַטן וועלן אַליין, מיט גוטן,
ניט קומען, און דערפאַר האָט ער אָנגעגרייט די פינף פּאָליציאַנטן, זיי צו ברענגען

אויף כוח. נאָר אַז די צוויי פֿאַרשווינען זיינען אַראָפּגעקומען צו דער צייט, און נאָך מיט העזה זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן אים, האָט עס אים אַביסל אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט, און אויפהערנדיק זיך צו גלעטן איבער די ברייטע וואָנצעס, האָט ער נערוועז אָנגעהויבן צו קלאַפּן מיט זיינע איידל־געוואָרענע פינגער איבערן טיש.

— צי ווייסט איר, אַז מיט אייערע צאַצקעלעך באַדראָט איר די געטאָ? — האָט ער נאָך אַ ווײַלע שווייגן זיך אָפּגערופן, אָנשטעלנדיק אויף די יאַטן זיינע שטעכיקע אויגן מיט דער שפּיציקער גאָמבע.

— ניט דיין שפּאָטישן ניגנדל מיט די פאָרווורפן זיינען מיר געקומען אויס־הערן. מיר גאַראַנטירן, אַז מער וועט דאָס ניט פאָרקומען! — האָט אים בערל געזאָגט.

— גאָר פיין פון אייער זייט — האָט אים געענטפערט חיים־הירש מיט אַ ברייטן שמייכל פון זיין אויסגעצויגענעם געזיכט. — די בעסטע פאַרזיכערונג אָבער וועט זיין, איר זאָלט אָפּגעבן די פּאָר פּיסטאָלעטלעך, וואָס איר קענט נאָך אין האַנט ניט האַלטן.

ביי בערלען האָט זיך פאַרדרייט דער קאָפּ, פּונקט ווי מען וואָלט אים דער־לאַנגט מיט אַן אָנגעגליטן אייזן. זיין לענגלעכע נאָז איז געוואָרן נאָך לענגער און די בלוטן האָבן זיך אין אים צעקאָכט.

— מיאוסער פּרצוף, דיינע באַפעלן מיינסטו זיינען מיר געקומען אויסהערן! אויב וועט נאָך ווער פון אייך וואַגן צו לויפן צו די דייטשן מסרן, וועט אים גיכער דער קאָפּ אַראָפּפאַלן, מוסרים מיאוסע, וואָס איר זייט!

— מוסרים?! — האָט חיים־הירש אויסגערופן — איר רופט אונדז מוסרים?

— מיר האָבן אויסגעפירט אונדזער פליכט לגבי דעם געטאָ!

— און גערשקע מיט רוּווקען, וואָס די ליטווינער האָבן געשאָסן איז ביי אייך בלאָטע? ווען איר מסרט ניט, וואָלט גאָרניט געווען.

— דאָס קאָנט איר ניט וויסן! אַ פאַקט, אַז מיר האָבן דעם ענין פאַרגלעט! זייערע משפחות זיינען געבליבן לעבן. די געטאָ הויבט זיך אָן צו ביסלעך באַ־רואיקן, אָבער איר באַדראָט איר עקזיסטענץ. מיר ווייסן ניט מיט וואָס פאַראַ שפּיצלעך איר קענט מאָרגן אַרויסשפּרינגען?

— ס'וואָלט קיין זאַך ניט געווען! אין אייער פחדנות פאַר אייער אייגענע פעל זייט איר געלאָפן מסרן.

— פחדנים?! איר וואַגט אונדז אָנצורופן פחדנים? — זיינען ביי חיים־הירשן אַרויסגעקראָכן די אויגן. אַלע האָט איר דאָך געוואָלט אַנטלויפן, נאָך דעם ווי מען האָט די יאַטן אַרעסטירט.

— מיר זיינען אָבער ניט אַנטלאָפן, געבליבן, חינטישער זון!

— אַ צופאַל, אַ צופאַל! — האָט חיים־הירש טריומפירט, זיך אויפשטעלנדיק

און אָנשפּאַרנדיק זיך מיט ביידע הענט אָן טיש. ווען ניט ראָכקע, ווער ווייס ווו מיר וואָלטן געהאַלטן אין דער וועלט. מיינט ניט,אַז מען ווייס ניט. אַלץ ווייס מען.

— און אַז איר ווייסט, האָבן מיר דען מורא פאַר אייך, הינטישע נשמות, וואָס איר זייט, מיר וועלן אייך אַלעמען די קעפּ אַראָפּדרייען! — האָט זיך בערל אַזוי צעגוואַלדעוועט, אַז ער האָט אין גאַנצן פאַרלאָרן די קאָנטראָל איבער זיך.

אויף די געוואַלדן און געשרייען איז זיך צונויפגעלאָפן דער גאַנצער יודן־ראַט מיטן פּרעזעס משה חייקלס בראש.

— שאַ, שטילער, וואָס האָט פּאַסירט? — האָבן אַלע אין שרעק אויסגערופן.

— אויף כוח גייען זיי גאָר — האָט חיים־הירש אָנגעוויזן אויף די צוויי יאַטן. איך וועל זיי באַוויזן, איך וועל זיי אָנלערנען. כ׳וועל זיי פאַרשיקן אין אַ לאַגער, אַז זיי וועלן ניט וויסן ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען!

פּיוּוקע, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, האָט ניט אויסגעהאַלטן:

— הינט, מוסרים! פינצטערע נשמות!

חיים־הירש האָט זיך אַ הויב געטאָן, ס׳האָבן זיך אים איבערגעדרייט די צוויי אויסגעפּוקלטע אויגן:

— בינדט זיי! בינדט זיי! — האָט ער אַרויסגעראָוועט ניט מיט זיין שטים צו די פינף פּאָליציאַנטן, אָנהויבנדיק צו באַראַבאַנעווען מיט ביידע הענט איבערן טיש.

ניט וואַרטנדיק אַ סעקונדע האָבן זיך די פּאָליציאַנטן אַ וואָרף געטאָן אויף די צוויי יאַטן, און שטיין געבליבן אין מיטן צימער מיט אויסגעשטרעקטע הענט און פאַרשטאַרטע אויגן פון שרעק.

ביי בערלען, וועלכער איז אָפּגעשפּרונגען צו דער וואַנט, האָט אין האַנט געגלאַנצט אַ גרויסער פאַראַבעלום.

ס׳האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ שרעק. אַ ווײַלע איז אַ טויטע שטילקייט געהאַנגען אין דער לופט, נאָר באַלד האָט זיך חיים־הירש אַ ריס געטאָן פון פון אָרט, פונאַנדערגעריסן דעם רעקל מיטן העמד, און אַנטבלויזנדיק די נאַקעטע האָריקע ברוסט, ווילד אויסגעשריען:

— שיסן זייט איר געקומען?! נאַט, שיסט! נאָר וויסן זאָלט איר, אַז מיר גייען אויף קדוש השם, און איר זייט די אמתע מערדער פון דעם לעצטן ביסל יידן, וואָס זיינען נאָך געבליבן אין געטאָ.

— ווי די הינט, ווי די שרצים,אַלעמען וועלן מיר אייך צעשיסן! — האָט בערל זיך צעפּאָכעט מיטן פאַראַבעלום. — פּרובירט נאָר אָנרירן איינעם פון אונדז, וועט אייך שוין גלאַט ניט אַראָפּגיין, מעג די גאַנצע געטאָ אונטערגיין! ניט פאַר דייטשן און ליטווינער וועט איר יעצט געלט זאַמלען, נאָר פאַר אונדז, איינצוקויפן געווער! מיר שטעלן אייך אָן אולטימאַטום: ביז מאָרגן אין אָוונט אונדז

צו שאַפן אַ סומע פון דרייסיק טויזנט טויזנט רובל — אַניט וועלן מיר אייך דאָ דעם גאַנצן יודן־ראַט איבערדרייען!

ביי דער טיר האָבן זיך אָנגעשטעלט די חברה פון דער גרופּע. איינציקוויז האָבן זיי זיך אָנגעהויבן אַריינצושטופּן אין צימער, גרייטע אויפצונעמען אַ קאַמף, האָבן זיי זיך אָוועקגעשטעלט אַנטקעגן די יודן־ראַטניקעס מיט דער פּאָליציי, וועלכע זיינען געשטאַנען צעטומלט און פאַרלאָרן.

מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ איז חיים־הירש געשטאַנען ביים טיש. די אויס־געפּוקלטע שוואַרצע אויגן זיינע האָט ער געהאַלטן האַלב־פאַרמאַכט, די וואָנצעס זיינען אים געהאַנגען ווי האַלב־אויסגעצופּטע פעדערן, און מיטן צעכראַשטשעטן העמד אויף דער אָפּענער האָריקער ברוסט, האָט ער אויסגעזען ווי אַ הענדל צו דער שחיטה.

— וואָס בינסטו פאַרטאַמט געוואָרן? — האָט אויסגערופן משה חייקלס, דער פּרעזעס פון יודן־ראַט, וועל אַלע זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. — מיר האָבן אויסגעשפּילט, חיים־הירש, געענדיקט די קאַריערע!

# אַ ביסל געשיכטע אויך פון ניט יידן

זייט דורות האָט אַן די שפּאַנונג צווישן ליטווינער און פּאָליאַקן. אפשר וואָלטן זיי געפונען צווישן זיך אַ לייזונג, נאָר די צייט ווירקט פאַרקערט.

האָט זיך פּוילן געהאַלטן פאַר גרויס און שטאַרק און געווען זיכער, אַז אַ בלע־טעלע פון איר קרוין קען ניט אַראָפּפאַלן.

ווען היטלער האָט מוטנע געמאַכט דאָס וואַסער אין אייראָפּע, האָט זיך די פּוילישע פירער פאַרוואַלט שלעזיע איבער דער אָלזע, האָט זיך זיי פאַרוואָלט אַ מאַרשיר געבן אויף קאָוונע.

האָבן פּירער מיט פירערלעך צונויפגערופן מיטינגען, און לעבן קאַסינאָ אין סוועלנציאַן, אין צענטער שטאָט, אָפּגעהאַלטן פלאַם־פייערדיקע פּאַטריאָטישע רעדעס, געשטורעמט, געקלאַפּט אין טיש. און די פּאָליאַקן האָבן זיך מיט די לעצטע כוחות געריסן פון די העלדזער: הוראַ!!!

פּאָליאַקן, וועלכע זיינען נעכטן געזעסן צוזאַמען מיט ליטווינער אין שענק און געטרונקען בראַנפן, זיינען היינט געווען גרייט מיט די ליידיקע פלעשער זיי צו שפּאַלטן די קעפּ. די ליטווינער, וועלכע זיינען אין זייער צאָל אין סוועניציאַנער קרייז געווען ניט ווינציקער ווי די פּאָליאַקן, האָבן זיך פאַרשלאָסן אין זיך, מיט

ווייטיק און חרפה געליטן פון דער דיסקרימינאַציע, און געוואַרט אויף אַ מאָמענט זיי זאָלן זיך קענען אָפּרעכענען מיט זייערע שונאים, די פּאָליאַקן.

ווען דער דייטש איז אַריין, האָבן זיי קיין לאַנגע שהיות ניט געמאַכט... און יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. פּאַר פּאָליאַקן אָבער, דעם אמת געזאָגט, האָבן זיי אַ ביסל מורא געהאַט. פּאָליאַקן קענען זיך נאָך אַמאָל אָפּרעכענען. וואַרטן זיי אויף אַ געלעגנהייט. און די געלעגנהייט איז געקומען.

גייען ליטווישע זינדלעך געקליידט אין שוואַרצע מונדירן און אויף דער קאָקאַרדע פון זייערע היטלען טאַנצט פריילעך דאָס ליטוויש פערדל אויף זיינע צוויי הינטערשטע פיס. (אַ פערד אויף די צוויי הינטערשטע פיס — איז געווען דער עמבלעם פון ליטע). זיי גייען פון גאַס צו גאַס, פון הויז צו הויז. זיי דערמאָנען זיך, זיי געדענקען די שרייער, רעדנערלעך און זייערע עכאָס — די מאַסן הוראַ־באַשעפּעניש. מען שלעפּט זיי אַרויס פון די בעטן, אַזוי ווי דאָ נישט לאַנג די יידן, — אָן שרעק און אָן מורא.

גייט אַ לאַנגע קאָלאָנע מיט פּאָליאַקן דורך די גאַסן פון סוועַנציאַן. די אויף שנעל אַרויפגעכאַפּטע מאַנטלען, וועלכע זיי האָבן ניט באַוויזן צו פאַרשפּילען, זיינען צעשפּרייט. צום סוף פון דער קאָלאָנע גייען דריי פּרויען. זיי שלעפּן קוים אין אָנמאַכט זייערע פיס, און מיט זייערע ווייסע ליפּן מורמלען זיי אָן אויפהער: אָ, יעזוס כריסטוס!

אין נייען און דרייסיקסטן יאָר האָבן די פּאָליאַקן געשריען, אַז קיין קנעפּל פון מונדיר וועלן זיי ניט אָפּגעבן. און יעצט, אָנשטאָט צו האַלטן זייער אייגענעם גורל אין די הענט, האָט אַ טייל פון זיי געטראָגן אויף שנעל צונויפגעפּאַקטע פּעקלעך, וועלכע די משפּחה־מיטגלידער האָבן זיי באַוויזן מיטצוגעבן.

זיי גייען שנעל. זיי וואָלטן, דאַכט זיך, וועלן אַנטלויפן, ווייל פון אַלע זייטן אַרום זיי גייען ליטווינער מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן אין די הענט.

פון פאָרנט פירט די גאַנצע קאָלאָנע אַ ליטווישער אָפיצער — אַ שיינהייט, מיט אַ פּנים פון אַ מלאך. ער גייט ניט פאָרויס. ער גייט צוריק מיטן געזיכט אויס־געדרייט צו דער קאָלאָנע, מיט אַן אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער אין דער האַנט. די צוויי שוואַרצע אויגן זיינע זיינען אָנגעגליט ווי מיט פייער. דער פּנים איז אים ווייס ווי קרייד, און מען זעט גלייך, אַז דער מלאך־המוות אַליין האָט אים געשיקט צונויפ־נעמען די נשמות, וואָס פּאָכענען נאָך הינטער די ניט־פאַרשפּילעטע מאַנטלען מיט די פונאַנדערגעלאָזטע פּאָלעס.

ווען מען האָט געפירט יידן צום טויט, זיינען פּאָליאַקן געשטאַנען און געלאַכט, געחוזקט: „איר לאָזט זיך פירן ווי שאָף צו דער שחיטה. מי ניע דאַמי סיען!" (מיר וועלן זיך ניט לאָזן).

יעצט איז שאַ שטיל ביי די פּאָליאַקן. קיינער האָט זיך ניט קעגנגעשטעלט, קיינער איז ניט אַנטלאָפן. לאַכן זיי שוין ניט די פּאָליאַקן, יעצט וויינען זיי.

ניט נאָר אין סוועַנציאַן, נאָר אין גאַנצן געביט האָבן די ליטווינער שטום געמאַכט אונטער זייערע ביקסן־זאַלפּן פינף טויזנט פּאַליאַקן — די הוראַ־רעדנער־לעך מיט זייער מאַסע הוראַ־באַשעפעניש, וואָס האָבן זיך פון די העלדזוער גע־ריסן: „מאַרש נאַ קאָוונאָ!" — זיך אָפּגערעכנט.

די אַקציע האָבן די דייטשן דורכגעפירט מיט ליטווישע הענט, אַלס נקמה־אַקט קעגן רוסישע פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אויפן שאָסיי צווישן לינטופּ און סוועַנציאַן געהרגעט דעם סוועַנציאַנער געסטאַפּאָ־שעף בעק מיט נאָך צוויי דייטשע אָפיצערן.

פון איין זייט האָט דער קאַמף קעגן די דייטשן ווי אויך כוואַליעס זיך געטראָגן און דערטראָגן איבער טויזנטער קילאָמעטער פון פראָנט, ביז די קאַנטן אַרום סוועַנציאַן. פון דער אַנדער זייט איז אויף דער גאַנצער פּוילישער טעריטאָריע געוואַקסן אַן אונטערערדישע אַרמיי. זי איז טאַקע געווען אומטעטיק, אָבער זי האָט צו יעדער מינוט געקאָנט אָננעמען געפערלעכע פאָרמען. כדי איינצוהאַלטן דעם וווּקס פון דער רוסישער פּאַרטיזאַנקע און פּוילישער אונטערערדישער אַרמיי, האָבן די דייטשן פאַרשיקט הונדערטער טויזנטער יוגנטלעכע אויף צוואַנג־אַרבעט קיין דייטשלאַנד.

אויך אָן די יידן האָבן זיי ניט פאַרגעסן.

## געסט פון ווילנע

מערץ, טויזנט נייַן הונדערט דריי און פערציקסטער יאָר.

סוועַנציאַנער געטאָ ווערט ליקווידירט. פון ווילנער געטאָ זיינען אַראָפּגע־קומען יידישע פּאָליציאַנטן. זיי מאַכן רשימות. זיי צעטיילן די לעצט־געבליבענע יידן אויף צוויי קאַטעגאָריעס. איין קאַטעגאָריע — די יודן־ראַטניקעס, די פּאָליציי, אַ טייל בעלי־מלאכות, און די וואָס קענען זיך דערשלאָגן צו די הויכע פּענצטער — פאַרשרייבט מען אין דער רשימה, וואָס וועט פאָרן אין ווילנער געטאָ. עמך און דעם טאָג־טעגלעך פאַרהאָרעוועטן שוואַרצן אַרבעטער פאַרשרייבט מען אין דער צווייטער רשימה — זיי וועלן פאָרן אין קאָוונער געטאָ.

אַ נייע רעטעניש — וואָס מיינט די איבערזידלונג?

אין דער שניידערשער שול אין געטאָ, די איינציקע שול, ווו יידן פלעגן זיך צונויפקומען דאַוונען, איז קאַלט. איינגעטוליעטע אין די מאַנטלען שטייען די פאַר־זאַמלטע און מען וואַרט. פון ווילנע דאַרף אַראָפּקומען דער ווילנער געטאָ־קאָמענ־

דאַנט געגס. אפשר וועט ער אויפקלערן, וואָס באַדייט די רשימה קיין ווילנער געטאָ און די רשימה קיין קאָוונער געטאָ?

זיי די יידן, גלויבן שוין ניט מער דער דייטשער אויפריכטיקייט. דאָס וואָרט איבערזידלונג קלינגט ביי זיי מיט גאָר אַנדערע טענער.

אין אומגעדולד וואַרפט מען זיך דורך מיט עטלעכע ווערטער, און פון דער קעלט שלאָגט אַ פּאַרע פון די מיילער.

— באַלד דאַרף ער אָנקומען.

— מיט אַ גאַנצער סוויטע, זאָגט מען, ווי אַן אמתער גענעראַל.

— ווער ווייס צי איז דאָ ניט אונטערגעשטעלט אַ פּאַסטקע?

ביי דער טיר האָט מען זיך אָנגעהויבן פונאַנדערוקן, פריי מאַכנדיק דעם וועג, און אַלע האָבן דערזען דעם קאָמענדאַנט פון ווילנער געטאָ, יעקב געגס, אין דער באַגלייטונג פון עטלעכע פּאָליציי־סערזשאַנטן, אַריינמאַרשירנדיק אין קלויז.

זיין שטאָלצער, איינדרוקספולער ענערגישער געזיכט, דער מיליטערישער סאַרזש און די אָנגעצויגן־גלייכע מיליטערישע האַלטונג האָט אַלעמען ווי פאַר־כישופט.

מיט אַ פעסטן טראָט איז ער פאַרביי דעם שפּאַלער פונאַנדערגערוקטע יידן, וועלכע זיינען געשטאַנען אויסגעצויגן אויף אַכטונג און אונטערטעניק נאָכגע־דרייט די קעפּ, ביז ער איז אַרויף אויפן בעלעמער.

אַדורכגענומען מיט רעספּעקט פאַר אַ ייד מיט מאַכט אונטער דער דייטשער הערשאַפט, זיינען אַלע געשטאַנען געשפּאַנט און מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם.

אַדורכנעמענדיק דעם עולם מיט אַ לויטער־קלאָרן בליק פון זיינע טיף־גרויע אויגן, האָט ער מיט אַ פעסטן טאָן אָנגעהויבן זיין רעדע.

די לייכטע האַפּערדיקע שפּראַך, די שאַרפע אויסדרוקן האָבן די מאַסע אַרויס־געפירט פון דער אַדורכגעפרעסענער אַפּאַטיע, וועלכע האָט זיי באַהערשט, צייט די דייטשן זיינען אַריין. ווי דורך אַ נעפּל האָבן זיי דערשפּירט זייער איך, דאָס ערשטע מאָל צייט די דייטשן זיינען דאָ, רעדט מען צו זיי. טאַקע אַ ייד, אָבער דאָך אין נאָמען פון דער מאַכט.

דער אָרט לעבן אין ווילנער געטאָ, וועלכן געגס האָט פאַר זיי געמאָלן, האָט זיי אויסגעזען משונה׳דיק און אומבאַקאַנט.

— ... ביי מיר אין געטאָ — האָט געגס גערעדט — גייט מען ניט מיט קיין אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. מיר דאַרפן פון זיך פאַרטרייבן דעם אומעט ווי אונדזער גרעסטן שונא, מיר דאַרפן זיין האַפּערדיק!

די יוגנט דאַרף ניט זיין צעקראָכן און נידערגעשלאָגן. זי דאַרף זיין אַרבעטזאַם און מונטער. מיר האָבן אין ווילנער געטאָ געגוג אַרבעטס־פּלעצער און פאַרוויי־לונגס־פּלעצער, טעאַטערן און אַנדערע קולטורעלע אינסטיטוציעס. אַ שווער און דורכגעווייקט פון פיין און אומגליק, לעבן, שטייט ניט אין קעגנזאַץ צו קונסט.

פאַרקערט, מיר מוזן שטאַרקן און פאַרהאַרטעווען דעם גייסט. מיר דאַרפן האָבן אַ סך מוט און אויסדויער! מיר דאַרפן זיין שטאָלץ! לעבן און איבערלעבן! — האָט ער אויסגערופן, אַרומנעמענדיק אַלעמען מיט אַ האָפערדיקן בליק.

ווי פאַרבלענדטע זיינען אַלע געשטאַנען, שווייגנדיקע, ניט וואַגנדיק אויפצו־עפענען אַ מויל, כדי ניט איבערצורייסן די געשפּאַנטע שטילקייט, וועלכע האָט באַהערשט דעם עולם. צום באַוווסטזיין האָבן זיך אַדורכגעריסן נייע ווערטער, מאָדנע באַגריפן, — דער אינסטינקט אָבער האָט געזאָגט עפּעס אַנדערש...

— מילא, — האָט זיך אָנגענומען מיט מוט, נאָך אַ לאַנגן שווייגן און איבער־געריסן די שטילקייט בערל כאַרמאַץ — דאָס וואָס איר האָט געזאָגט, זיינען אַלץ ניט קיין שלעכטע זאַכן. מיר גלויבן אייך, אַז די טייל, וואָס איז פאַרשריבן צו פאָרן אין ווילנער געטאָ, וועט אַהין אָנקומען. פון וואַנען אָבער זייט איר אַזוי זיכער, אַז די וואָס פאָרן אויף קאָוונע, וועלן טאַקע אַהין דערפאָרן? צי נאַרן אייך די דייטשן אַליין ניט אָפּ? צי לאָזט איר זיך חס־וחלילה אַמאָל ניט פאַרפירן פון זיי?

אַ געשפּאַנטע שטימונג איז געבליבן הענגען אין דער לופט. דער עולם האָט זיך איבערגעמורמלט. איבער געגנס פּנים האָט פאַרבייגעשוועבט אַ וואָלקנדל.

— ברידער יידן! — האָט ער אויסגערופן — די דייטשן האָבן באַשלאָסן איבערצופירן די געטאָס פון די פּראָווינץ־שטעטלעך, וועלכע געפינען זיך לעבן די פּאַרטיזאַנער־זאָנעס, אין די גרויסע שטעט. איך בין גרייט און וועל טיילן מיט אייך מיין גורל. איך בין גרייט, און וועל פאָרן מיט אייך צוזאַמען אין קאָוונער געטאָ! איך רוף אייך צו געהאָרכזאַמקייט און דיסציפּלין! איך רוף אייך אויסצופירן די באַפעלן פון דער דייטשער מאַכט! מאַכט אונדז ניט קיין שוועריקייטן ביי דער איבערזידלונג! העלפט אונדז!

## די גרופּע פאַרלאָזט די געטאָ

ניט צונויפגערעדטערהייט האָבן אַלע חברים פון דער גרופּע זיך פאַרזאַמלט ביי חיים יאַכאַי אין שטוב און באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די געטאָ.

די טייל, וועלכע האָט זיך אַרויסגעזאָגט, אַז מען דאַרף אַרויס פון געטאָ אין טאָג פון דער ליקווידאַציע, האָבן, קען מען זאָגן, געזיגט. ס'איז געווען די לעצטע שעה.

מיט אַ האַלב יאָר צוריק, אין האַרבסט צוויי און פערציק האָט די מערהייט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן גיין אין וואַלד, מאָטיווירנדיק זייער קעגנערשאַפט מיטן

פעלן פון אַ פאַרבינדונג מיט פאַרטיזאַנער, די ניט־פּאַסיקע ווינטערדיקע וואַלד־באַדינגונגען, זייער אומדערפאַרנקייט. היינט אָבער זיינען די אַלע אַרגומענטן אָפּ־געפאַלן. אַלע זיינען מסכים געווען אַרויסצוגיין אין וואַלד אויף אייגענער האַנט — ס'איז ניט געווען קיין אַנדער ברירה.

— אויף מאָרגן, נייען אַזייגער אין אָוונט — האָבן זיך די חברה געווונטשן איינער דעם צווייטן אין אַ מזלדיקער שעה.

— טייערע קינדער! — האָט אויסגערופן חיים יאַכאַי, זעענדיק ווי אַלע הויבן זיך אויף און ווילן זיך פונאַנדערגיין. — איך וויל אייך זאָגן אַ פּאָר ווערטער. איך וויל זיך מיט אייך געזעגענען. ווען אַ סאָלדאַט גייט אין קריג, דאַכט זיך אים, אַז זיין שטערן וועט אים לייכטן, וועט אים בשלום אומקערן אַהיים. מיר אַלע, אָבער, זיינען פאַרמשפּט צום טויט, און טאָמער וועט איינער פון אייך בלייבן לעבן, וועט ער שוין קיין היים מער ניט געפינען. פאַר אונדז זיינען אָפּגעשניטן אַלע וועגן צוריק, און ווער ווייס ווו דער שיקזאַל וועט אייך פאַרטראָגן. איך ווייס, אַז איר זייט ניט געווען קיין סאָלדאַטן און איר ווייסט ניט, וואָס ס'הייסט אַ קריג. איר ווייסט אַפילו ניט, ווי רעכט צו האַלטן אַ ביקס אין די הענט. נאָר איין זאַך בין איך זיכער, אַז שיסן וועט איר און אייער לעבן וועט איר אומזיסט ניט אַוועקגעבן. האַלט זיך מוטיק און זאָל דער שונא טייער באַצאָלן פאַר אייערע קעפּ! איך, אַלס טאַטע בין גליקלעך, וואָס איך האָב דערלעבט און זע מיינע צוויי זין צווישן אייך. איך האָף, אַז איר וועט זיך האַלטן אַלע צוזאַמען, אַז איר וועט אָפּהיטן איינער דעם צווייטן, ווי אייגענע ברידער... — און דער אַלטער סאָלדאַט האָט ניט אויסגעהאַלטן, זיך איינגעבראָכן, און טראָפּנס טרערן האָבן זיך אים שטום אַריבערגעקייקלט איבערן בלייכן, אָפּגעצערטן געזיכט.

*

איינציקוויז שלייכן שאָטנס פאַרביי דעם געטאָ־שפּיטאָל, וועלכער שטייט שוין לאַנג און פוסטעוועט נאָך דער שווערער טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט געהערשט אין געטאָ. אָט איז די באָד און דער גרויסער פאַרקאָן, וואָס ציט זיך פון אַנדער זייט קאַנאַווע, לענגויס דעם באָד־הויף. די שאָטנס שלייכן פּאַזע דער קאַנאַווע, צום טייכל.

אין אַ קופּע, צונויפגעטוליעט, וואַרטן חברים, וועלכע זיינען שוין געקומען פון פריער. זיי שטייען שטום, איינגעקאָרטשעטע, מיט די קעפּ אַריינגעצויגן אין די אויפגעשטעלטע קאָלנערס און שווייגן. לאַנגזאַם, שטיל, הילכן אָפּ פון דער ווייטן די טריט פון דער ליטווישער וואַך, ביי די דראָטן, פון יענער זייט טייך.

מען קאָנטראָלירט זיך. צוויי חברים, קושקע ליגומסקי און גערשקע נאַדעל פעלן. בייטאָג נאָך האָבן זיי אומגעקערט זייער געווער און זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אין וואַלד — שווער איבערצולאָזן די מאַמעס, וואָס זיינען געבליבן אַלמנות...

אין קליינע גרופּעס קריכט מען אונטער די דראָטן. צו איין גרופּע האָט פון דער זייט צוגעשלייכט אַ סילועט. ווער איז ער? פון וואַנען האָט ער זיך גענומען? ס'איז פּערעצקע גראַזול. ער געהערט בכלל ניט צו דער גרופּע.

— גיי צוריק! — שעפּטשעט אַ שטים.

נאָר פּערעצקע לאַכט דאַכט זיך:

— און וואָס וועט איר מיר טאָן, אַז איך וועל ניט גיין? אדרבא, שיסט אַז איר קענט, לאָמיר זען?

מיט פּערעצקען איז זיך אַ מורא אָנצוהויבן. פּערעצקע האָט אַמאָל געכאַפּט אַ זונען־שלאַק, געווען ניט מיט אַלעמען. גיי הויב זיך אָן מיט אים, אַז דו ווייסט ניט מיט וואָס פאַראַ נומערן ער קען זיך נאָך דאָ אַרויסוואַרפן. און ניט לייגנדיק קיין אַכט אויפן „גיי צוריק", האָט ער זיך מיט אַלעמען אַדורכגעשטופּט אונטער די דראָטן.

אָט גייט די לעצטע גרופּע און נאָך צוויי סילועטן שאַרן זיך צו.

— שטייט, ווערט זייט איר?

דאָס זיינען די צוויי ברידער חיימקע און שליימקע לישאַנסקי. צוויי ברידער, צוויי טויבן.

— נעמט אונדז מיט, מיר ווילן מיטגיין מיט אייך — שעפּטשען זיי אין דער שטיל.

— ניין, מען טאָר ניט! — קלינגט אין דער פינצטער מיישקעס קול, און דער לעצטער האָט ער אַראָפּגעלאָזן דעם דראָט.

— לאָזט אונדז ניט איבער... — האָבן צוויי בעטנדיקע שטימען שטיל געגרופן אין דער פינצטער, אין דער זייט, ווהין די שאָטנס זיינען אַוועק.

אָפּגייענדיק עטלעכע טריט האָט זיך מיישקע אומגעקוקט צוריק — צוויי שאָטנס זיינען שטום געהאַנגען איבער די דראָטן און ניט געוואַגט זיי אַריבער־צושפּרייזן.

„לאָזט אונדז ניט איבער, נעמט אונדז מיט" — האָט אַ ווייטיקדיקער קול גע־שניטן אין אויער, זיך פאַרשניטן אין אונטערבאַוווסטזיין. נאָך דעם זיינען די סי־לועטן מיטן קול פאַרשלונגען געוואָרן אין שווערן פינצטערן נעפּל, און צו די אויערן דערגייט נאָר דער שטילער שאָרך פון טריט איבער דער פייכטער ווייכער ערד.

אויסגעצויגן אין אַ ריי איז די גרופּע געגאַנגען אין דער נאַכט. דורך וועלדער און פעלדער, מיט וועגן און שטעגן, איבער בלאָטעס און זומפּן.

שיקע אָטעמט מיט דער קילער נעפּלדיקער לופט, פעסטער דריקט ער דעם רימען מיטן ביקס צו דער פּלייצע. פאַר אים באַוועגט זיך אַ סילועט, און דער שאָטן פון אַ ביקס שטעקט אים איבערן אַקסל.

„פּאַרטיזאַנער" — טראַכט שיקע — „פון יעצט אָן זיינען מיר פּאַרטיזאַנער,

גרין־גרויע, ניט אויסגעשולטע, אומדערפאַרענע״. נאָר דאָך פילט ער ווי ערגעץ ווו ריזלט אַ פאַרבאָרגענער כוח, וואָס גיט אים קראַפט און טראָגט דעם קערפּער פאָרויס.

אין דרויסן איז קאַלט, אין די פיס איז נאַס, נאָר ס׳איז וואַרעם און ס׳גייט זיך לייכט. וויפל צייט האָט ער געחלומט פון דעם מאָמענט ווען מען וועט אַרויס פון געטאָ — און אַט איז זי געקומען. ס׳האָט זיך אים גערדאַכט, אַז אַלץ וועט פאָרקומען אַזוי רעשיק און שטורמיש, — און אין דערווירקלעכקייט איז אַלץ אַזוי סודות׳דיק שטיל, מען הערט קוים אַ שאָרך, אַ קלאַנג. די סודות׳דיקע שטילקייט רופט אַרויס שרעק. ער ציטערט פשוט פון מאָל צו מאָל אויף. צי האָט ער ניט מורא? דאַרפן זיי דאָך גיין שטיל, ווייל וואָס מער קלאַנגלאָז און שפּורלאָז זיי באַוועגן זיך, אַלץ זיכערער און בעסער איז דאָך פאַר זיי.

דאָך אַז מען קומט זיך צונויף און מען וואַרפט זיך דורך מיט אַ פּאָר ווערטער, ווערט עפּעס היימלעכער אויף דער נשמה, וואַרעמער אויפן האַרצן, און גיט צו מוט צו גיין אָפּגעזונדערט אויסגעצויגן אין אַ לאַנגער שורה, איינער נאָכן צווייטן.

צוויי און צוואַנציק זיינען זיי געווען, באַוואָפנט מיט אַ פּאָר גראַנאַטן, עטלעכע ביקסן, אַטרעזאַנקעס, און פּיסטאַלעטן.

שימקע לעווין און זיין ברודער רוווקע פירן די גרופּע. זיי ווייסן שוין ווי צו גיין, אַז מען גייט מיט זיי דאַרף מען ניט מורא האָבן — זיי קענען דאָ אין גאַנצן קאַנט אַלע וועגן און שטעגן.

די שורה שלענגלט זיך, מען מיידט אויס שטערונגען אין וועג און שטומער־הייט באַוועגט מען זיך פאָרויס.

שיקע קוקט אויף דער שורה באַוועגלעכע סילועטן, און דאָס האַרץ ווערט אים צוזאַמענגעקאַרטשעט. אַט איז זי, סוועניציאַן, גאַנץ סוועניציאַן, דאָס איז דאָס הייפעלע וואָס איז געבליבן פון גאַנצן יידישן ישוב, דאָס איז איר גאַנצע פירהונדערט־יאָריקע מי און פּראַצע, וואָס זי האָט אַריינגעלייגט פאַר דער צייט פון איר עקזיסטענץ.

צי וועלן די יונגע יינגלעך אויסהאַלטן דעם שווערן נסיון, צי וועלן זיי אַרי־בערקומען די שוועריקייטן, וואָס שטייען פאַר זיי? אַ קעלט גייט אים אַריבער איבערן גאַנצן לייב, נאָר דער שוידער ווערט אים גלייך פאַרוואַנדלט אין אַ קנויל פון אַנגעשפּאַנטע נערוון, ווען ער דערמאָנט זיך נאָר די אַנדערהאַלבן יאָר, צייט די דייטשן באַלעבאַטעווען דאָ אויף דער ערד. פאַרביסן דריקט ער דעם רימען צווישן די פינגער, ציט די ביקס אויף דער פּלייצע, און דער טראָט ווערט אים שטייפער, האַרטער.

באַוועגן זיך איינצלנע פינטעלעך, וואָס שאַפן אַ ליניע אין דער הויך — די שורע קלעטערט באַרג אַרויף.

אַנשטאָט די פינטעלעך וואַקסן פאַר אים אויס שטומע הייזער, וועלכע מען האָט פאַרלאָזט אויף אייביק, פאַרביטן אויפן אומענדלעכן הימל, אויף די ווייטע

שטערן, וועלכע וויקלען פאַנאַנדער ביז אומענדלעכקייט די פאַנטאַזיע, פינקלען, לאָקן, פאַרצויבערן.

גאָרנישט בינדט אים שוין ניט מיט יענער סוועניצאַן, עפּעס ווי אַ ווייטער וויסטער חלום. נאָר אין זיין פלאַטערנדיקער דערהויבנקייט שניידט אים אַדורך אַ שאַרפער ווייטיק דאָס האַרץ.

איינער אַליין איז ער געבליבן. ניט דער טאַטע מיט דער מאַמען, ניט לייזער־הירשקע און מיישע־מאָטקע, ניט ראָכקע און ניט עטעלע, ניט ביילקע און ניט געלע־רישינקע — די גאַנצע משפחה, אַלעמען, אַלעמען האָבן די דייטשן אויסגע־הרגעט, ניטאָ קיינער.

די איינציקע נאָענטסטע, וואָס זייגען אים פאַרבליבן, זיינען אָט די צוואַנציק חברים, וואָס גייען דאָ מיט אים צוזאַמען אין דער קילער פינצטערער נאַכט. מער פאַרמאָגט ער ניט קיינעם. יאָ, ער האָט נאָך וועמען, נאָר ער ווייסט ניט, ווי אַזוי ער האָט זיך פון איר צעשיידט. ער פילט נאָך איצט דעם האַנט־דרוק, מיט וועלכן ער האָט זיך צעשיידט מיט חייקען. נאָך יעצט שניידט אים אין האַרץ איר בליק, מיט וועלכן זיין בליק האָט זיך ביים געזעגענען צוזאַמענגעטראָפן. ניין, דעם בליק קען ער ניט פאַרגעסן, דער בליק לייכט אים. דאַכט זיך פאַרויס דעם וועג. אַ סך חברים וואָלטן אַוודאי מיטגענומען זייערע נאָענטע און געליבטע, און דאָך האָט מען זיי איבערגעלאָזן. כמעט אַלע זיינען געווען קעגן מען זאָל זיי מיטנעמען. פאַרוואָס ? — פאַרשטייט ער אַליין ניט. פאַרוואָס ? — שטעלט ער זיך אַ פראַגע און קען זיך ניט פאַרענטפערן.

אויפן וועג האָט מען דורכגעשניטן אַ דאָרף. נידעריקע הילצערנע כאַטקעס שטייען פון ביידע זייטן גאַס. ס׳האָט זיך צעבילט אַ הונט, אַ צווייטער, אַ דריטער. ס׳האָבן זיך צעקרייט העגער. דער דאָרף האָט אויפגעוואַכט פון זיין נאַכטיקער שטילקייט. אפשר האָבן זיך אויך די פויערים אויפגעוועקט און קוקן אין אימה, מיט פאַרשלאָפענע בליקן, דורך די קליינע דאָרפישע פענצטערלעך אויף די פאַר־בייגייענדיקע שאָטנס. זיי שטעלן זיך פאָר ווער עס גייט. אַזוי פיל האָבן זיי נאָך אַוודאי אין זייער דאָרף ניט געזען. זיי ווייסן, אַז די טונקעלע שאָטנס זיינען אַן אָנזאָג פון שטורעמס און אויפרייסן, פון צעפלאַקערטע רויטע הימלען אין די פינצטערע נעכט. „פאַרטיזאַנער״ — שעפּטשען זיי מסתמא מיט שרעק, און קענען שוין ביז פאַרטאָג ניט איינשלאָפן.

דער דאָרף איז שוין געבליבן הינטער זיי, און ווידער איז אַלץ שטיל. לעבן אַ קוסטאַרניק, געדיכט פאַרוואַקסן מיט צווייגן, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. שימקע מיט זיין ברודער רוווקע זיינען ערגעץ ווו אַוועק. מען וואַרט לאַנג.

פון לאַנג זיצן אויף אַן אָרט ווערט קאַלט. אַ טייל חברים הויבן זיך אָן באַאומ־רואיקן. דער זייגער איז פיר און באַלד הויבט אָן טאָגן.

— ווי וויט זיינען מיר פון סוועניצאַן ? — פרעגט אין דער שטיל אַ שטים.

— בערך אַ דרייסיק קילאָמעטער. — ענטפּערט שיקע אַן איינגעטוליעטער אין זיין וואַרעמער בורקע.

ענדלעך האָבן זיך שימקע מיט רוווקען אומגעקערט, און נאָך אַ האַלבער שעה גיין זיינען זיי אַלע שטיין געבליבן פאַר אַ גרויסן סאַריי, וועלכער איז געשטאַנען ניט ווייט פון אַ וואַלד. אין אַ זייט פון סאַריי איז איינזאַם געשטאַנען אַ פויערשע שטיבל — ס'איז געווען אַ כוטאָר.

איבערלאָזנדיק צוויי מאַן אויף דער וואַך זיינען אַלע אַריין אין שייער. הויך, כמעט אונטערן דאַך זיך פאַרקליבן אויפן שטרוי, און איינגעטוליעטע, מידע, אויסגעמאַטערטע פון וועג, איינגעשלאָפן.

נאָר ניט אַלעמען איז זיך געשלאָפן. שטיל האָבן זיי זיך אַראָפּגעשאַרט אונטן, זיך געפּאָרעט אין דער פינצטער, און באַלד האָט אַ בליץ געטאָן אַ פייערל; שוואַכע שאָטנס האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן איבערן סאַריי — עמעצער האָט פאַרויכערט.

שיקע איז געלעגן אויבן און מיט וואַכע אויגן געקוקט צו די פינקלענדיקע פייערלעך. מיר זענען פריי — האָט ער געטראַכט, אַריינאָטעמענדיק אַ פאַרשי־כורטער דעם אַראָמאַט פון דעם שמעקעדיקן היי, וועלכער האָט אָנגעפילט דעם סאַריי. ער איז געלעגן אַ באַרוישטער, טראַכטנדיק פון געטאָ.

די שטעכל־דראָטן, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט די געטאָ — האָט זיך אים געדאַכט — שוועבן אין דער לופטן אין צעריסענע שטיקער, אַרויסגעשליידערט צום הימל, און פאַרשווינדן אין דער נאַכטיקער ווייט. ער האָט זיך דערמאָנט אין אַ סך באַקאַנטע, מיט אַ מאָל אַזוי נאָענט געוואָרענע פּנימער. זיי האָבן פאַרביי אים פאַרבייגעשוועבט, ווי די שאָטנס אויף דער וואַנט פון די ברענענדיקע פּאַפּיראָסן־פייערלעך — שוועבנדיקע שאָטנס, וואָס ציטערן אין שרעק און אַנגסט פאַרן לעבן.

ענדלאָז ווי דער הימל איז די פרייהייט, אָבער שווער ווי אַ שטיין דריקט זי אויף דער נשמה, ווען דו ווייסט, אַז דיינע נאָענטסטע שמאַכטן דאָרט און ציטערן איבער אַ טאָג לעבן.

— ווו נעמט מען כוח דאָס אַלץ אַריבערצוטראָגן? — האָט ער שטיל צו זיך אַליין געשעפּטשעט.

— פאַרלעשן די פּאַפּיראָסן! — האָט פון דרויסן אַריינגעשריען אַ קול פון אַ וועכטער.

שטאַרקער האָבן אויפגעבליצט פונקען און נאָך דעם איז געוואָרן שטאָק־פינצטער. אַ באַרואיקנדיקע, איינוויגנדיקע שטילקייט האָט געשוועבט איבער די אויסגעמאַטערטע נאָך אַ גאַנצע נאַכט גיין, שלאָפנדיקע חברה.

ווען ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן איז שיקע איינגעשלאָפן. אויפגעמאַכט די אויגן האָט ער, אַז ס'איז שוין געווען גוט ליכטיק.

אין מיטן סאַריי, ביי אַ גרויסן קעסל, פון וועלכן ס׳האָט געשלאָגן אַ פּאַרע, איז געשטאַנען אַ פּויער און געטיילט די חברה לעפל מיט גאָפּל.

— מיט אַ גוטן אַפּעטיט, כלאָפּצי! — האָט ער צו יעדן איינעם פריינדלעך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — און אַלע יידן? און צוויי מיידלעך זיינען דאָ צווישן אייך? — האָט ער זיך ניט געקאָנט אָפּוווּנדערן — דרייסטע חברה, אַזוי דאַרף זיין, מאָלאָדצי!

שיקע איז אַראָפּגעקראָכן אונטן. אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ הילצערנער עמער, געשמידט אין אייזערנע רייפן, מיט קאַלטן, פרירנדיקן וואַסער. ער האָט זיך אַרומגעוואַשן, אָפּגעפרישט זיך, און מיט אַלעמען זיך געשטעלט ביים פּאַרע־דיקן קעסל.

ביינאַכט האָט מען זיך געזעגנט. יעדן איינעם האָט דער פּויער פריידיק־באַוווּנדערנדיק געדריקט די האַנט און צוגעווונטשן אַ גליקלעכן וועג.

— אויב ס׳וועט אויסקומען, קומט אַראָפּ. כ׳בין שטענדיק גרייט אייך אויפ־צונעמען.

און ווידער איז מען געגאַנגען. די געמיטער זיינען געוואָרן הייטערער, דער טראָט לייכטער. איינער, אַ צווייטער האָט צעשפּילעט דעם מאַנטל, די פּאָלעס האָבן זיך צעשפּרייט, זיך געהויבן אין דער לופט.

געטראָגן ווי אויף פליגל איז אַ גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער געגאַנגען אַנטקעגן דעם גורל, אַנטקעגן דעם שונא, אַנטקעגן דעם טויט — צום לעבן.

דער צערקלישקער וואַלד, ווו זיי זיינען אָנגעקומען, איז ניט געווען קיין גרויסער — פיר קוואַדראַט קילאָמעטער אין שטח. פאַנאַנדערגעטיילט אין דורכ־גענג איז געווען דער וואַלד, דורך וועלכע מען האָט כמעט אַרויסגעזען דעם ראַנד.

נאָדל און בלעטער־בוימער זיינען דאָ געוואַקסן צוזאַמען. נאַקעטע האָבן די בעריאָזעס, מיט זייערע ווייסע שטאַמען זיך אויסגעטיילט פון די ברוין־גרויע יאָלקעס און סאָסנעס, איינגעהילטע אין זייערע גרינע נאָדלען.

די לופט איז אָנגעזאַפּט מיט פייכטקייט און מיטן ריח פון איבערגעפוילטע בלעטער. דער שניי ליגט נאָך אונטער די בוימער, און ניט ווייט, צווישן זיי, שלענגלט זיך אַ טייכל, טראַגנדיק מיט זיין וואַסער דעם פרילינגדיקן געררויש.

מען אַרבעט, מען לייגט אַ דרענגל צו אַ דרענגל, אַ צווייגל צו אַ צווייגל, און ניט ווייט פון טייכל, צווישן די געדיכטע בוימער און קוסטעס, זיינען אויס־געוואַקסן דרייביידלעך.

משה שוטאַן

# אין וואַלד

אַ גאַנצע נאַכט האָט גערעגנט. ס׳האָט געגאָסן ווי פון עמערס. דורכגעווייקטע ביז צום לייב גייען פיר פּאַרטיזאַנער האַרט איינער לעבן צווייטן, און שלעפּן שווער די נאַסע פאַרבלאָטיקטע פיס אין דער זומפּיקער, דורכגעווייקטער פון רעגן ערד.

זיי האַלטן זיך איינער נאָכן צווייטן, נאָך דעם שאָרך פון זייערע טריט. די נאַסע העמדער זיינען זיי צוגעקלעפּט צום לייב, און פון די היטלען און האָר טריפן טראָפּנס וואַסער אונטער די קאָלנערס.

חוץ די ביקסן, איבערגעדרייטע מיט די לופעס אַראָפּ, טראָגט יעדער פון זיי אויף די פּלייצעס אַ זעקל מיט שפּייז. אויך דאָס שפּייז, וואָס זיי טראָגן אין די זעקלעך, איז דורכגעווייקט און נאַס. פון צייט צו צייט וואַרפן זיי איבער די נאַסע זעקלעך, וואָס זיינען געוואָרן ווי אַ שטיק שטיין, פון איין זייט פּלייצע אויף דער צווייטער, כדי זיך צו פאַרלייכטערן דעם גיין. יעדע אַזאַ באַוועגונג דריקט זיי צו די נאַסע זאַכן צום לייב און שוידערט זיי אויף דעם גאַנצן קערפּער. די נעץ און די קעלט איז זיי שוין אַריינגעקראָכן אין די ביינער, אין דעם מאַרך. און נאָר דאָס אומאויפהערלעך גיין האַלט זיי אונטער די וואַרעמקייט פון קערפּער. אַלע זיינען שוין מיד און אויסגעמאַטערט פון וועג, און לויט דער פאַרע, וואָס שלאָגט זיי פון די פּנימער פילט מען, אַז די טראָפּנס וואַסער פון רעגן זיינען אויסגעמישט מיט שווייס.

דער ערשטער גייט פּערעצקע. ער האַלט פאַריסן דעם קאָפּ אַנטקעגן רעגן, וואָס שמייסט אים אומאויפהערלעך אין פּנים, און קוקט זיך אַפילו ניט אום. זעסט — טראַכט ער זיך — אַז איך האָב געוואָלט אַרויס מיט זיי פון געטאָ, האָט מען מיך געיאָגט, געטריבן, ניט געוואָלט מיטנעמען. נאָר יעצט זעען זיי שוין אַליין, אַז אָן מיר וואָלטן זיי זיך קיין עצה ניט געגעבן אין דער פינצטערער רעגנ־דיקער נאַכט. גיט עס אים צו מוט און ער פילט גאָרניט דעם שלאָקס־רעגן און ווינט, וואָס וואַשן אים ווי מיט שטראָמען דאָס געזיכט, און ער טראָגט זיך ווי אַ פויגל אין שטורעם.

אַלע טראָגן שטיוול איז זיי לייכטער צו גיין, נאָר פּרויקע טראָגט אַ פּאָר שיך, פול אָנגעשעפּטע מיט בלאָטע און וואַסער. פון די נעץ איז אים אַראָפּגעקראָכן די הויט פון צווישן די פינגער פון די פיס. ער שטעלט קוים דעם טראָט, און יעדער טראָט — אַ שניט אין האַרץ.

— וואַרט! — שרייט בערקע, וועלכער גייט הינטער פּערעצקען, קוים אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם פון ווינט און רעגן — מען זעט דאָך ניט פּרויקען, מיר וועלן דאָך אים פאַרלירן!

נאָר פּערעצקע ענטפערט ניט, כאַפּט דאָס די כאָלערע — טראַכט ער — איך וועל שוין ווו דערטאַפּן ערגעץ ביי אַ פּויערל פּאַר פּרויקען אַ פּאָר שטיוול.

מערסטנטייל, אַז מען גייט זיך איינשאַפן שפּייז, גייט פּערעצקע, אָדער איינער פון די צוויי ברידער שימקע און רוווקע לעווין. זיי זיינען אויסגעבאַקן אין דער געגנט, און אויך די איינוווינער זיינען פאַר זיי ניט אומבאַקאַנט.

דאָס מאָל איז דאָס גיין געווען גאָר אומדערטרעגלעך. די פינצטערניש מיטן רעגן האָבן אָפּגעווישט יעדן שפּור פון אַ וועג, צונויפגעגאָסן דאָס פעלד מיטן וואַלד, דעם באַרג מיטן טאָל, הימל און ערד זיינען געוואָרן איין שטיק. און ווען זיי טרעטן ניט מיט די פיס אויף דעם ערדיק צעשווומענעם באָדן, וואָלט זיך זיי געדאַכט, אַז זיי טראָגן זיך אין געוויטער צו אַן אומענדלעכן וויסטן אָפּגרונט.

פּערעצקע איז שטיין געבליבן. דאַכט זיך ער האָט פאַרבלאָנדזשעט. מיט אומגעדולד וואַרטן די איבעריקע ער זאָל זיך שוין רירן פון אָרט, ווייל שטייענדיק אַזוי אין רעגן פילן זיי ווי די גלידער נעמען זיי אָפּ, ווערן פאַרגליווערט.

— מ׳דאַרף גיין צוריק! — רופט ער זיך ענדלעך אָפּ.

די יאַטן שווייגן. זיי מוזן אים גלויבן. גיי שטעל שאלות אין אַזאַ חושכדיקער מבולדיקער נאַכט. דרייען זיי זיך אויס און גייען אים נאָך.

נאָך אַ שעה גיין בלייבט ער ווידער שטיין.

— וואָס איז געשען? — פרעגט בערקע.

— כ׳ווייס שוין ווידער ניט דעם וועג.

בערל האָט פאַרלאָרן דעם געדולד. ס׳האָט אין אים אויפגעברויזט זיין היציקע זעלבסט-הערשערישע נאַטור. כאַטש פּערעצקע פירט, פילט ער זיך פאַראַנטוואָרט-לעך פאַר דער גרופּע. ווער איז דען פּערעצקע? — אַ נייער, נאָר צוזאַמען מיט זיי אַרויס פון געטאָ. ער ווייס נאָר די געגנט. זיך אָבער אַן עצה געבן אין אַ שווערער סיטואַציע, אין אַזאַ שטורעם און געוויטער?

— גענוג! — רופט ער אויס — איך פיר!

— וואַרט אַ ווײַלע? — זאָגט פּערעץ.

נאָר בערל ענטפערט ניט. ער לייגט צו, צונויפגעדרייט, די האַנט צום קאָמ-פּאַס, געפינט דעם צפון און שפּאַנט אַוועק פאָרויס, און די חברה מיט פּערעצקען נאָך אים. אָפּגייענדיק אַ שטיק וועג, האָבן זיי זיך אָנגעשלאָגן אָן אַ צוים.

וואָס איז דאָס פאַר אַ צוים, ווו זיינען זיי? נאָר בערל טראַכט ניט לאַנג. טאַנצט אַריבער דעם צוים און די חברה נאָך אים. קלאַפּן זיך אָפּ די ביקסן אָן די הילצערנע נאַסע דרענגער פון פּלויט, און אַ טויבער, טעמפּער קלאַנג צעטראָגט זיך אַרום.

ס׳צעבילט זיך אַ הונט. אַלע בלייבן שטיין, און אָנגעשטרענגטע, מיט האַרצ-קלאַפּעניש, הערן זיי זיך צו. אין דער פינצטער בליצט אויף אַ טונקל-רויט פייערל און עס דערהערט זיך אַ קנאַל. מען שיסט.

אַריבערגעשפּרונגען צוריק דעם צוים זיינען זיי אַנטלאָפן צוריק.

אַז ס׳איז שטיל געוואָרן פון די שיסערייען, זיינען זיי שטיין געבליבן, קוים אַראָפּגעשלעפּט פון זיך די נאַסע זעקלעך און טויט־מידע זיך אַוועקגעזעצט אויף זיי, אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

בערל איז פאַרביטערט און זיצט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ווען ניט דער פּלויט וואָלטן זיי געקענט אַרויפקריכן ווער ווייס אויף וועמען?

— כ׳האָב דיר געזאָגט, — רופט אויס פּערעץ — אַז מיט דיין קאָמפּאַס קענסטו אונדז אין בויבעריק פאַרפירן.

סוף־סוף, ווען עס האָט אָנגעהויבן שאַרן אויף טאָג האָט פּערעצקע געבראַכט די חברה צום ראַנד פון וואַלד.

מיטן אָנקומען אויף דער באַזע האָבן זיי קיינעם ניט אויפגעוועקט. סיי ווי איז קיינער ניט געשלאָפן.

פאַרנאַכט, אַז ס׳איז געוואָרן פינצטער, זיינען אַלע אַריינגעקראָכן אין די ביידלעך און זיך געלייגט אויף די אויסגעבעטע, אויף דער ערד, סאָסנאָווע און בערי׳אָזעווע צווייגלעך שלאָפן, נאָר די צוויי שומרים זיינען געבליבן אין דרויסן. איינער איז געזעסן, זיך געוואַרעמט און אונטערגעהאַלטן דעם פייער, וואָס איז געווען פונאַנדערגעלייגט ניט ווייט פון די ביידלעך, און דער צווייטער האָט געהיט.

אַז ס׳האָט אָנגעהויבן רעגענען זיינען ביידע אַריינגעקראָכן אינעווייניק אין די ביידלעך און איינגעדרייטע און איינגעטוליעטע פון קעלט, האָבן זיי זיך צוגעקוקט צום ברענענדיקן פייער, און איינגעשלאָפן.

דער רעגן האָט זיך פאַרשטאַרקט, סענטימעטער נאָך סענטימעטער באַזיגט דעם ברענענדיקן האָלץ, ביז דער פייער האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָשן.

דער כראָפּען פון די צונויפגעטוליעטע איינער צום צווייטן חברה, האָט זיך געטראָגן פון די פּאַלאַטקעס, און איינגעשלונגען געוואָרן פון שלאַקס־רעגן און ווינט, וואָס האָט זיך מיט אַ געוויערריי געטראָגן איבערן וואַלד.

די שלאָפנדיקע האָט דורכגענומען אַ קעלט. איינער נאָכן צווייטן האָבן זיי זיך אָנגעהויבן איבערצוּוועקן. די פינצטערניש און דער שרעקלעכער ווינט, וואָס האָט געריסן די צונויפגעפלאָכטענע צווייגלעך און קאָרע פון די ביידלעך, האָט אויף זיי אָנגעוואָרפן אַן אימה.

— ווו זיינען די שומרים? — פרעגט איינער.

— פאַרוואָס איז דער פייער פאַרלאָשן? — פרעגט אַ צווייטער.

— ליג אַליין אין אַזאַ רעגן אין דרויסן! — פאַרענטפערט זיך אַ שומר

— מ׳האָט זיך דאָך געקענט בייטן.

— אוי, ס׳קאַפּעט מיר אויפן פּוס!

— און מיר אויפן קאָפּ!

איינער נאָכן אַנדערן האָט מען אָנגעהויבן בייטן די פּלעצער. באַלד איז שוין

אין ערגעץ קיין פּלאַץ ניט געווען. אומעטום האָט געקאַפּעט. נאָך דעם האָט אָנגע־הויבן צו רינען. די דינע סאָסנע־צווייגלעך, אויף וועלכע זיי זיינען געזעסן, זיינען געוואָרן נאַס. ס׳האָט אָנגעהויבן גיסן און די פּאַלאַטקעס וויינען פול געוואָרן מיט וואַסער.

— מ׳שווימט דאָך שוין באַלד אַוועק! — רופט ווער אויס.

— אין דרויסן איז דאָך שוין בעסער. — לייגט ווער פאָר.

איינער נאָכן צווייטן האָבן אַלע אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פון די ביידלעך. איינגעדרייטערהייט זיך צוגעטוליעט און זיך באַהאַלטן אונטער די נאַסע שטאַמען פון די בוימער, און אַזוי, איינגעשרומפּענע און ציטערנדיקע האָבן זיי אָפּגע־פינצטערט די גאַנצע נאַכט.

אַז ס׳איז געוואָרן ליכטיקער האָבן יאָסקע און איציקע פּרובירט פונאַנדער־לייגן אַ פייער. זיי רייבן די שוועבעלעך, בלאָזן מיט די לעצטע כוחות, נאָר עס העלפט ניט — די צווייגן זיינען נאַס און ווילן זיך ניט אָנצינדן.

זיצן אַלע אונטער די בוימער איינגעקאָרטשעטע, מיט אויסגעמאַטערטע ניט אויסגעשלאָפענע פּנימער, מיט ליפּן, וואָס ציטערן פון קעלט און קוקן אויף די גרויע טראָפּנס רעגן, וועלכע הענגען אויף די צווייגן פון די בוימער, וואָס מיט זייער דראָבנעם טריפן מאַכן זיי די חברה קאַלעמוטנע אויפן האַרצן.

— מ׳וועט אַלע קראַנק ווערן און אויספייגערן ווי די הינט! — רופט אויס מאָטקע פייגעל, — אין וואַלד האָט זיך זיי פאַרוועלט, און אויף פאַנאַר זייט איר קראַנק געווען צו גיין.

— וועמען האָט דען געקאָנט איינפאַלן, אַז מען וועט דאַרפן לעבן ווי די ציג־ינער?

— מען האָט דאָ געדאַרפט אַ פּאָר דייטשע ווינטער־אויוועלעך האָבן. — זאָגט יאָסקע.

— אפשר האָט מען פאַר דיר אַ פּערענע געדאַרפט ברענגען? — ענטפערט אים דאָווידקע, אַליין גרין און בלוי ווי אַ גריל.

קיינער אָבער לאַכט ניט, מען זיצט איינגעטוליעטע, צוגעדריקט איינער צום צווייטן, מיט פאַרגליווערטע הענט און פיס, פון דער פייכטער קעלט, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין אַלע גלידער.

ס׳טרייסלט זיי, ס׳קלאַפּט זיי אַ צאָן אָן אַ צאָן, און דער רעגן, וואָס האָט זיך אויף אַ ווײַלע באַרואיקט, האָט ווידער אָנגעהויבן צו גיסן און גיסן.

צו דעם נאַסן עסן, וואָס מען האָט געבראַכט, וויל זיך אַפילו קיינער ניט צורירן. עס איבלט זיי אָפּ.

זיצן אַלע צוזאַמענגעבראָכן און פאַרטרויערט, און דער הימל, וואָס איז איין שטיק שוואַרץ־גראָער וואָלקן, ליגט איבער די בוימער פון וואַלד, איבער דער ערד, איבער זייערע קעפּ, אַז מ׳זעט קוים אַ מעטער פאַר זיך.

דער איינציקער, וואָס האַלט זיך איז פּערעצקע גראַזול. ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבן צו רעגענען, האָט ער אַרויפגעצויגן איבערן קאָפּ אַ זעקל, פון וועלכן ער האָט זיך קיין מאָל ניט געשיידט, און אים שטענדיק געטראָגן מיט זיך אונטערן אָרעם. דער זעקל האָט אים פאַרדעקט דעם קאָפּ, דעם שעפּסענעם פּעלצל, מיט וועלכן ער איז אַרויס פון געטאָ און כאָטש דער רעגן איז גובר געווען דעם זאַק מיטן פּעלצל, איז ער דאָך ניט געווען אַזוי נאַס ווי די איבעריקע.

— זע נאָר, ווי זיי האָבן זיך צעלייגט די צעלייגער, — האָט ער אויסגערופן לאַכנדיק, — ווען איך וויס, אַז איך האָבן צו טאָן מיט אַזעלכע גבורים, וואָלט איך אייך באַלד פון געטאָ ניט נאָכגעלאָפן.

מיט זויערע מינעס, פאַרביטערט און ברוגז קוקן אַלע אָן פּערעצקען מיטן שפּיציקן זאַק איבערן קאָפּ און שווייגן. אַז פּערעצקע איז אַ צעדרייטער ווייסן זיי דאָך, וואָס זאָלן זיי מיט אים ריידן?

נאָר מאָטקע גיט ניט נאָך:

— קוק זיך אַליין אָן, משוגענער, — רופט ער אויס — דו זעסט דאָך אויס ווי אָן אָפּגעקראָכענע נאַסע קאַץ, ווי אַ לעבעדיקע פּגירה.

— איך וועל דיר באַלד ווייזן אַ נאַסע קאַץ, אַ לעבעדיקע פּגירה, איך וועל אייך באַלד אַלעמען אָנוואַרעמען, אַז איר וועט ביי מיר אַ טענצל גיין. — און אויפּמאַכנדיק דעם זעקל, וואָס איז געלעגן לעבן אים, האָט פּערעצקע אַרויסגעשלעפּט צוויי פלעשער סאַמאָגאָן. — איר ווייסט פון אַ וואַלד־לעבן? איר ווייסט פון זאַוויערוכעס און רעגנס? ביכעלעך קענט איר לייענען, אין קאָמפּאָסלעך אַריינקוקן, אָבער מאַכן אַ לעבן אין וואַלד, אונטערן פרייען הימל, אויף דער גאָלער ערד — זאָלט איר זיך לערנען ביי מיר.

פון האַנט צו האַנט זיינען איבערגעגאַנגען די צוויי פלעשלעך סאַמאָגאָן. מ׳האָט זיך פאַרהוסט, פאַרקרימט — און געטרונקען. ביי די יאַטן האָבן אָנגעהויבן אונטערגלאַנצן די אויגן; מען האָט אָנגעהויבן רייסן שטיקער פון דעם נאַסן און אויסגעווייקטן ווי אַ שטיק טייג ברויט, פאַרביסן מיט דער דורכגעווייקטער צעקראָכענער סאַלע, און די שווערע שטימונג האָט אָנגעהויבן נאָכצולאָזן. און איידער זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט, האָט זיך פּערעצקע אַ דריי געגעבן אַרום די ביימער, אָפּגעפונען צווישן די סאָסנעס אָנגעקוואָלענע מיט סמאָלע צווייגעלעך, געמאַכט אַ קליינעם שייטער, אָנגעצונדן אַ שטיקל פּאַפּיר, אונטערגעלייגט אונטער די צווייגעלעך — און רויכערנדיק און קנאַקנדיק האָט זיך אָנגעצונדן אַ פייער.

זיך אַריינשטופּנדיק צווישן די יאַטן, האָט זיך פּערעץ מיט זיין זאַק אַוועקגעזעצט ביים פייער, אַרויסגעשלעפּט קאַרטאָפל און אַרונטערגעלייגט זיי אונטער די ברענענדיקע צווייגן.

די חברה האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערוואַרעמען, צוריקבאַקומען די נאָרמאַלע פאַרב אויף די פּנימער. בייטנדיק די פּלעצער, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צו דרייען

אַרום פייער מיטן פאָרנט און מיטן הינטן, און פון די נאַסע זאַכן האָט אָנגעהויבן צו שלאָגן אַ פּאַרע.

דער רעגן האָט אַ ביסל נאָכגעלאָזט, חברה האָבן אָנגעהויבן פונאַנדערציִען די גלידער, אָנגעהויבן אויסטאָן די שטיוול מיט די שיך, און האַלטנדיק די פּאַר־גליווערטע געפרוירענע נאַסע פיס אויף די צווייגן פון ברענענדיקן פייער, גע־טריקנט אין די הענט די נאַסע פּאַרציאַנקעס און סקאַרפּעטן.

די צוויי מיידלעך, וואָס געפינען זיך צווישן זיי, שטייען מיט אַן אומשולדיקן שמייכל און פאַרקעמען זיך די האָר זיי זאָלן אויסזען שענער, און שיקע פאַרציט גאָר מיט אַ באַקאַנטן ניגון, פון אַליין פאַרפאַסטע ווערטער:

ס'ווערט וויינען קלאָגן טאַטע־מאַמע, —
מיר גייען, מיר גייען אויפן פראָנט.
דער שונא טוט זיך דאָרט פאַרשטעקן,
ער איז פון אונדז שוין זייער נאָענט.

פון אָנהויב האָט זיך אַ דינער העלער פלעק באַוויזן אויפן פאַרכמאַרעטן הימל. נאָך דעם האָט אַ בלויער פּאַס איבערגעשניטן דעם העלן פלעק און זיך אָנגעהויבן צו צעשפּרייטן. נידעריק איבער די בוימער האָבן אָנגעהויבן אָפּטרעטן די כמאַרעס, איבערלאָזנדיק אַ לויטערן הימל.

ווייסע פּאַסן ליכט, אין פאָרם פון דורכזיכטיקע העלע באַוועגלעכע זיילן, האָבן שפּילנדיק זיך אָנגעהויבן דורכצושניידן צווישן די בוימער. די טראָפּנדלעך וואַסער אויף די צווייגן האָבן אָנגעהויבן שימערירן מיט אַלע פאַרבן פון רעגן־בויגן. אַ קילער ווינטל איז אַדורכגעלאָפן איבער די קראָנען פון די בוימער, אַ שפּיל געטאָן זיך מיט זיי, ווי מיט אַ צעלאָקטער טשופּרינע האָר, זיך פאַרגנבעט נידעריקער צווישן די צווייגן, זיי צעוויגט און דער וואַלד האָט אָפּגעלעבט.

דערוואַרעמטע ביים פייער, עסנדיק די אויסגעבאַקענע הייסע קאַרטאָפל, וועלכע די יאַטן האָבן אַרויסגעשאַרט פון אונטער די ברענענדיקע קוילן, אויס־געמאַטערטע און מידע פון אַ גאַנצע נאַכט, איז אויף זיי ערשט יעצט אָנגעפאַלן אַ שלאָף.

אין די ביידלעך קען מען ניט גיין. דאָרט איז נאַס און קאַלט. זיצן אַלע אַרום פייער און דרעמלען.

## צוריק אין געטאָ

שיקע שלאָפט ניט. שוין באַלד אַ וואָך, ווי זיי זיינען אין וואַלד. חוץ דעם וועטער, וואָס האָט זיך פאַרערגערט די לעצטע צייט, און עס רעגנט אָן אויפהער,

האָט זיך ביי זיי גאָרניט געענדערט. יעדער טאָג איז ענלעך צום צווייטן ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, ווי די שטאַמען פון די בוימער, ווי דער גערויש פון וואַלד. מען עסט, מען שלאָפט, און מען שטייט אויף דער וואַך. דאָס איינציקע, וואָס זיין טוען, איז איידער עס ענדיקט זיך דאָס עסן, גייט מען אַרויס זיך איינשאַפן נייע שפּייז. יאָ, זיי האָבן נאָך אַן אַרבעט. פאַר דער צייט איז זיי באַפאַלן אַ בייסעניש, האָט מען געפונען אַ כוטאָר, עטלעכע קילאָמעטער פון וואַלד, מיט אַ באָד, און מען גייט זיך דאָרט וואַשן און פאַרענען. ס׳קומען טאָקע צו נייע כוחות. ס׳איז אָבער אַ גאַנצע פאַרדרייעניש. מען דאַרף שטיין און היטן, עס זאָלן חס־וחלילה ניט אָנשפּרינגען קיין דייטשן, אָדער סתם אומגעבעטענע געסט. היינט דער פויער מיט דער פאַמיליע ציטערן אימת־מות, און ס׳איז טאָקע אויף זיי אַ רחמנות, ווייל ווען מען וואָלט ביי אים געכאַפּט פאַרטיזאַנער, וואָלט ער שוין גוט ניט אָפּגעשניטן. און די חברה, ווי אויף צו להכעיס, וואַשן זיך לאַנגזאַם, איילן זיך ניט, גיסן אַלע ווילע קאַלט וואַסער אויף די גליענדיקע שטיינער, זיינען זיך מחיה מיט דער פּאַרע. אַנדערע זיינען גאָר געפאַלן אויף אַ המצאה, מען ברענגט די שמוציקע וועש — אין וואַרעמע וואַסער איז לייכטער צו וואַשן. און אויסער דעם קען מען זיי אויספאַרענען אויף די הייסע שטיינער.

קיין פאַרבינדונג מיט פאַרטיזאַנער האָט מען נאָך ניט געקראָגן. און וואַרטן קען מען ווער ווייס וויפל. ניין, ס׳איז ניט קיין תכלית צו זיצן אַזוי מיט פאַרלייגטע הענט — טראַכט ער, אָנקוקנדיק די אָפּגעצערטע, אויסגעמאַטערטע חברים, וואָס ליגן צעלייגט ביים פייער און דרעמלען.

— קינדערלעך, וואָס זיינען מיר דאָ געקומען, דאַטשע פּראַווענען? — רופט ער אויס אויף אַ הויכן קול.

אַלע הויבן אויף אויף שיקען פאַרשלאָפענע אויגן. וואָס רעדט ער? וואָס לאָזט ער ניט רוען? פאַרשטייען ניט וואָס ער וויל?

נאָר שיקע רעדט, און וואָס ווייטער מיט מער טעמפּעראַמענט. ער שניידט זיך אַריין אין זייערע מוחות, ווי דאָס ווינטל צווישן די בוימער. זיי הויבן זיך אָן צו באַוועגן, אויפצומינטערן זיך.

— וואָס קען מען טאָן?

— וואָס הייסט וואָס מען קען טאָן? דערויף זיינען מיר אין וואַלד געקומען, זיך קושיות שטעלן? זייענדיק אין געטאָ האָבן מיר זיך ניט פאַרגעשטעלט, וואָס הייסט גיין ביינאַכט אויסגעבאַהאַלטענע פון דייטשן, מיט געווער אין די הענט. היינט זעען מיר, אַז דאָס איז מעגלעך. מ׳דאַרף זען וואָס צו טאָן?

— ס׳איז נאָך צו פרי, — האָט אויסגערופן דאַווידקע — אַן אַקציע קענען מיר דורכפירן, דער וואַלד איז אָבער קיין וואַלד ניט, מען קען אונדז דאָ לייכט דעמאַסקירן. די בעסטע זאַך איז זיך צו פאַרבינדן מיט פאַרטיזאַנער. באַקאַנטע פויערים האָבן צוגעזאָגט, דאַרף מען האָבן געדולד און וואַרטן.

— וואָס מיינסטו, אַז יענע פּאַרטיזאַנער זיצן ביי די דייטשן אויף קעסט?

— די בעסטע זאַך איז אַריבערגיין אין אַ גרעסערן וואַלד, און בכלל דאַרף מען פון דאַנען אַוועקגיין. די אָנגעזעגטע צונויפגעלייגטע קלעצער האַלץ זאָגן מיר ניט קיין גוטס — האָט זיך אַריינגעמישט שימקע לעווין.

— ווייזט אַהער די מאַפּע — לאָמיר געפינען אַ גרויסן וואַלד — האָט אויס־גערופן בערל.

יוסף פלעקסער האָט ניט לאַנג געוואַרט, אַרויסגעשלעפּט די מאַפּע פון לעדערנעם פלאַנשעט און צעשפּרייט זי אויף די קני.

אַלעמענס בליקן זיינען גלייך געפאַלן אויף באַראַנישקער וואַלד.

— שטייט, ווער גייט! — האָט זיך פון ניט ווייט דערהערט דעם וועכטערס אויסגעשריי, און דער קלאַפּ פון אַ ביקסן־שלאָס האָט דראָענדיק אָפּגעהילכט אין וואַלד צווישן די ביימער.

אַלע האָבן זיך אַ כאַפּ געטאָן צום געווער און געבליבן ליגן אין שרעק מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס, אויפן פּלאַץ, ביים ברענענדיקן פייער, ניט ווייט פון די דרייביידלעך.

פון צווישן די ביימער איז אַרויס אַ הויכער גוי, אין די מיטעלע יאָרן, אָנגעטאָן אין אַ בורקע פון דיק אויסגעאַרבעטן פויערישן וואָל, אַ פּאָר וואַרעמע הויזן, אַריינגעלאָזטע אין שוואַרצע גלאַנציקע יוכטענע שטיוול, אויפן קאָפּ אַ ווינטערדיקע היטל, אַראָפּגערוקט נידעריק אויפן שטערן, און אין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ קורצן דיקן שטעקן.

— ווער בינסטו? — האָט דער ערשטער זיך אויפגעהויבן בערל, מיטן אויס־געשטרעקטן פּאַראַבעלום אין האַנט.

אָן איבעראַשטער האָט דער גוי גוטמוטיק געשמייכלט, פון דעם קבלת־פּנים, מיט וועלכן די חברה האָבן אים איבערגענומען.

דאָ איז געווען גויגע, דער וואַלד־וועכטער. פון ערשטן טאָג אָן האָט ער, גויגע, געוווּסט, אַז אַ באַוואָפנטע גרופּע האָט זיך באַזעצט ביי אים אין וואַלד. פון זיין כוטאָר, וועלכער שטייט אין גאַנצן אַ פּאָר הונדערט מעטער פון ראַנד, האָט ער ניט איין מאָל ביינאַכט געזען דעם אָפּשיין פון ברענענדיקן שייטער, וועלכן זיי פלעגן פונאַנדערלייגן, געהערט עטלעכע מאָל שיסן, און איין מאָל, אַ באַזיגטער פון דער נייגעריקייט, זיך אַוועקגעלאָזן אין דער וואַלד־געדיכטעניש און זיך פאַרקליבן ניט ווייט פון זייערע ביידלעך. ער האָט זיך אָבער, פאַר די יאָטן ניט באַוויזן, ניט געוואָלט זיך פאַרפּלאָנטערן אין דעם ווירוואַר פון די וואַלד־געהיי־מענישן. אָבער אַז די אַרומיקע פויערים האָבן אָנגעהויבןריידן, אַז ביי אים אין וואַלד באַהאַלט זיך אויס אַ באַנדע יידן, וועלכע האָבן געווער און שלייענען אַרום אין די נעכט, לאָזן ניט שלאָפן, רויבן און ראַבעווען, און דערצו נאָך איז מען פון זיי ניט זיכער מיטן לעבן. האָט ער באַשלאָסן זיך פאַר זיי פאַרצושטעלן, וואָרענען

זיי פֿאַר דער געפֿאַר, וואָס לויערט אויף זיי אין אַזאַ קליינעם וואַלד. ס׳וועלן אויס־טריקענען די בלאָטעס, פֿויערים וועלן אַריינפֿאָרן אין וואַלד אַרויספֿירן דעם אַנגעזעגטן האָלץ. מילא, יעצט — אָבער שפּעטער, אין פֿרילינג, איז די סכּנה גאָר גרויס, און ער אַליין קען אַמאָל פֿון דעם אויך ניט גוט אָפּשניידן.

— איר דאַרפֿט זיין מער פֿאָרזיכטיק — האָט ער געזאָגט — אַרומגעמענדיק אַלעמען מיט אַן ערנסטן בליק. אָט האָט איר זיך אַלע יעצט אויך אַרומגעשטעלט אַרום מיר, און מען קען גאָר ניט וויסן, פֿון הינטער וועלכן בוים עס קענען גאָר לויערן שפּיאָנען, פֿאַרעטערישע אויגן.

— פֿונאַנדערגיין זיך! — האָט אויסגערופֿן בערל צו די יאָטן — איך מיט פּייווקען וועלן זיך שוין אַן עצה געבן אָן אייך!

מיט דרך־ארץ צום וואַלד־וועכטער און אויספֿירנדיק בערלס באַפֿעל, האָבן זיך אַלע צעשאָטן אַרום, שניידנדיק מיט די בליקן אין דער וואַלד־געדיכטעניש, אפֿשר לויערן דאָרט טאַקע פֿון הינטער די בוימער שפּיאָנען־פֿאַרעטערישע אויגן.

— מען טאָר אים ניט טרויען, — האָט אויסגערופֿן פֿערעצקע, נאָך דעם ווי גויגע, דער וואַלד־וועכטער איז אַוועק.

ערשט שפּעט ביינאַכט, ווען צוויי יאָטן האָבן זיך אומגעקערט פֿון גויגעס כוטאָר און זיך איבערצייגט, אַז אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט איז אויפֿריכטיק און אמת, האָבן זיך אַלע באַרואיקט. און אַזוי ווי ער האָט איבערגעגעבן, אַז אין אַ וואָך אַרום, קען זיין, וועלן קומען צו אים פּאַרטיזאַנער, איז צו דער פֿרייד און שׂמחה פֿון די חבֿרה גאָר ניט געווען קיין שיעור. אַלע האָבן באַשלאָסן צו וואַרטן נאָך אַ וואָך, און ערשט נאָך דעם זיך איבערקלייבן אין באַראַנישקער וואַלד.

אַ וואָך צייט וואַרטן? שיקען איז שוין נמאס געוואָרן, ער קען שוין מער ניט איינזיצן.

אפֿשר זאָל מען דערווייל גיין אין סוועניציאַן? זען וואָס דאָרט טוט זיך. צי האָט מען שוין אַרויסגעפֿירט די געטאָ?

אַלע זיינען געבליבן זיצן שווייגנדיקע. אָפּגעריסענע בילדער האָבן פֿאַר אַלעמען אָנגעהויבן שווימען פֿאַר די אויגן. פֿריילעכע און טרויעריקע, לעבעדיקע און טויט־פּיינלעכע. עפּעס ציט זיי צום טרויער, עפּעס בענקט זיך נאָך דער גרויער געטאָ־ווירקלעכקייט. די אָפּגעריסענע בילדער דערמאָנען זיי פֿון אַ לעבן, וואָס עס גלויבט זיך גאָר ניט אַז ס׳עקזיסטירט נאָך ערגעץ ווו. אַז דאָס קען גאָר געמאָלט זיין.

נאָך אין דער זעלבער נאַכט, באַוואָפֿנטע מיט רעוואָלווערן, האָבן שיקע מיט מיישקען פֿאַרלאָזן די באַזע אין דער ריכטונג צו סוועניציאַן, צוזאָגנדיק זיך אומקערן אין צוויי־דריי טעג אַרום.

אַז מיישקע גייט, טאַפּט ער יעדן טראָט, ער פּרוווט אַדורכדרינגען מיט די אויגן די פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט, ער קוקט אין די זייטן, אַפֿילו צוריק. נאָר

יעצט מוז ער לויפן. ער האָט אַפילו ניט קיין צייט זיך אָפּווישן דעם שווייס, אָפּצו־כאַפּן דעם אָטעם.

שיקע גייט פאָרויס. ער טראָגט זיך, ער לויפט, פונקט ווי עמיצער וואָלט אים געיאָגט. ער שניידט די פינצטערניש פון וואַלד ווי בייטאָג. מיטביידע הענט פאַר זיך, בייגט ער אָן אַ זייט די צווייגן, וואָס שטייען אים אַנטקעגן, ער ברעכט זיי מיט דער האַנט. זיי קנאַקן אונטער זיינע פיס. אָט איז ער געפאַלן, פאַרטשעפּענדיק זיך אָן אַן אויסגעשטעקטן וואָרצל פון אַ בוים. ער הויבט זיך אויף, גלייכט זיך אויס, און גייט ווייטער. ער טראָגט זיך מיט אַן אימפּעט און פילט, אַז מיט זיין אימפּעט רייסט ער מיט מיישקען מיט זיך. ער איז איבערצייגט, אַז טאָמער טראָגט זיך מיישקע מיטן זעלבן געדאַנק, פונקט ווי ער, וועט ער פון אים ניט אָפּשטיין, וועט ער אים נאָכהאַלטן. אין דער אמתן זעט שיקע גאָרניט, ווייל וועער קען דען וואָס זען, אַז דער גאַנצער הימל איז איין שטיק וואָלקן, און די כוואַליעס טוי־טראָפּנדלעך שלאָגן דיר אַנטקעגן און מאַכן דיר נאָס דאָס געזיכט. אָבער שיקע זעט יעצט ניט מיט די אויגן, ער זעט מיטן דמיון — ער זעט די געטאָ. און אַז ער דערמאָנט זיך די געטאָ, זעט ער די מענטשן דאָרט און ס'דאַכט זיך אים, אַז אויך זיי דאָרטן לויפן פונקט אַזוי ווי ער. ווייל מענטשן אין געטאָ זיינען קיין מאָל ניט געגאַנגען. זיי זיינען שטענדיק געלאָפן. זיי האָבן זיך שטענדיק ערגעץ־ווו געאײלט — צי פון טויט איז מען דאָס אַזוי געלאָפן, אָדער דער מלאך־המוות האָט דאָס זיי אַזוי נאָכ־געיאָגט. אַ רגע אין געטאָ איז דאָך געווען אַ יקרות, און אַ טאָג לעבן — אַן אייביקייט. צו אַלע צרות האָט זיך נאָך אויפן האָריזאָנט באַוויזן אַ שטיקל אָפּשיין פון דער גאולה, וואָס אַ ברוכטייל פון איר האָט זיך פאַרגנבעט ערגעץ אין אונטער־באַוווסטזיין, צעטומלט דעם מענטשן, צעשרויפט די געדאַנקען.

דער עכאָ פון די שלאַכט־פעלדער פון סטאַלינגראַד האָט זיך דערטראָגן אַהער און אָפּגעדונערט אַרום. אין וועלדער האָבן זיך פאַרמערט און צעשפּרייט פּאַרטי־זאַנער. דערלעבן, אַריבערלעבן — האָט געצוקט און געקלאַפּט יעדער נערוו פון קערפּער, און מיט דער אַ צווייפלהאַפטער, ניט זיכערער האָפענונג האָט מען גע־שוועבט אין גרויזן טאָג־טעגלעכן געטאָ־לעבן.

האָט זיך שיקע טאַקע מיטן זעלבן אימפּעט געיאָגט צו זיי, כדי פון אָט דער צווייפלהאַפטער עקזיסטענץ אַרויסצוררייסן אַ לעבעדיקן נפש. אַז שיקע זעט די געטאָ, דערמאָנט ער זיך חייקען, און אַז ער דערמאָנט זיך חייקען, צעגייט זיך אים אַ הייסער שטראָם איבער אַלע גלידער און ער יאָגט זיך נאָך גיכער פאָרויס. און אַז מען קוקט אויף אים, דאַכט זיך, אַז ניט ער גייט, נאָר ער פליט, אַז ער שוועבט. און אַז מיישקע, וועלכער שלעפּט זיך אים קוים נאָך, איז ניט מיישקע, נאָר ניט מער ווי זיין שאָטן.

דעם טאַטן קען שיקע בכלל ניט פאַרגעסן. ער גייט אים די גאַנצע צייט פון קאָפּ ניט אַרויס. ער זעט אים, ווען ער האָט פאַרמאַכט די טיר פון דער באַהעל־

טעניש, ווו ער האָט זיך באַהאַלטן, ווען די ליטווינער מיט די דייטשן זיינען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און צונויפגענומען אַלע יידן, כדי זיי אַוועקצופירן אין פּאָליגאָן. ער זעט דאָס טרויעריק־איינגעפאַלענע בלייכע געזיכט מיט די אויסגעלאָשענע אויגן, און דעם לעצטן ביטערן, ווי פון גאַל אויסגעדריקטן שמייכל. דער טאַטע האָט צו אים געלאַכט, און אַ שוידער גייט אים אַריבער, ווען ער דערמאָנט זיך דעם געלעכטער. נאָך יעצט הערט ער דעם געלעכטער, אויסגעמישט מיטן סקריפּען פון דער אַלטער שאַפע, וועלכע דער טאַטע האָט צוגעשטופּט, כדי צו פאַרמאַסקירן די טיר פון דער באַהעלטעניש.

האָט ער דאָך דעם צווילינג אויך געקאָנט אין דער באַהעלטעניש אַריינעמען? (זיינע צוויי יינגערע ברידערלעך). אַז ס'איז אים גאָר אין קאָפּ ניט איינגעפאַלן. יעצט קען ער זיך שוין גאָרניט העלפן. דאָס האַרץ נאָר ווערט אים צעפּלאַצט פאַר וויטיק, ער שניידט זיך מיט די אייגענע נעגל אין די הענט, בייסט זיך מיט די אייגענע ציין די ליפּן, און פילט גאָר ניט קיין וויטיק, קיין מידקייט, און לויפט פאָרויס ווי אַן אונטערגעשאָסענער פויגל.

אַז ער האָט גערעדט וועגן גיין צוריק אין געטאָ, האָבן זיך אַלע אַנדערע קעגנגעשטעלט. — מ'איז ניט אַרויס פון וואַלד, כדי צו גיין צוריק אין געטאָ, מען איז אַרויס נקמה נעמען, קעמפן.

ניין, ראַטעווען אַ מענטש אַ פאַרמשפּטן צום טויט האָט ניט קיין קלענערע באַדייטונג פון נקמה. זאָלן זיי טראַכטן, זאָלן זיי זאָגן וואָס זיי ווילן.

אָט זיינען זיי אויפן באַרג. שטיל לאָזן זיי זיך אַרונטער אין טאָל, ווו עס ליגט די שטאָט. זיי גייען מיט דער לאַנקע וואָס לעבן געטאָ, לעבן טייכל, אָט זיינען זיי פאַר די דראָטן, אונטער וועלכע זיי זיינען ניט לאַנג אַרויס פון געטאָ.

אַן אימהדיקע שטילקייט און פינצטערניש הערשן אַרום — אין געטאָ איז שטענדיק פינצטער, אַ פאַרזיכערונג פון דער שטאָט קעגן לופט־אַנגריפן.

אַרונטערקריכנדיק אונטער די דראָטן זיינען זיי צו צו דער ערשטער שטוב. דאָס איז פּסח טאַנעס שטוב. האַלב־אָפענע ראַמען אָן שויבן סקריפּען אויפן ווינט. אַ פּוסטקייט טראָגט זיך פון די צעעפנטע טירן און פענצטער. ליידיק. ניטאָ די געטאָ! קיינער ניטאָ! קיין שפּור פון אַ לעבעדיקן נפש. אויף דער נשמה איז זיי געוואָרן פּוסט און לער, ווי די פּוסטע אויסגעליידיקטע שטוב. אַ שרעקלע־כער וויי־געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון זייערע ברוסטן און געבליבן הענגען ביי די אויפגעריסענע מיילער. פּלוצלונג האָט אַ טויבער קלאַנג איבערגעריסן די שטילקייט און אַן אויסגעצויגענער לאַנגוויבערירנדיקער מיאַו האָט זיך צעטראָגן איבער דער אויסגעליידיקטער שטוב, אַז אַ שוידער האָט זיי אַדורכגענומען. פון דער פינצטערניש האָבן אַרויסגעלויכטן צוויי קעציש אויגן ווי צוויי סאַפּירן, און מיט זייער גרינלעכן ליכט פאַרגליווערט זיי די בלוטן.

— קום צוריק! — האָט ציטערנדיק אויסגערופן מיישקע.

נאָר שיקע שטייט און קוקט אויף דער קאָץ. ס'איז איר, ווייזט אויס, דערעסן די איינזאַמקייט, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט און מיט אַ שטילן וואָרטשען זיך אָנגעהויבן צו וואַשן, ווי זי וואָלט מיט דעם פאַרבעטן די אומגעריכטע געסט.

די פאַרלאָזטע שטוביקע פינצטערניש איז פאַר זיי אויסגעוואַקסן ווי אַן אומענדלעכער פוסטער תהום, ווו נאָר די צוויי קעצישע אויגן האָבן געלויכטן קאַלט, ווי ווייטע שימערירנדיקע שטערן אין אַ פראַסטיקער ווינטערדיקער נאַכט. אָט שטייען זיי ביים עק פון דער וועלט, ביים ראַנד פון אָפּגרונט. אָפּגעשניטן זיינען אַלע וועגן, ניטאָ ווייטער ווו צו גיין. דער געטאָ־גיהנום איז פאַר זיי געווען אַ שטיקל שיין פון ליכט, ווי אַן אַאַזיס אין אַ מדבר. און אויך דאָס איז פאַרשוווּנדן, אָפּגעווישט געוואָרן.

ענדלעך האָט זיך שיקע אויסגעדרייט. די קאָץ האָט אַ שפּרונג געטאָן צום פענצטער, ביי וועלכן עס זיינען אָקאָרשט געשטאַנען די צוויי סילועטן, און אַן אויסגעצויגענער, פאַרבענקטער מיאַו האָט אָפּגעהילכט אַרום. זי באַגלייט אין זייער צוריק־וועג. און אַזוי ווי פון קעצישן נאַטור איז די קאָץ געווען מער געוווינט צו איר אָרט ווי צו מענטשן, איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פון פענצטער צוריק אין שטוב. מסתמא מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ זיך פאַרקליבן אויפן פריפּעטשיק פון אויוון, מיט דער האָפענונג, אַז מען וועט זיך נאָך צו איר צוריקקערן, אַז מען וועט איר נאָך באַזוכן.

ווען זיי זיינען צוריק אַרויסגעקראָכן פון אונטער די דראָטן, איז שיקע שטיין געבליבן. נאָך דעם האָט ער זיך אויסגעדרייט און אַוועק אין אַ פאַרקערטער ריכטונג.

— ווו גייסטו? — האָט אויסגערופן מיישקע.

—אין ווילנער געטאָ!

— מיר האָבן דאָך צוגעזאָגט די יאַטן אין וואַלד זיך אומצוקערן העכסטנס אין צוויי טעג אַרום, זיי וועלן דאָך ניט וויסן וואָס מיט אונדז איז געשען, ווו מיר זיינען אַהינגעקומען.

— מיר גייען אין ווילנע, אפשר וועלן מיר דאָרט טרעפן דעם טייל סווענציאַנער יידן, וועלכע מען האָט צוגעזאָגט אַהין אַריבערצופירן — האָט שיקע אויסגערופן, זיך אויסגעדרייט און אַוועק — און מיישקע נאָך אים.

פאַרטאָג, עס שניידן זיך בולט די קאָנטורן פון די הייזלעך, וואָס לעבן ניי־סווענציאַן. אָט שטייט אַ שטיבל, איינגעהילט אין דורכזיכטיק — נאַקעטע צווייגן פון קליינעם סעדל, אַרומגענומען מיט אַ פלויט. עס עפנט זיך אַ קאַליטקע און אַן עלטערער גוי,, אָנגעטאָן אין אַן אוניפאָרם פון אַ באַן־אַרבעטער, איז אַרויס צום וועג.

— אַ גוטער מאָרגן! — האָט שיקע אויסגערופן אין פויליש, קוקנדיק אויף זיינע וואָנצעס.

— אַ גוטער מאָרגן! — האָט דער באַן־אַרבעטער געענטפערט — וווּהין אַזוי פרי?

— ווייט! — האָט שיקע אויסגערופן.

— דער באַן־אַרבעטער שטייט און קוקט אַן פאַרוווּנדערט די צוויי אויסטער־לישע וואַנדערער, וואָס גייען אַזוי פרי. זיי זיינען אים פאַרדעכטיק. זיי זעען ניט אויס ווי קיין שטאָטישע און אויך ניט ווי קיין דאָרפישע. אָט יענער, דער קלע־נערער, מיט די שוואַרצע האָר, זעט ניט אויס ווי קיין פּאָליאַק. זיי זענען אָבער אויך ניט קיין יידן.

שיקעס בליק איז געפאַלן אויף דעם בלויעם אָרעם־באַנד מיטן דייטשן האָקן־קרייץ אין דער מיט, וואָס דער באַן־אַרבעטער האָט געטראָגן אויפן לינקן אָרעם.

— גיב מיר דעם אָרעם־באַנד! — האָט ער אויסגערופן.

דער פויער האָט געעפנט אַ פּאָר דערשטוינטע אויגן.

— פאַר אַן אומאָפּהענגיק פּוילן! — האָט שיקע אויסגערופן.

— פאַר אַן אומאָפּהענגיק פּוילן! — האָט אים דער באַן־אַרבעטער נאָכגעזאָגט און האָט זיך איבערגעציילעמט. נאָך דעם האָט ער אַראָפּגענומען דעם אָרעם־באַנד, זיך אומגעקוקט, און אים דערלאַנגט שיקען.

— נאָך איינעם, פאַר אים! — האָט שיקע אָנגעוויזן אויף מיישקען.

אין אַ ווײַלע אַרום איז דער באַן־אַרבעטער אַרויס פון שטוב מיט אַ צווייטן אָרעם־באַנד.

— גאָט זאָל אייך היטן! — האָט ער אויסגערופן, נאָך דעם ווי שיקע מיט מיישקען זיינען אַוועק. ערשט יעצט איז ער געווען זיכער, אַז דאָס זיינען צוויי פּאַרטיזאַנער, צוויי דיווערסאַנטן.

איינער לעבן צווייטן גייען צוויי באַן־אַרבעטער צום וואָקזאַל, דורך די גאַסן פון ניי־סווענציאַן.

האַלב־ליידיקע גאַסן. די הייזער פּוסט, די פענצטער און טירן פאַרקלאַפּט מיט ברעטער, ווי נאָך אַ כאָליערע. אין די גאַסן באַווייזן זיך די ערשטע מענטשן. אין דער אַרומיקער לערקייט זעען זיי אויס, ווי פאַרבלאָנדזשעטע מרה־שחורה׳דיקע שאָטנס.

ווי דער סימבאָל פון אַכזריותדיקייט שטייען ווייטער, אין ווינקל ביים ראָג, צוויי ליטווישע פּאָליציאַנטן, אין זייערע שוואַרצע מונדירן, מיט די פלאַכע, בליש־טשענדיקע קורצן דייטשע באַגנעטן, אַרויפגעזעצטע אויף די ביקסן. די צוויי באַן־אַרבעטער גייען זיי פאַרביי, טראָגן זיי אונטערטעניק דעם „לאַבאַס דיענאַס" אַנטקעגן.

עס הערט זיך דאָס פייפן פון די לאָקאָמאָטיוון. דער וואָקזאַל איז שוין נאָענט. אויפן פעראָן זיינען זיי אַרויס ניט דורך דער פראָנט־טיר, נאָר דורך דער זייטיקער קאַליטקע, מיט וועלכער עס באַנוצן זיך די באַן־אָנגעשטעלטע און באַן־פּאָליציי.

אויף די ליניעס איז אַ באַוועגונג. עס מאַנעווורירן צוגן. אין דער ריכטונג צום פראָנט איז אַוועק אַ פּאַסאַזשיר־צוג מיט דייטשע סאָלדאַטן. ליידיקע פראַכט־וואַגאָנען פאָרן צוריק.

ס׳איז אָנגעקומען אַן עשעלאָן מיט ציסטערנעס. דיזשורירנדיקע באַן־אַרבע־טער לויפן אַרום מיט גרינע און רויטע פענדלעך, גיבן צייכנס, וואַרפן איבער צוגן פון איין ליניע אויף דער צווייטער, — ס׳איז די הויפּט־אַרטעריע, וואָס פירט צום לענינגראַדער פראָנט.

די צוויי באַן־אַרבעטער, שיקע מיט מיישקען, שטייען אויפן פעראָן ניט ווייט פון דער פּאָליציי־סטאַציע, און וואַרטן אויף אַ באַן אין דער ריכטונג צו ווילנע. ניט ווייט פון זיי, אויף רעכטס, ביי אַ ברייט צעעפנטער טיר פון די מאַגאַזינען, ווו מען פירט אַריין און אַרויס פעקלעך מיט באַגאַזש, שטייט אַ דייטשער סאָלדאַט מיט אַ ביקס אויף דער פּלייצע. ער באַטראַכט שיקען מיט מיישקען, וואָס שטייען ניט ווייט פון אים.

זייערע שמוציקע און צעקנייטשטע בגדים זיינען אים פאַרדעכטיק. די צוויי אָרעם־בענדער הענגען עפּעס ניט געפּאַסט אויף די אַרבל. ער, דער יעקע, מיט זיין פּעדאַנטישן בליק, זעט עס גליך, און אינסטינקטיוו האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן צום ביקס, וואָס איז אים געהאַנגען אויף דער פּלייצע. נאָר אין מאָמענט, ווען זיין בליק האָט זיך צונויפגעטראָפן מיטן בליק פון די צוויי באַן־אַרבעטער, און דערזעענדיק ווי שנעל זיי האָבן ביידע אַריינגערוקט די הענט אין די קעשענעס, זיינען אים מוראַשקעלעך אַריבערגעלאָפן איבערן קערפּער. ער האָט פאַרשטאַנען, און אָן שום ספקות, אַז דאָס זענען ניט קיין באַן־אַרבעטער. אַז דאָס זיינען — גאָט זאָל אים באַהיטן — ער האָט גאָר מורא דאָס וואָרט אויפן געדאַנק אַרויפצולאָזן; ער איז זיכער, אַז אויב ער זאָל נאָר פּרובירן אַראָפּנעמען דעם ביקס פון פּלייצע, וועט ער גלייך בלייבן מיט אים ליגן אַן אויסגעצויגענער אויף דער ערד. אין שרעק קוקט ער מיט די אויגן אַרום; אָט גייען דאָרט אין אַנדער עק צוויי דייטשע פּאַטרולן; ביים פענצטער פון קאָמיסאַריאַט זיצט אַ ליטוויִשער דיזשורנער, אַ סערזשאַנט. נאָר געבן יעצט אַ פּיפּס איז פאַר אים דאָס זעלבע, ווי ווען אַראָפּנעמען דעם ביקס. אַ ביטערער עסק. אינסטינקטיוו האָט ער אַ צי געטאָן דעם רימען, צו־געדריקט דעם ביקס פעסט צו דער פּלייצע און זיך אויסגעצויגן אויף אַכטונג, פאַר שיקען מיט מיישקען, ווי פאַר צוויי גענערעלער, און מיט אַ רחמנות׳דיקן בליק גערופן: איר זעט דאָך, ברידערלעך, אַז איך האָב פאַר אייך רעספּעקט, גייט שוין פאַרביי און ציט ניט ביי דער נשמה,און לאָמיך אייך שוין וואָס שנעלער ניט זען פאַר די אויגן.

שיקע האָט בעסער געוואָלט פאָרן מיט אַ פראַכט־צוג, נאָר ווי לאַנג קען מען דאָס אַזוי שטיין און פירן דעם שטומען דועל מיטן יעקע?

אויפן וואָקזאַל איז אָנגעפאָרן אַ פּאַסאַזשיר־צוג. ער פאָרט אין דער ריכטונג

צו ווילנע. מיט די הענט אין די קעשענעס, דריקנדיק שטאַרק די רעוואָלווערן, מיט אויסגעדרייטע קעפּ צום אויף אַכטונג אויסגעסטרויעטן דייטש, זיינען זיי אַריין אין באַן, און שטייענדיק אויף די טרעפּלעך ניט אַראָפּגענומען זייערע בליקן פון אים, וועלכער איז ווי אַ פאַרכישופטער געשטאַנען די גאַנצע צייט, ביז דער צוג האָט ניט גערירט פון אָרט.

ס׳זיינען דאָ צייטן, ווען נאָך די אויסדרוקן אויפן געזיכט קען מען זייער לייכט דערקענען די נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט פון פּאַסאַזשירן: שטום און אָנגעכמורעט זיצן די פּאָליאַקן; היימיש און האַפּערדיק; ברייט־צעלייגט און שמועסנדיק הויך אויפן קול — פּאָרן ליטווינער; ליטווישע שטאָטישע יונגעלייט זיצן אָנגעטאָן ווי פראַנטן מיט אָנגעבלאָזענע מינעס; און וועגן די יעקעס מיט די פעדערנע היט איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידן.

שיקע, וועלכער זיצט מיט מיישקען אין מיטן וואַגאָן, האָט מורא מען זאָל ניט דערקענען זייער יידישקייט. מיישקע איז ענלעך צו אַ ייד, נאָר נישטאָ אין זיינע אויגן דער יידישער טרויער. דאָס פאַרטרייבט פון אים זיין שרעק, און ווען מען קען דען איינפאַלן, אַז צוויי יידן זאָלן זיין באַן־אַרבעטער. הויבט ער זיך אויף און גייט צו צום פענצטער. עס לויפן טעלעפאָן־סלופּעס, לאָנקעס, וועלדער. איבער די בערג־לעך און פליינען כוואַליעט פון וויטן דער האָריזאָנט. אָט דערנענטערט ער זיך און אָט דערווייטערט ער זיך — אַלץ דרייט זיך און שווינדלט פאַר די אויגן.

ווי לאַנג איז עס געווען, ווען ער איז אַלס קליינער יינגל דורכגעפאָרן גאַנץ פּוילן אַזוי שטייענדיק ביים פענצטער, מיטן געאָגראַפיע־ביכל אין איין האַנט און מיט אַ בלייער און העפט אין דער צווייטער; ווי ער האָט זיך דאָס געפרייט מיט יעדן נייעם פלאַץ, מיט יעדן נייעם מענטש; ווי גרויס האָט אים אויסגעזען דער אונטערשייד פון באַרגיקן פּוילן, ביז צו די פלאַכע און זאַמדיקע פליינען פון וויל־נער קאַנט; פון די פאַסטעכער ביי דער ווייליע, — ביז די פאַסטעכער אין די קאַרפּאַטן־בערג. יעדער אָרט איז אים געווען נאָענט און היימיש, יעדער ניי־באַגעגנטער מענטש איז אים געווען ליב און טייער.

אויך די שטעט האָט ער ניט דורכגעלאָזט: אין פּאָזנאַן און אין גדאַנסק, אין זאַקאָפּאַנע און קאַטאָוויץ — איבער שטעט און דערפער געבלעטערט די פּוילישע היסטאָריע. אויך יידן האָט ער ניט אויסגעמיטן — פון ישיבות און בתי־מדרשים, ביז צו קלויזן און רבנישע הויפן. ווו געטאָגט און ווו גענעכטיקט — און אַלץ מיטן העפטעלע און מיטן טאָגבוך, פאַרשריבן און פאַרנאָטירט. נאָר דאָס רוב פון זיין רייזע, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין יענע זאָרגלאָזע פריילעכע קינדערשע יאָרן, האָט ער פאַרבראַכט ביי דעם באַן־פענצטער.

אָט שטייט ער ביים זעלבן פענצטער, די נאַטור איז די זעלבע, נאָר די מענטשן גאָר, גאָר אַנדערע. ער קען קיין נאָטיץ־ביכל אין האַנט ניט האַלטן, דריקט ער מיט וויטיק דעם רעוואָלווער אין קעשענע. דאָס איינציקע, וואָס איז אים פאַרבליבן פון

יענער צייט, איז זיין דערהויבנקייט און שטאָלץ. מיט ביטול קוקט ער אָן שטום די אָנגעכמורעטע פּאָליאַקן און די נאַריש־פּלאַפּלענדיקע קלומפּעס, און נעמט זיך מיט גאווה אונטערפייפן אַ דייטשיש לידל.

אויפן גרויסן שילד פון דער סטאַציע, ווו דער באַן איז שטיין געבליבן, שרייען אַראָפּ גרויסע שוואַרצע אותיות: "ניי ווילייקע". שוין ניט ווייט צו ווילנע, זיבן קילאָמעטער, אַ באַן־אַרבעטער גייט פּאַרביי דעם פענצטער ווו שיקע שטייט. ער שטעלט זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע, באַטראַכט שיקעס פּויליש מיליטערישע היטל און פליסטערט אַרויס: אַ קאָנטראָל! שיקע באַוויזט זיך ניט אַרומצוקוקן, ווי אין וואַגאָן קאָנטראָלירן שוין פון ביידע זייטן ליטווישע פּאָליציאַנטן די בילעטן.

— באַן־אַרבעטער! — גיט אַ מאַך מיט דער האַנט דער ערשטער לעבן מיישקען.

— פון וואַנען? — פרעגט דער צווייטער.

— פון איגנאַלינע — רופט אויס שיקע.

— ניט פון דאַנען? דאָקומענטן?

— ניט געגומען מיט זיך, גלייך פון דער אַרבעט — פאַרענטפערט זיך שיקע.

— קאָנטראָלירן! — האָט אויסגערופן אומדרייענדיק זיך דער ערשטער פּאָליציאַנט.

— לאַנגזאַם פּאָרט אַריין אויף דער סטאַציע אַ צוג מיט דייטשע סאָלדאַטן. די זעלנער שפּרינגען פון לאַנגזאַם גייענדיקן צוג אויפן פּעראָן. זיי צעשיטן זיך מיט אַ טומל אַרום. דער סאָלדאַטסקער הו־האַ פאַרטויבט דעם וואָקזאַל.

אוממעגלעך צו אַנטלויפן, — קוקט שיקע אַרום — גייענדיק לעבן ליטווישן פּאָליציאַנט.

— קאָנטראָלירן די פּערסאָנאַלן! — האָט דער פּאָליציאַנט אויסגערופן ביי דער אָפענער טיר פון דער פּאָליציי־סטאַציע.

אינעווייניק, אין דער סטאַציע, פון לעבן אַ טיש, ווו ער איז געזעסן און געשריבן, האָט זיך פויל אויפגעהויבן העכער פון אַ מעטער אַכציק אַ פּאָליציאַנט. מיט אַ שטומען בליק באַטראַכט ער די צוויי יונגע באַן־אַרבעטער און ברומט אַרויס צום סוף:

— פון וואַנען?

— פון איגנאַלינע — ענטפערט שיקע.

— דאָקומענטן?

— איך האָב ניט.

— איר ווייסט דאָך, אַז אָן דאָקומענטן טאָר מען ניט פאָרן.

— איר קענט קאָנטראָלירן ביים איגנאַלינער סטאַציע־פאַרוואַלטער — רופט אויס שיקע, קוקנדיק אויפן טעלעפאָן.

— די הענט אין דער הויך! — האָט בייז אויסגעברומט דער פּאָליציאַנט.

— מיר זיינער פֿאַרלאָרענע — האָט זיך שיקע צוזאַמענגעצויגן — ער גייט אונדז באַזוכן.

מיט זיינע גרין־גרויע אויגן קוקט ער, ווי די ברייטע הענט פֿון פּאַליציאַנט נישטערן אַדורך מיישקען פֿון אויבן אַראָפּ. ער טאַפּט אים אונטער די אָרעמס, אויף דער ברוסט, באַלד וועט ער צוקומען צו די קעשענעס פֿון מיישקעס לאַנגן מאַנטל, ער וועט אַנטאַפּן דעם רעוואָלווער. וואָס טוט מען? מיישקע שטייט ווי אַ שטיק קלאָץ, ווי אַ ליימענער גולם, וואָס וואַרט ער?

ווי אַ קאַץ, מיט אַ פּאָר אויסגעשטרעקטע הענט, האָט שיקע אַ שפּרונג געטאָן אויפֿן פּאַליציאַנט און זיך איינגעקלאַמערט מיט די פֿינגער אַרום זיין האַלדז. מיישקע האָט צוגעהאָלפֿן, און פֿון איבעראַשונג האָט זיך דער ליטווינער אַ וואַקל געטאָן און אומגעפֿאַלן. אָבער גאָר שנעל איז ער געקומען צו זיך. ניט קענענדיק באַפֿרייען דעם האַלדז פֿון שיקעס הענט, האָט ער זיך אין איינעם מיט אים אַרויסגעקייקלט אויף דער פּאָדלאָגע, דורך דער אָפֿענער טיר, אויפֿן פּעראָן אַרויס.

די דייטשע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן באַמערקט, אַז מען שלאָגט זיך, זיינען זיך צונויפֿגעלאָפֿן, זיך אַרומגעשטעלט, און מיט הנאה זיך צוגעקוקט ווי אַ באַן־פּאָלי־ציאַנט שלאָגט זיך מיט אַ באַן־אַרבעטער.

מיטן גאַנצן כוח האָט שיקע אַ זעץ געטאָן מיטן קאָפּ דעם ליטווינער אין דער מאָרדע און זיך אַרויסגעריסן פֿון זיינע הענט.

אויפֿהייבנדיק דאָס היטל, וואָס איז אים אַראָפּגעפֿאַלן פֿון קאָפּ, האָט ער זיך אויסגעגלייכט און זיגעריש באַטראַכט די דייטשע סאָלדאַטן. אָפּווישנדיק מיט דער האַנט די אויסגעשמירטע בורקע און פֿאַרריכטנדיק דעם אָרעם־באַנד מיטן דייטשן שטעמפּל אויפֿן אַרבל, האָט ער אויסגערופֿן צו די זעלנער, אָנווייזנדיק מיט דער האַנט אויפֿן פּאָליציאַנט:

— אַ ליטווישער שווייַן! — און פֿאַרריכטנדיק דאָס היטל האָט ער זיך געלאָזט גיין צווישן די דייטשע זעלנער, וועלכע האָבן מיט דרך־ארץ אים פֿריי געמאַכט דעם וועג, צו דער ראַמפּע פֿון וואָקזאַל.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך דער פּאָליציאַנט אויפֿגעהויבן און ווישנדיק זיך דאָס בלוט פֿון מויל, אַ וואַקלענדיקער אויסגערופֿן:

— ווו איז ער?

די דייטשן לאַכן באַטראַכטנדיק דעם צעשלאָגענעם פּאָליציאַנט.

— כאַפּט אים, דאָס איז אַ באַנדיט, אַ שפּיאָן! — האָט ער אויסגעשריגן, לאָזנדיק זיך לויפֿן צו דער ראַמפּע.

פֿון דער ראַמפּע איז שיקע אַדורך דעם דייטשן פּאַסאַזשיר־צוג, אַריינגעגאַנגען צווישן די לאַסט־וואַגאָנען, וועלכע זיינען דאָ געווען אָן אַ שיעור, און זיך געלאָזט לויפֿן צוריק.

הינטער זיך הערט ער שוין געוואַלדן. ס׳זאָל אים כאָטש קיינער ניט פאַר־לויפן דעם וועג.

אין געאייל האָט ער אַרויסגעכאַפּט פון קעשענע דעם פּערצן־קויליקן פּאַראַ־בעלום, און מיטן גאַנצן כוח, מיטן רעוואָלווער אין האַנט, זיך געלאָזט לויפן צו די קוסטעס, וואָס זיינען געוואַקסן אַביסל ווייטער, אַראָפּ־צו, נידעריקער פון דער באַן־סטאַציע.

רעוואָלווער־שאָסן האָבן אָפּגעהילכט אין דער לופט. קוילן האָבן אָנגעהויבן פייפן. דאַכט זיך, אַז איבערן סאַמע אויער איז אים פאַרבייגעפלויגן אַ קויל, אַזוי ווי אַ גלעט געטאָן ביים קאָפּ. שיקע דרייט זיך אויס. דער ליטווישער פּאָליציאַנט לויפט ביי אַ הונדערט מעטער פון אים, און ווייטער, ביי די וואַגאָנען, אַ גרופּע דייטשן.

נאָר שיקע איז שוין צווישן די קוסטעס. אַדורכגעלאָפן די קוסטעס, האָט זיך פאַר זיינע אויגן צעשפּרייט דער טייך — די ווילענקע. איבערן טייך, וועלכער שלענגלט זיך דאָ, איז איבערגעלייגט אַ קלאַדקע פון צוויי ברעטער. שיקע בלייבט שטיין. ער דרייט זיך אויס און זעט דעם ליטווינער לויפנדיק צווישן די קוסטעס. לויפן איבער דער קלאַדקע איז געווען געפערלעך — ער וועט זיין פאַרן ליטווישן פּאָליציאַנט אַ גוטער ציל־ברעט. לאָזט ער זיך אַראָפּ אויף די קני און אויסציענדיק די האַנט מיטן רעוואָלווער, האָט ער גענומען צילן. דעם פּאָליציאַנטס קאָפּ מיט דער רויטער פאַרבלוטיקטער מאָרדע שווינדלט אים פאַר די אויגן. נידעריקער — שרייט אין אים אַ קול — אין בויך.

ער בויגט אַרונטער עטוואָס די האַנט. ער הערט — דער ליטווינער שרייט עפּעס און שיסט. נאָר זיין גאַנצער בליק איז יעצט איינגעגראָבן אין דעם שוואַרצן פּאָליציייסקן מונדיר. ער גיט אַ צי דעם צינגל. די האַנט גיט זיך אים אַ טרייסל, אַ וואָרף אויף צוריק, און ס׳הילכט אָפּ אַ שאָס. זיין ערשטער שאָס. דער פּאָליציאַנט, אָנכאַפּנדיק זיך פאַרן בויך, איז אומגעפאַלן.

אין איין אויגנבליק איז שיקע אַרויפגעשפּרונגען אויף דער קלאַדקע, ער לויפט איבער די צעהוידעטע ברעטער, באַגלייט דורך די שאָסן פון דער גרופּע דייטשן, וועלכע זיינען אַרויסגעלאָפן פון די קוסטעס.

אַראָפּגעשפּרונגען פון דער קלאַדקע, איז ער פאַרשוווּנדן צווישן די קוסטעס פון אַנדער זייט טייך.

געלאָפן איז ער ביז די שיסערייען האָבן אויפגעהערט. נאָך דעם, פאַרלאַנגזאַ־מערנדיק דעם טראָט, האָט ער זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג צו ווילנע. איינס אַ זייגער בייטאָג האָט ער זיך שוין געפונען ביים צווייטן בלאָק פון קייליס. ווי אַ פאַרשולדיקטער, וואָס ער איז געקומען איינער אַליין, אָן מיישקען, איז ער אַריין אין טויער, ביי וועלכן ס׳איז געשטאַנען אַ באַקאַנטער יידישער פּאָליציאַנט.

— מיישקע איז אומגעקומען, מען האָט אים געכאַפּט! — האָט ער אויסגערופן.

דער פּאַליציאַנט קוקט אָן שיקען און לאַכט:

— מײשקע איז דאָ, ער לעבט! — מיט אַ האַלבער שעה צוריק איז ער גע־קומען און געזאָגט, אַז דו בינסט אַ פאַרלאָרענער, אַז די דײַטשן האָבן דיך גע־כאַפּט. ווי ביסטו לעבן געבליבן?

— מיט מזל, ס'האָט מיר אָפּגעגליקט, — האָט אים געענטפערט שיקע, דריי־ענדיק אין האַנט דאָס פּויליש־מיליטערישע היטל, וועלכע איז געווען דורכגע־לעכערט אין זײַט פון אַ קויל.

# דער איבערפאַל פון די דײַטשן און ליטווינער אויף דער באַזע אין צערקלישקער וואַלד

צײַט גויגע דער וואַלד־וועכטער האָט זיך באַקאַנט מיט די חברה, לעבט ער שטענדיק אין שרעק. גאַנצע שעהן שטייט ער אָפּ ביים פענצטער און קוקט אַרויס צום וואַלד. אין יעדע צײַט פון יאָר האָט פאַר אים דער וואַלד געהאַט אַן אַנדער אויסזען: ווינטער פלעגט פון ווייטן דער טונקל־גרינער וואַלד מאַסיוו זײַן באַדעקט פון אויבן מיט אַ ווייסן טעפּיך. אינעווייניק איז דער שניי געווען איבערגעשניטן אין דער לענג און אין דער ברייט פון פויערישע שליטנס. צווישן די בוימער, אין שניי, האָבן זיך געשלענגלט די שפּורן פון האָזן, פון פוקסן און אַפילו פון וועלף. אויך די דינטשינקע פּיסלעך פון פויגל זײַנען געווען אָפּגעדרוקט אין שניי. דאָס געזאַנג פון דאָס זעגן און האַקן פון פויערישע העק איבער די פאַרפראָרענע בוימער האָט הילכיק אָפּגעקלונגען אַרום, אין איינעם מיט די קלעפּ פון פּיקהאָלץ.

זומער האָט דער וואַלד אויסגעזען גאָר אַנדערש. אויף די בוימער קומען צו העל־גרינע צווייגן, און פויערטעס, בלאָנדזשענדיק איינגעבויגענערהייט, קלייבן שוועמלעך און יאַגדעס אונטער זייערע שטאַמען. קינדער שפּילן זיך אין באַהעל־טעניש אונטער די געדיכטע גראָזן און פאַפּיראָטן־בלעטער.

האַרבסט און אָנהויב פרילינג שטייט דער וואַלד אַ פאַרלאָזטער. ברוגזדיק און פאַרהאַרטעוועט שטייט ער מיט גבורה און שטאָלץ, האַלטנדיק פאַריסן זײַנע קראָנען קעגן די שטורמישע ווינטן און רעגנס. ער רוישט מיט זײַנע טויזנטער צווייגן און בלעטער. און פון צײַט צו צײַט דונערט הילכיק אין שטורעם דאָס קראַכן פון בוימער.

יעצט ווייס גויגע, אַז אין וואַלד ליגט באַהאַלטן אַ סוד, און זײַן האַרץ צאַפּלט אין אים אויף, ווען ער גיט אַ טראַכט, אַז דער סוד קען אַנטפּלעקט ווערן, אַרויס פון צווישן די בוימער.

יעדן פֿאַרטאָג, ווען גויגע שטייט אויף, גייט ער צום פֿענצטער און קוקט אַרויס צום וואַלד. אַוודאי האָט זיך ווער פֿון די חברה יעצט אומגעקערט נאָך אַ גאַנצע נאַכט אַרומקריכן אין דער געגנט. מידע לייגן זיי זיך שלאָפֿן, און די איבעריקע וועקן זיך איבער, גייען זיך צום טייכל וואַשן. האַלב־נאַקעטע אין דעם אייז־קאַלטן וואַסער, נעמען פֿונאַנדער די גלידער און גרייטן זיך דעם גאַנצן טאָג צו דער נאַכט, ווען פֿאַרטיזאַנער קענען אַרויס פֿון וואַלד איבער די פֿאַרבלוטיקטע וועגן.

מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט גויגע די גרופּע פֿאַרבונדן מיט רוסישע פֿאַרטי־זאַנער, מיט וועלכע זיי האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפֿן אין באַראַנישקער וואַלד.

דעם טאָג איז גויגע אויפֿגעשטאַנען גאָר פֿרי. דורכן פֿענצטער האָט ער אַרויס־געקוקט אין דרויסן. דער טאָג האָט אויסגעזען צו זיין שיין, קיין איין וואָלקנדל איז ניט געווען צו זען אין הימל. ער, גויגע איז צופֿרידן, וואָס ער האָט די חברה פֿאַר־בונדן מיט פֿאַרטיזאַנער. ס׳איז גלייכער פֿאַרביידן. דער וואַלד איז ניט קיין גרויסער און די געגנט איז גאָר ניט קיין פֿריינטלעכע. ביידע ריזיקירן, סיי ער און סיי די גרופּע. ווייל וואָס אַ שטייגער וואָלט געווען, אַז די דייטשן זאָלן זיך דערוויסן פֿון די יאַטן? די גוים אַרום ריידן, און טאַפּן אים דעם דופּק מיט נייגעריקע שטעכיקע בליקן, קוקן אים אָן און שמייכלען אונטער; ס׳זאָל אָקאָרשט ניט פֿאָרקומען אַ מסירה׳לע, דייטשן און ליטווינער זאָלן אָקאָרשט ניט אָנשפּרינגען אין וואַלד.

שטייט טאַקע גויגע ביים פֿענצטער און גיט אַכטונג. ער היט דעם וואַלד ווי מיט צען פּאָר אויגן. פֿעסטער שפּאַרט ער אָן זיין פּנים צום פֿענצטער, צום קאַלטן גלאָז, שאַרפֿער שניידן זיינע אויגן.

— וואָס איז דאָס, האַ? — פֿרעגט ער זיך אַליין. — חלומט ער דאָס נאָר, אָדער איז דאָס אויף דער וואָר?

ווי אַן אָפּגעבריטע חיה איז ער אָפּגעשפּרונגען פֿון פֿענצטער. דאָרט, ווייט, ביי אַ האַלבן קילאָמעטער פֿון זיין כאַטע, אויף דער פּאָליאַנע, איז אַרויס אַ מענטש, און נאָך אים אַ צווייטער, אַ דריטער, ער קען שוין מער ניט ציילן.

— פּאָליצײ! — שרייט ער אויס אין שרעק אויפֿן קול — דייטשן!

מען האָט געמסרט. זיי גייען גלייך אין וואַלד. ס׳האָבן אים אָפּגענומען הענט און פֿיס. אַ צעטומלטער איז ער שטיין געבליבן. וואָס זאָל ער טאָן?

לעצטנס זיינען די חברה מערסטנטייל אויף דער באַזע. זיי וואַרטן אויפֿן צוריק־קער פֿון די רוסישע פֿאַרטיזאַנער. מען וועט זיי נאָך כאַפּן. און דאַן האָט ער גע־ענדיקט. ביי אים אין וואַלד פֿאַרטיזאַנער, אין אַזאַ קליינעם וואַלד, ווי האָט ער דאָס ניט געוווּסט? מיט וואָס וועט ער זיך פֿאַרטיידיקן? זיי, די דייטשן, פֿון ווייט האָבן זיך דערוווּסט, און ער דער וואַלד־וועכטער ווייס גאָרניט?

אין איין אָטעם איז גויגע אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב, איבערלאָזנדיק צעשראָקענע דאָס ווייב מיט די קינדער.

ווען דער לעצטער פּאָליציאַנט איז פֿאַרשוווּנדן אין וואַלד, האָט ער פֿון אַנדער

זייט שטוב, וואָס איז געווען אַ פּאָר הונדערט מעטער פון וואַלד, זיך אַריינגעגנבעט צווישן די ביימער. פון אָנהויב איז ער געגאַנגען לאַנגזאַם, נאָך דעם האָט ער אָנגעהויבן צו לויפן. ער האָט ניט וואָס צו פאַרלירן. אַזוי צי אַזוי איז ער אַ פאַרלוירענער. ער מוז אָנקומען צו די יאַטן פריער פון די דייטשן, אָנזאָגן זיי, זיי זאָלן אַנטלויפן. ווייל אויב מען וועט זיי פּאַקן און עמיצער פון זיי זאָל בלייבן לעבן, וועט מען אַלץ איינס זאָגן, אַז ער האָט דאָס געמסרט. ניטאָ קיין אַנדער ברירה. ביי אים ליגט סיי ווי די פּעטליע אויפן האַלדז. ווען ער לויפט אָבער גלייך ווי ער האָט זיי דערזען און וואַרט ניט אַזוי לאַנג, וואָלט ער דאָך זיכער אָנגעקומען פריער — קען זיך גויגע ניט מוחל זיין און לויפט מיט די לעצטע כוחות.

אָט איז ער שוין ביים טייכל. ער זעט די שאָטנס. די יאַטן דרייען זיך אַרום און ווייסן גאָרניט פון דער געפאַר, וואָס לויערט אויף זיי. ביי אַ פּופּציק פּאָליציאַנטן האָט ער אָנגעציילט און אפשר מער. און באַוואָפנט זיינען זיי, מ׳קען זיך פאָרשטעלן.

אַז גויגע האָט זיך שוין געפונען גאָר נאָענט פון די יאַטן, אַריבערגייענדיק דעם טייכל, האָט ער אָנגעהויבן צו גיין פאָרזיכטיק און לאַנגזאַם. די וואַך זאָל אָקאָרשט ניט אויפהויבן קיין טומל — האָט ער זיך געשראָקן.

מיט אַ פינגער אויפן מויל האָט ער זיי באַגעגנט:

— פּאָליציי! — האָט ער קוים אַרויסגערעדט — אַ מסירה! פאַרווישט אַלץ וואָס איר קענט, — האָט ער אַ ציטערנדיקער געקוקט אויפן ברענענדיקן פייער! — אַנטלויפט!

אין בהלה האָבן די יאַטן ניט געוווּסט צו וואָס זיך פריער צו כאַפּן. זיי האָבן געוואָלט פרעגן ביי גויגען וואָס, ווען — נאָר ער איז גלייך אַנטלאָפן צוריק. כאַפּנדיק, וואָס נאָר יעדער איינער קען, פאַרשיטנדיק דאָס פייער, זיינען זיי אַלע אַוועק אין דער ריכטונג, ווו גויגע האָט זיי אָנגעוויזן צו אַנטלויפן. האַלט זיך ביים ראַנד פון וואַלד! — האָט אין זייערע אויערן נאָך געקלונגען זיין קול.

פאַרווישן די שפּורן האָבן זיי ניט באַוויזן, ניט געהאַט ווען. די פּאָליציי וועט גלייך באַמערקן, אַז זיי זיינען אַנטלאָפן אין דער לעצטער מינוט — האָבן זיי אין שרעק געטראַכט.

אויסגעצויגן אין אַ ריי, פאָרזיכטיק שטעלנדיק די טריט, נאָך ניט קומענדיק צו זיך פון דער אומגעריכטער שרעק, זיינען זיי לאַנגזאַם אָפּגעטראָטן, איבער־לאָזנדיק אין געאייל גאַנצערהייט די ביידלעך מיטן האַלב־פאַרשטיקטן פייער. שימקע לעווין גייט פאָרויס, און לעבן אים גייט בערקע יאָכיי, לאַנגזאַם, זיך אַלע ווײַלע אומקוקנדיק. דער לעצטער גייט פערעצקע גראַזול. ער האַלט זיך האָפערדיק און האָט גאָר ניט קיין מורא. אין צען מינוט אַרום האָט זיך איבערן וואַלד, פון דער ריכטונג פון דעם פּלאַץ, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזן, צעדונערט אַ מורא׳דיקע שיסעריי. דער וואַלד איז פאַרהילכט געוואָרן אין איין גרויסן עכאָ פון קוילנוואַרפערס און אָוטאָמאַטן, וואָס האָבן געדאַרפט מאַכן אַ סוף פון זייער עקזיסטענץ.

# די אומגעריכטע באַגעגעניש

ווען שיקע מיט מיישקען האָבן אין עטלעכע טעג אַרום זיך ניט אומגעקערט צוריק אויף דער באַזע, איז בערקע יאָכאַי מיט פּערעצקע גראַזול אַוועק אין סוועג־ציאַן זען וואָס ס'האָט פּאַסירט. קומענדיק אין סווענציאַן האָבן זיי די געטאָ געפונען ליידיק.

בערקע האָט געאַרבעט מיטן טאַטן אין גאַרבאַרניע. אין גאַרבאַרניע האָבן געאַרבעט טאַטאַרן. האָט בערקע זיך באַטראַכט אַוועקצוגיין צו קובע דעם טאַטער, וועלכער האָט געוווינט עק שטאָט, און אים פרעגן, ווען מען האָט אַרויסגעפירט די געטאָ, און אפשר ווייס ער אויך וואָס וועגן דער משפחה.

צו זיין גרויס איבעראַשונג, האָט ער געפונען ביי קובען דעם טאַטן, ס'הייסט ניט ביי קובען, נאָר אין גאַרבאַרניע אויפן בוידעם, ווו קובע האָט אים באַהאַלטן.

בערקע זיצט אין גאַרבאַרניע אויפן בוידעם און הערט דעם טאַטן ריידן.

— אין לעצטן טאָג — דערציילט חיים — ווען מען האָט אַלעמען אַרויסגעפירט, איז אין געטאָ אָנגעקומען די ווילנער יידישע פּאָליציי מיט סאַלעקל דעסלער בראש און זיך גענומען אַלעמען אַרויסיאָגן פון די היימען. אין לעצטן מאָמענט איז קובע געקומען אין געטאָ און מיר געראָטן איך זאָל זיך גיין באַהאַלטן, און אין ווילנע ניט פאָרן. די מאַמע האָט צוגעפּאַטאַקעוועט און איך האָב זיך געלאָזט איינ־ריידן. ווי אַ קעלבל אויפן שטריקל בין איך אים נאָכגעגאַנגען, און יעצט מאַטערט מיר דער געוויסן: ווי אַזוי האָב איך דאָס געקענט איבערלאָזן די מאַמען מיט פּעסעלען אַליין. ווי וועלן זיי זיך דאָרט אַן עצה געבן אָן מיר אין ווילנע, ווער וועט זיך דאָרט אויף זיי אומקוקן? אַ גאַנצן לעבן אָפּגעלעבט צוזאַמען. אַלע צרות דורכגעמאַכט אינאיינעם און מיט אַ מאָל זיך צעשיידט. ניט גוט געטאָן, גאָר מיאוס.

— האָט זיך חיים אַליין פאַרגעוואָרפן. — קובע באַגייט זיך מיט מיר ווי מיט אַן אייגענעם ברודער, ער גיט מיר עסן און טרינקען, ער טרייסט מיר, נאָר ווי לאַנג קען מען אַזוי אָפּזיצן אויף אַ בוידעם? סוף־סוף וועט מען זיך דאָך דערוויסן און איך וועל מוזן אַנטלויפן פון דאַנען. וואָס וועל איך שפּעטער מאַכן?

ניטאָ די מאַמע מיט די שוועסטער, זיצט בערקע און טראַכט, ווער ווייסט וואָס זיי טוען דאָרט אין ווילנע. דעם טאַטן קען ער ניט העלפן. ווי קען ער אים מיטנעמען אין וואַלד? ווי וועט ער דאָרט אויסהאַלטן, אַז צייט זיי האָבן פאַרלאָזט די באַזע, שלאָפן זיי אונטערן פרייען הימל, אונטער די נאַקעטע בוימער; קיין נייע ביידלעך לוינט זיך ניט צו מאַכן, ווייל אין אַ וואָך אַרום דאַרפן זיי זיך סיי ווי אַריבערציען אין באַראַנישקער וואַלד, ווו זיי וועלן זיך טרעפן מיט אַ רוסישן פּאַרטיזאַן, וועלכער וועט זיי אַוועקפירן אין די קאַזיאַנער וועלדער צו מאַרקאָוון, וואָס איז געוואָרן אַ קאָמאַנדיר פון אַ גאַנצער פּאַרטיזאַנער־בריגאַדע.

— יעצט ניט, שפּעטער, אַז איך וועל זיך איינאָרדענען ביי די פּאַרטיזאַנער, האָף איך, וועל איך דיר קענען צונעמען אין פּאַרטיזאַנקע. — האָט בערקע געזאָגט צום טאַטן.

שפּעט, האַלבע נאַכט, האָבן זיי זיך אומגעקערט צוריק אין צערקלישקער וואַלד. ווו ס׳זיינען אַהינגעקומען שיקע מיט מיישקען האָבן בערקע מיט פּערעצקען ניט געקאָנט פאַרשטיין. אפשר זיינען זיי אַריינגעפאַלן צו דייטשן, אָדער ליטווינער — האָבן זיי געטראַכט און זיך צו גאַרניט געקאָנט דערטראַכטן.

צוויי טעג זיינען אין גאַנצן געבליבן אַריבערצוגיין אין באַראַנישקער וואַלד. מיט אומגעדולד ציילן די חברה די שעהן.

שייעלקע מיכעלסאָן רוט ניט איין, ער ווייס זיין טאַטע מיט דער מאַמען ליגן באַהאַלטן ביי גוים. ווער ווייס ווען ער וועט זיך נאָך קענען זען מיט זיי. וויל ער זיך גיין מיט זיי געזעגענען. דאָווידקע יאַכאַי גייט מיט אים, פּאָר איין וועגס וועט ער זיך אַראָפּכאַפּן צום טאַטן; און פּערעץ גראַזול האָט סתם ליב זיך דורכצושפּאַצירן. באַגלייט ער זיי ביז סווענציאַן אין וועג אַריין.

שייעלקע איילט זיך, פון סוועציאַן ביז צו דער באַהעלטעניש, ווו עס ליגן באַהאַלטן זיינע עלטערן, איז אַ שפּאַר ביסל וועג. זיי דאַרפן נאָך באַווייזן אין דער זעלבער נאַכט זיך אומקערן אין צערקלישקער וואַלד.

געזעגענענדיק זיך מיטן טאַטן, האָבן זיך דאָווידקע מיט שייעלקען אַוועקגעלאָזט ווייטער אין וועג אַריין.

פּערעצקע איז נאָך געבליבן מיט חיימען. ער האָט ליב צו זיצן מיט אים און ריידן, אונטערהאַלטן אים קאָמפּאַניע, ווייל מיט די חברה אין וואַלד האָט ער ניט איבעריקס קיין געמיינזאַמע שפּראַך. זיצט ער מיט חיימען און רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן. שפּעטער צו וועט ער זיך צוריק אומקערן, אַליין, אויף דער באַזע.

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע, אַ טויאיקע, אַ וואַרעמע. שטיל שאָרכן דאָווידקעס און שייעלקעס טריט איבערן גראָז פון שאַבלינסקעס לאָנקע.

זיין גייען לעבן טייכל, פאַרביי דעם געטאָ.

— שטייט, ווער גייט ? — האָט אויסגעשריען דאָווידקע, און אַ שלעפּ געטאָן שייעלקען צו זיך, דערהערנדיק דעם שאָרך פון טריט אַנטקעגן זיך.

און ווי גרויס איז געווען זייער פאַרוווּנדערונג, ווען אין דער שטאָקיקער פינצטערניש האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף שיקען מיט מיישקען. פון גרויס איבערלעבונג צוליב דער אומגעריכטער באַגעגעניש האָבן זיי מיט היץ אָנגעהויבן אַלע אין איינעם איבערגעבן אַלץ, וואָס מיט יעדן איינעם האָט פּאַסירט.

שיקע מיט מיישקען קומען פון ווילנע. זיי ווילן אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט די חברה ,און נאָך דעם וועלן זיי זיך צוריק אומקערן און ברענגען באַקאַנטע חברים פון ווילנער געטאָ אין וואַלד. קיין גוטע נייס האָבן זיי ניט. אַלע יידן, וועלכע מען

האָט אַרויסגעשיקט פון סווענציאַנער געטאָ קיין קאָוונע, האָט מען אומגעבראַכט אויף פּאָנאַר.

— ווו גייט איר דאָס? — פרעגט מיישקע, אָנקוקנדיק דעם גרויסן זאַק, וואָס שייעלקע האָט מיט אַ קרעכץ אַראָפּגעלאָזן פון פּלייצע צו די פיס.

— איבערמאָרגן ציען מיר זיך אַריבער אין די קאָזיאַנער וועלדער, גיי איך זיך געזעגענען מיט די עלטערן. זיי ליגן באַהאַלטן ביי גוים, — זאָגט שייעלקע. — אפשר הונגערן זיי דאָרט, טראָג איך אין אַ זאַק פאַר זיי עסן.

דאָווידקע טראָגט אויף אַ זעקל. ביי אים אין זעקל ליגט אַ ראַדיאָ, פאַר וועלכן אַ גוי איז מסכים זיי צו געבן אַ ביקס. דעם ראַדיאָ האָבן זיי צוגענומען ביי אַ גוי, און יעצט גייען זיי דאָס מאַכן דעם בייט.

— האָסט געדאַרפט זען ווי ער האָט זיך דאָס געוואָרפן, פאַר קיין שום געלט ניט געוואָלט אַוועקגעבן דעם ראַדיאָ. נו, האָט ער דאָס געכאַפּט קלעפּ פון פּיווקען מיט בערלען, אַז איר קענט זיך דאָס גאָר ניט פאָרשטעלן. יעצט — זאָגט דאָווידקע, — אַז מיר גייען נעמען עסן, שטייען מיר שוין ניט ווי די בעטלער ביים טיר, נאָר מיר גייען אַריין אינעווייניק. מען ציטערט פאַר אונדז אַ שרעק, און אין דער געגנט גייען מיר אַרום פראַנק און פריי ווי גאַנצע באַלעבאַטים. גוט וואָס איר האָט אונדז געטראָפן, ווייל אויף דער אַלטער באַזע וואָלט איר אונדז שוין ניט געפונען. ליטווינער מיט דייטשן זיינען איבערגעפאַלן אונדזערע ביידלעך און אַלץ פאַר־ברענט, מיר זיינען קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן, אַ דאַנק גויגע, דעם וואַלד־וועכטער. אין דער לעצטער מינוט איז ער געקומען צו לויפן און אונדז געראַטעוועט, אָנגע־זאָגט מיר זאָלן אַנטלויפן. און יעצט שלאָפט ניט, היילט זיך, גייט שנעל איר זאָלט פאַרכאַפּן פּערעצקע גראַזול. ער איז אין גאַרבאַרניע ביים טאַטן. ער וועט אייך אַוועקפירן אויפן נייעם פּלאַץ, פון וואַנען מיר וועלן זיך איבערמאָרגן אין אָוונט אַריבערציען אין באַראַנישקער וואַלד. דאָרטן טרעפן מיר זיך מיט אַ רוסישן פאַר־טיזאַן, מיט וועלכן מיר האָבן געקראָגן אַ פאַרבינדונג, און ער פירט אונדז אַוועק אין די קאָזיאַנער וועלדער, צו מאַרקאָוון אין בריגאַדע.

— דאָווידקע! — רופט אויס שיקע — פאַר דיר האָבן מיר אַ ספּעציעלן סיורפּריז פון ווילנע.

דאָווידקע שווייגט. ער פאַרשטייט ניט, וואָס פאַראַ סיורפּריז קען מען דאָס אים ברענגען.

— זעלדעלען. מיר האָבן איר געבראַכט און איבערגעלאָזט ביי קאָזלאָווסקין אין ניי־סווענציאַן. מיר האָבן זיך ניט געוואָלט מיט איר שלעפּן סתם אין דער וועלט אַריין. יעצט, אַז דו בינסט שוין סיי ווי ניט ווייט פון ניי־סווענציאַן, כאַפּ זיך אַראָפּ און נעם איר מיט.

ווען שיקע האָט געזאָגט, אַז מען האָט אַלעמען אומגעבראַכט אויף פּאָנאַר, האָט שייעלקען אַ שטאָך געטאָן אין האַרץ, און ווען מען האָט נאָך דערמאָנט זעלדע־

לען, האָט עס אים אין גאַנצן צוזאַמענגעדרייט. טיף האָט ער אָפּגעזיפצט, אַז אַלע האָבן זיך אַ דריי געטאָן צו אים און אַנטשוויגן געוואָרן.

— קום — רופט ער אויס צו דאָווידקען מיט אַן אָפּגעהאַקטן אָטעם, מיט אימפּעט אַ כאַפּ געבנדיק דעם שווערן זאַק אויפן פּלייצע, — ס'ווערט שפּעט, לאָמיר גיין!

שייעלקעס ליבע, זיין כאַווקען, מיט די גרויסע בלויע קלוגע שמייכלענדיקע אויגן, האָט מען אומגעבראַכט אויף פּאַנאַר. ער קען זיך דאָס גאָרניט פאָרשטעלן, אַז די פריילעכע, לעבעדיקע כאַווקע איז שוין מער נישטאָ. אַ שטומער אויסגעשריי האָט זיך אים אַרויסגעריסן פון האַרץ. מיט געביילטע פויסטן האָט ער צוגעדריקט דעם זאַק אויפן פּלייצע און אַוועקגעלאָפן ווי אַ ווינט.

שיקע מיט מיישקען זיינען געבליבן ווי צעטומלט. זיי זיינען געווען ווי צעמישט. ס'האָט זיך זיי געדאַכט, אַז זיי געפינען זיך אין אַ חלום, און נאָר די נאַכט אַרום איז דאָ די אייביק־איינציקע קראַפט. נאָר שייעלקעס שטומער אויסגעשריי האָט זיי צוריקגעבראַכט צו דער ווירקלעכקייט. האָבן זיי זיך אַ כאַפּ געטאָן און זיך גענומען איילן. זיי מוזן לויפן צו חיימען אין גאַרבאַרניע, ביז צו פאַרזאַמען פּערעצקען, כדי מיט אים צוזאַמען אָנצוקומען צו די חברים אין וואַלד.

## דער קאַמף ביים באַראַנישקער וואַלד

אויף מאָטע העשקע בושקאַניעץ מיט שימקע לעווין איז אויסגעפאַלן די זכיה זיך צו טרעפן די ערשטע מיטן רוסישן פּאַרטיזאַנער, מיט מאַרקאָווס אַדיוטאַנט, וואַסקען, ווי מען האָט אים גערופן.

אָפּענטפערנדיק מיט דריי שאָסן פון זיין ביקס אויף דער אַוטאָמאַטן־סעריע פון וואַסקעס פּאַראַל, האָבן זיי זיך געלאָזט אים לויפן אַנטקעגן. און נאָך דעם, ווי זיגער, מיט גליקלעך צופרידענע פּנימער, אַרויס מיט אים פון צווישן די ביימער, אַנטקעגן די חברה, וועלכע זיינען זיי געלאָפן איבערנעמען.

אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצער לעדערנער טוזשורקע, שוואַרצע הויזן, געליפע, אַריינגעלאָזטע אין געפּאַסטע רוסישע שטיוול, פּאַד גאַרמאַשקאַי און אָן אַ היטל, איז וואַסקע מיט אַ לייכטן טראָט געגאַנגען צווישן זיינע באַגלייטערס — מאָטע־העשקע און שימקע לעווין. באַוואָפנט איז ער געווען פון קאָפּ ביז די פיס — מיט אַן אַוטאָמאַט, מיט אַ נאַגאַן, מיט גראַנאַטן און מיט אַ פינישן מעסער, מיט אַ קאָמ־פּאַס און מיט אַ מאַפּע צונויפגעלייגט אין אַ פּלאַנשעט, וועלכער איז אים אויף אַ

לעדערנעם רימען געווען אַריבערגעוואָרפן איבערן אַקסל. חוץ דעם, זיינען אים פון זייט שווער אַראָפּגעהאַנגען עטלעכע רעזערוו־דיסקן מיט פּאַטראָנעס. אויפן פּלייצע האָט ער געטראָגן אַ רוקזאַק פול אָנגעלייגט מיט קוילן. ער איז געווען אָנגעטאָן און באַוואָפנט, ווי די חברה האָבן זיך פאָרגעשטעלט, ווי אַ פּאַרטיזאַן דאַרף אויסזען.

וואַסקעס געזיכטס־שטריכן האָבן זיך אָבער בשום אופן ניט געפּאַסט צו די מיליטערישע קליידער, וועלכע ער האָט געטראָגן, זיך ניט געפּאָרעט מיטן געווער, וואָס ער האָט געהאַט.

פון נידעריקן וווקס איז געווען זיין פיגור. דער פּנים, אַ שמייכלענדיקער, אַ גוטמוטיקער, אָן איין שטריך פון פאַרהאַרטעוועטקייט, אַנטשלאָסנקייט, קעמפעריש־קייט, אָדער גבורה. דער גאַנצער פּנים איז געווען ביי אים פאַרונדיקט; די נאָז, די באַקן, די גאָמבע, דער שטערן. ווי אַ פרעמדער, אַ ניט צוגעפּאַסטער, האָט אים דער קאָפּ אַרויסגעשטאַרצט איבער באַוואָפנטן גוף.

אַ טונקל געזיכט, שוואַרצע האָר, און אויגן שוואַרצע קיילעכדיקע, פריינד־לעכע, אָן אַ ביסל בייז און האַס.

דאַכט זיך, אַז מיטן גאַנצן הולך, ווי ער שטייט און גייט וואָלט זיך אַ האָז אין וואַלד אויך פאַר אים ניט דערשראָקן. אַנטקעגן די דייטשע סאָלדאַטן מיט זייערע פּירקאַנטיקע העלמען, מיט זייערע שטרענגע שאַרפע פּנימער, האָט ער אויסגעזען ווי אַ מיליטעריש פאַרפּוצטע לאַלקע. אָט פּונקט ווי עמיצער וואָלט געוואָלט אָפּלאַכן פון זעלנערישער טראַדיציע און גבורה. אַ הימל־שרייענדיקער קאָנטראַסט צווישן תמימות און קריגערישקייט. שוין לאַנג, ווי די יאַטן זיינען אָפּגעוווינט צו זען אַ פריינדלעך שמייכלענדיקן פּנים, וואָס געהערט ניט צו קיין יידן. אָדער מען האָט אויף זיי געקוקט מיט ביטול, אָדער מיט רחמנות.

דווקא ניט די קעמפערישקייט, נאָר אָט דאָס פריינטלעך האַרציקע אָפענע געזיכט האָט זיי דערנענטערט צום קליין־געוויקסיקן רוסישן פּאַרטיזאַן, מער ווי זיין באַוואָפענונג און אַריינגעגעבן אין זיי אַ נייע נשמה מיט אַ נייעם גלויבן. די ערשטע באַגעגעניש און דער איינדרוק וואָס וואַסקע האָט אויף זיי געמאַכט, האָט אין זיי דערוואַכט דעם געפיל פון אמתדיקער פריינטשאַפט.

באַגריסט האָט זיך וואַסקע מיט די יאַטן ווי אַן אַלטער באַקאַנטער, און אַ מידער, נאָך אַ גאַנצער נאַכט גיין, האָט ער זיך אויסגעצויגן אונטער אַ בוים, אונטערגעלייגט די האַנט צוקאָפּנס, און באַלד איינגעשלאָפן.

נאָך מיטאָג האָט וואַסקע באַפוילן די חברה זיך צוצוגרייטן אין וועג. די יאַטן קוקן זיך איבער. ווי וועלן זיי גיין? ס'איז דאָך גאָר אַ מורא. ס'איז דאָך נאָך אַזוי פרי, די זון שטייט דאָך נאָך אַזוי הויך. נאָר ווער וועט עס וואַגן וואַסקען צו זאָגן אַ וואָרט, זיך מאַכן נאַריש און זיך אויסשטעלן פאַר פּחדנים. קוקן זיי אים אָן פאַרוווּנדערט און קלייבן זיך אָן חשק אין וועג.

בערקע יאָכאַי קאָנטראָלירט זיין רעוואָלווער. ער ציט אָפּ דעם שלאָס און

דער רעוואָלווער שיסט אויס. פון שרעק זיינען אַ העלפט חברה אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד און די איבעריקע זיינען געבליבן שטיין איינגעבויגענערהייט, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן. נח׳קע סווירסקי, אַ ווידזער, וועלכער איז צוזאַמען מיט זיין שוועסטער אַרויס מיט דער גרופּע פון סווענציאַנער געטאָ, איז איינגעדרייטערהייט אַפּגעלאָפן עטלעכע טריט און אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד. די חברה זיינען געבליבן פאַרציטערטע דערהערנדיק נח׳קעס אויסגעשריי, נאָר צום סוף האָבן זיי זיך באַרואיקט, דערזעענדיק בערקען שטיין אַ צעשראָקענעם מיט אַ רויכערנדיקן רעוואָלווער אין האַנט.

דער ערשטער איז געקומען צו זיך וואַסקע. ער איז באַלד צוגעלאָפן צו נח׳קען און געפינענדיק אַז די קויל האָט אים געטראָפן אין דעם רעכטן פוס, העכער פון דער קני, האָט ער אים באַרויקט, אַרויסגענומען פון זיין לעדערנעם טאַש יאָד מיט אַ באַנדאַזש און אים איבערגעבונדן די וווּנד.

— ניטשעוואָ, — קלאַפּט ער מיט אַ שמייכל נח׳קען איבער דער פּלייצע, — האָסט מזל, די קויל איז אַרויס, ס׳וועט זיך פאַרהיילן.

נאָך דעם ווי די חברה האָבן צונויפגעפלאָכטן אַ טראָג־בעטל פון פרישע צווייגן און אַרויפגעלייגט נח׳קען, האָבן זיי זיך אַלע געלאָזט אין וועג.

ניט ווייט פון אַ קרייץ־וועג, וואָס האָט דורכגעשניטן דעם וואַלד, איז וואַסקע אַוועק מיט אַ זייטיקן וועג.

— איך גיי ברענגען אַ פור, — האָט ער געזאָגט, — מיט אַ פור וועט לייכטער זיין צו גיין און מיר וועלן שנעלער אָנקומען אויף דער באַזע.

ס׳האָט ניט געדויערט קיין שעה, ווי ער האָט זיך אומגעקערט מיט אַ פערד און וואָגן. אַריינגעלייגט נה׳קען אין וואָגן, וואָס איז געווען אויסגעשפּרייט מיט פרישע אָנגעלייגטן שטרוי, האָבן זיך אַלע געריירט אין וועג. צוויי מאָן האָט וואַסקע אַרויס־געשיקט אַ פּאָר הונדערט מעטער פאָרויס, און נאָך דעם, הינטער זיי, איז גע־גאַנגען די גאַנצע גרופּע, און צום סוף דער פערד מיטן וואָגן.

מיט אַ פּאָר פאַרוווּנדערט גרויסע אויגן קוקט אָן דער פויער, וואָס איז געזעסן אין וואָגן, די יינגלעך און מיידלעך, וואָס מאַרשירן אין דער זייט פון וועג און בלייבט פאַרשטוינט פון איבעראַשונג. ער פילט זיך דאָ פרעמד צווישן די גייענ־דיקע אַרום, ציט ער איין טיפער דעם קאַרק אין קאָלנער פון דער גרויער בורקע, גראָבט איין די אויגן אין די פאַרגעלבטע פון רויכערן וואָנצעס, באַהאַלט דאָס געזיכט און ציט, צוטשמאָקענדיק נערוועז, די לייצעס; איש טי זשידי, ווסיע זשידי.

גאָר שנעל, אַרום דריי אַ זייגער נאָך מיטאָג, איז די גרופּע אַרויס צום ראַנד פון וואַלד.

וואַסקע האָט באַפרייט דעם פויער מיט דער פור. אויסדרייענדיק מיט פאַר־ביסנקייט און שנעל, דעם פערד און וואָגן, און וואַרפנדיק אַן אומהיימלעך גנבישן בליק אויף די יאַטן, וואָס זיינען געגאַנגען די לעצטע, האָט ער זיך אויפגעשטעלט

אין וואָגן און אָנגעהויבן פייפן מיט דער בייטש איבערן געזונטן אָפּגעפּרעסענעם גרויען פערד מיט די ווייסע פלעקן, און דער וואָגן, אונטערטאַנצנדיק און אונטער־שפרינגענדיק מיט די רעדער איבער די וואָרצלען פון די בוימער, וועלכע האָבן איבערגעשניטן דעם וועג, איז שנעל פאַרשוווּנדן פון אויג.

אין אַ שעה אַרום האָט וואַסקע גענומען מיט זיך פינף באַוואָפנטע יאַטן מיט ביקסן און אַרויס פון וואַלד. געגאַנגען איז ער נעמען אַ צווייטע פור. זיי גייען אויסגעצויגן אין אַ שורה. הינטער זיי איז דער וואַלד, און פאַר זיי, אַרום און אַרום, ציען זיך, עטוואָס באַרג אַרויף, העט ווייט, נאָך ניט באַאַרבעטע פויערשע פעלדער.

דער פעלד־וועג, מיט וועלכן זיי גייען, שניידט זיך גראָד איבערן פעלד, און פון ווייטן, אַרויפצו, צום האָריזאָנט, זעט מען דרייעקיקע קאָנטורן פון שטרויענע דאָרפישע דעכער. פון וואַלד ביז צום דאָרף איז ביי אָן אַנדערהאַלבן קילאָמעטער. אָפּגייענדיק מער ווי אַ העלפט וועג, אויף אַרויף, האָבן זיך פאַר זייערע אויגן פונאַנדערגעשפּרייט אין דער ברייט די שטיבלעך פון אַ גרויסן דאָרף.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו די ערשטע הייזער האָט וואַסקע איבערגעלאָזט צוויי מאַן אויף דער וואַך, און אַליין מיט די איבעריקע אַריין אין דאָרף און אָנגע־קלאַפּט אין דער צווייטער כאַטע פון דער גאַס.

אין דאָרף און אַרום איז שטיל. מען זעט ניט קיין לעבעדיקן נפש.

מיישקע מיט ישראלקע וואַלפסאָן דרייען זיך אַרום, די אומהיימלעכקייט פון דער אַרומיקער שטילקייט לייגט זיך זיי אויף די נשמות. עפּעס צו שטיל.

פון ווייטן, אויף רעכטס, אין דער ברייט פון דאָרף, ביי די לעצטע כאַטעס, אַ פיר הונערט מעטער די ווייט, זעט מען פערד געשפּאַנטע אין לאַנגע וועגענער. מסתמא קלעצער פירט מען דאָרטן, און אַרום אַ שוואַרצער קופּע פויערים, ווייזט אויס רוען זיך אָפּ פון וועג.

— וואָס איז דאָרט די קופּע אַזאַ שוואַרצע? — רופט זיך אָפּ מיישקע צו ישראלקען, — לאָמיר צוגיין זען וואָס דאָרט איז.

זיי בייגן זיך אַרונטער אונטער די דרענגער פון שיטערן הילצערנעם פלויט, וואָס ציט זיך פאַזע דעם וועג, און גייען לאַנגזאַם אין דער ריכטונג פון וואַנען מען זעט די געשפּאַנטע פערד אין די וועגענער און די געדיכטע שוואַרצע מאַסע אַרום.

איינציקווייז, אַזוי ווי מען לאָזט אַרויס לויפער פון אַ סטאַרט, האָבן זיך פון דער שוואַרצער מאַסע אָנגעהויבן אָפּצורייסן לויפנדיקע, אין שוואַרצן געקליידט, לאַנגע פיגורן. מען זעט ווי זיי וואַרפן הויך די פיס אויף אַרויף, זיי שפּרינגען ממש איבערן פעלד אין דער ריכטונג צום וואַלד, פון וואַנען די פּאַרטיזאַנער זיינען געקומען.

— פּאָליציי! — האָט מיישקע אויסגעשריען, לאָזנדיק זיך לויפן מיט ישראלקען

צוריק — וואַסקע, פּאָליציי! — האָט ער אין געאייל געשריען זוכנדיק מיט אומ־געדולד דעם אַריינגאַנג אין הויף, ווו די חברה זיינען אַריין.

וואַסקע מיט די חברה זיינען אַרויסגעלאָפן דורך דער אָפענער טיר, ביי וועלכער אַ פויערטע אין די מיטעלע יאָרן, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן ראָק און אין אַ ברייטער בלוזע, מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ, איז געשטאַנען און זיי באַגלייט מיט אַן איינגעהאַלטן צופרידענעם בליק.

אַראָפּשפּרינגענדיק פון דער הילצערנער ווערענדע זיינען זיי אַלע אַרויסגע־לאָפן צום ברעג דאָרף, זיך אַרומגעקוקט, און דערזען די לויפנדיקע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן זיך אין אַ לאַנגער קייט אויסגעצויגן איבערן פרייען פעלד.

— צום וואַלד! — האָט וואַסקע אויסגעשריען, אַרויסלויפנדיק פאָרויס.

ווי אַן אָפּגעריסענער שפּליטער האָבן די זעקס פּאַרטיזאַנער אויסגעזעצן אַנט־קעגן דער איינהייטלעך לאַנגער געשלאָסענער, ווי אַ פייל שוועבנדיקער ריי, פון זייערע פאַרפאָלגער.

שטום איז אָנגעגאַנגען דער געיעג צווישן די זעקס איינצל־לויפנדיקע פּאַר־טיזאַנער און דער לאַנגער שוואַרצער, ווי אַ שלאַנג זיך ציענדיקער קייט פון דער פּאָליציי — אַ פאַרמעסט אויף לעבן און טויט. די פּאָליציי איז געלאָפן מיטן פעלד און די פּאַרטיזאַנער מיטן וועג, מיט וועלכע זיי זיינען אָנגעקומען אין דאָרף.

דער וואַלד, וואָס האָט זיך געצויגן מיט זיין טונקל־גרינער מאַסע, אַנטקעגן זיי אין דער ברייט, האָט אין איין פּלאַץ, ניט ווייט פון וועג, זיך אַריינגעשניטן טיף אין פעלד מיט אַ שפּיץ, אין דער פאָרם פון אַ דרייעק. אָט צו דעם שפּיץ זיינען דאָס אַלע געלאָפן, די פּאַרטיזאַנער און די פּאָלציי. ווער ס׳וועט אָנקומען אַהין דער ערשטער — דער איז דער זיגער.

די זון איז שוין פאַרלאָפן ווייט אין מערב, ביים האָריזאָנט, ביים ראַנד פון דער ערד. אין דער ליכט פון אירע שטראַלן האָבן זיך די לאַנגע שאָטנס פון דער לויפנדיקער פּאָליציי און לויפנדיקע פּאַרטיזאַנער אויסגעמישט אין איין קנויל. צום שפּיץ פון דרייעק, וווהין די שאָטנס זיינען געלאָפן, איז שוין געוועזן ניט ווייט.

כל זמן דער אָפּשטאַנד פון וואַלד איז געווען ווייט זיינען אַלע געלאָפן אין איין ריכטונג, אָבער אָפּלויפנדיק מער ווי אַ קילאָמעטער, האָבן די פּאַרטיזאַנער זיך געמוזט פאַרנעמען ווייט פון וועג. די פּאָליציי, אַרויסלויפנדיק פריִער, איז זיי פאַרלאָפן, געדריקט זיי וואָס ווייטער פון וואַלד, ווייטער פון דרייעק, ווייטער פון זיין שפּיץ.

— זיי ווילן אונדז פאַנגען לעבעדיקערהייט! — האָט וואַסקע אויסגעשריען צו די יאַטן, ניט קענענדיק אַנדערש אויסטייטשן די סיבה, וואָס ביז יעצט האָבן זיי נאָך ניט אָפּגעגעבן אויף זיי קיין איין שאָס.

אַ בלאַסער, שווער סאָפּענדיק, מיט פאַרביסענע ליפּן און צוויי גליענדיקע אויגן, ניט קענענדיק ווייטער אויסהאַלטן דעם טעמפּ, מיט וועלכן זיי זיינען

אַרויסגעלאָפן, איז וואַסקע שטיין געבליבן. אײן וועג האָבן זײ יעצט פאַר זיך געהאַט אַ פרײַע — צו אָפּענעם פעלד. מער האָבן די ליטווינער ניט געדאַרפט.

— לייגן זיך! — האָט ער אויסגעשריען, אַראָפּכאַפּנדיק דעם אַווטאָמאַט פון פּלייצע, אויסציענדיק זיך אויף דער ערד און פאַרביסן קוקנדיק אויף די פּאָליציי, וועלכע האָט געמאַכט די לעצטע מעטערס צום וואַלד. — לעבעדיקערהייט זיך ניט אונטערגעבן! שיסן אין ציל! זאָלן זײ טייער באַצאָלן פאַר אונדזערע קעפּ! — האָט וואַסקע גערעדט און קאָמאַנדעוועט.

אויסלייגנדיק זיך אַרום וואַסקען אין אַ האַלבן קרייז האָבן די יאַטן אַנטשלאָסן מיט זיכערע האַנט־באַוועגונגען אָפּגעצויגן די שלעסער פון די ביקסן און אַריינ־געהאַקט די קוילן אין די לופעס.

*

בערקע גייט אַרום פאַרמרה־שחורה׳ט. ער קען זיך ניט שענקען דעם אומגע־ריכטן שאָס, הלמאי ער האָט פאַרווונדעט נח׳קען. ביי אים, ביי בערלען, זאָל פּאַסירן אַזאַ זאַך? דרייט ער זיך אַן אָנגעכמורעטער אַרום צווישן די בוימער. יאָסקע רודניצקי פּאָלגט אים נאָך. ער, דער קליינער יאָסקע, פּילט מיט דעם גרויסן בערל. זעצט ער זיך צו אויף אַ פּיען פון אַן אָפּגעזעגטן בוים, ביים ראַנד פון וואַלד, ניט ווייט פון בערלען. בערל זיצט מיטן אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, די אויגן איינגעגראָבן אין דער ערד. יאָסקע קוקט אַרום, צום פרייען פעלד, צום וועג, מיט וועלכן וואַסקע מיט די חברים זיינען אַוועק. ער, יאָסקע, איז זיי מקנא — אַ קלייניקייט גיין מיט וואַסקען, מיט אַ פאַרטיזאַן.

פּלוצלונג האָט יאָסקע אָנגעהויבן פינטלען מיט די אויגן, ער רייבט זיי מיט די הענט און זשמורעט זיך — אַנטקעגן אים, איבערן פעלד, לויפט פּאָליציי, זיי זיינען גאָר נאָענט פון וואַלד און לויפן גלייך אויף אים. אַ שרעק איז אים באַ־פאַלן, וואָס לויפן זיי אַזוי? ער קוקט זיך אַרום און דערזעט גלייך, ווייט אויף רעכטס, לויפן זעקס סילועטן, און האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז די פּאָליציי יאָגט זיך נאָך וואַסקען מיט די חברה.

ס׳איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן.

— בערקע, — שרייט ער — פּאָליציי! זיי יאָגן די חברה! וואַרט דאָ, איך גיי רופן די יאַטן!

בערקע האָט אויפגעהויבן די אויגן, ס׳האָט אים אָנגעהויבן שווינדלען דער קאָפּ, וואַרפן הענט און פיס. דאָווידקע! דאָווידקע זיין ברודער איז דאָרטן — האָט אים דער ערשטער געדאַנק אַ זעץ געטאָן אין מוח, און שנעל האָט ער אַרויסגע־כאַפּט זיין פאַראַבעלום.

— אויסלייגן זיך אונטער די קוסטעס! — האָט ער קאָמאַנדעוועט צו די יאַטן, וועלכע זיינען אין איין אימפּעט געקומען צו לויפן נאָך יאָסקען.

די פּאָליציאַנטן אַביסל אויף רעכטס, גאַר נאָענט, זיינען געלאָפן צום וואַלד, אַנטקעגן זיי. ס'האָט זיך שוין געהערט דאָס טופּען פון זייערע פיס.

— פייער! — האָט בערל אויסגעשריען און אויסגעשאָסן דער ערשטער פון זיין פּאַראַבעלום.

פּאַף־פּאַף האָבן אָפּגעהילכט די דריי ביקסן, הו־הו — האָבן הילכיק אָפּגעדונערט די קורצע אַטרעזאַנקעס, פאַרהילכנדיק מיט זייערע קנאַלן די שוואַכע רעוואָלווער־שאָסן.

איצקע טייך האָט צוויי גראַנאַטן, האָט ער איינעם פון זיי געוואָרפן גלייך אויף די ערשטע לויפנדיקע פּאָליציאַנטן. הילכיק איז געווען דער אויפרייס. עטלעכע פּאָליציאַנטן זיינען גלייך געפאַלן און די איבעריקע האָבן זיך געוואָרפן צו דער ערד.

— פייער! — וואַרפט זיך בערל ווי אין קדחת, אַריינהאַקנדיק אַ צווייטן מאַגאַזין.

איבעראַשטע פון דעם פּלוצלונגדיקן איבערפאַל, פון דער פּלוצלונגדיקער שיסעריי, וואָס מען האָט אויף זיי געעפנט פון וואַלד האָבן די ליטווינער געעפנט אַ פייער פון זייער גאַנצן געווער — פון ביקסן, אַווטאָמאַטן, און לייכטע קוילן־וואַרפערס, אַז ס'האָט זיך ערשט יעצט צעשפּילט די אמתע מוזיק.

שלעפּנדיק זייערע געפאַלענע נאָך זיך, אָפּשיסנדיק זיך, האָבן זיי אָנגעהויבן פויזענדיק אויף דער ערד, זיך צוריקצוציען.

ניט גלויבנדיק די אייגענע אויגן, האָבן די יאַטן מיט מער מוט אָנגעהויבן נאָכצושיסן די אַנטלויפנדיקע ליטווינער.

און בערלס באַסאָווע שטימע: פייער! — האָט געקלונגען אַרום ביז וואַנען מען האָט שוין קיין איין ליטווין ניט געזען פאַר די אויגן.

וואַסקע, וועלכער האָט דערהערט די שיסעריי און דערזען, אַז די ליטווינער זיינען געפאַלן צו דער ערד, ניט אַריינלויפנדיק אין וואַלד — און ניט באַגרייפנדיק געענוי וואָס דאָרט קומט פאָר, האָט אויסגעשריען! צום וואַלד!

אַז זיי זיינען אַריינגעלאָפן אין וואַלד איז שוין געווען טונקל, ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט.

ווייט פאַרלאָפן פון פּלאַץ ווו עס זיינען געווען די חברה, האָט ער געהאַלטן פאַר אַן אומזין צו גיין זיי זוכן אין דער פינצטער.

— פון דאַנען ביז קאַזיאַן איז שוין ניט ווייט, זיי וועלן זיך שוין אַליין דערשלאָגן צו די קאַזיאַנער וועלדער. אויף אַזעלכע חברים ווי איר האָט, מעגט איר זיך פאַרלאָזן, — האָט ער געטרייסט די פינף יינגלעך, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין חשק זיך צו צעשיידן מיט די חברים און זיי איבערלאָזן אַליין אין וואַלד.

— לאָמיר גיין. — האָט וואַסקע געזאָגט — אַ דאַנק אייערע חברים זיינען מיר

לעבן געבליבן, אַרויסגעקראָכן פון די ליטווינער מיט גאַנצע ביינער. — און איז אַרויס צוריק פון וואַלד.

## מיטן שטראָם פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג

ניט דערוואַרטנדיק זיך אויף די חברים, האָבן די יאַטן זיך דעצידירט אַליין צו דערשלאָגן צו די קאַזיאַנער וועלדער. אַרויפגעלייגט נח׳קען אויפן טראָג־בעטל, האָבן זיי זיך געלאָזט גיין. געגאַנגען זיינען זיי נאָכן קאָמפּאַס, אָן שטעגן און וועגן, מיט די פעלדער, ווייט אַרום אויסמיידנדיק דעם דאָרף פון וואַנען די פּאָליציי האָט אָנגעגריפן די יאַטן. שפּעט ביינאַכט האָבן זיי זיך דערשלאָגן צו אַ דאָרף. בערקע מיט איצקען האָבן זיך צוגעגנבעט צו אַ זייטיקער כאַטע און שטיל אָנגעקלאַפּט אין אַ פענצטער.

שטיל האָט אַ פּויער אויפגעמאַכט דעם פענצטער און אַרויסגערוקט דעם קאָפּ:

— וואָס ווילט איר? — האָט ער געפרעגט.

— מיר זיינען פּאַרטיזאַנער, מיר דאַרפן אַ וועג־ווייזער. טו זיך אָן און קום מיט אונדז. — האָט בערל געזאָגט.

— אָי, גאָט! — האָט דער פּויער אין שרעק אויסגערופן — אַנטלויפט, דער גאַנצער דאָרף איז דאָך פול מיט פּאָליציי.

— טו זיך אָן און קום מיט אונדז! — איז בערל ניט אָפּגעשטאַנען.

אין אַ ווײַלע אַרום, שטיל ווי אַ קאַץ, איז דער פּויער אַרויסגעקומען אין דרויסן.

די פּאָליציי־וואַך אין דאָרף האָט ווייזט אויס דערשפּירט אַ באַוועגונג, און באַלד האָבן ניט ווייט אָפּגעהילכט עטלעכע ביקסן־שאָסן. אין אייניקע סעקונדן אַרום איז דער הימל ליכטיק געוואָרן ווי בייטאָג. אָן אויפהער האָבן אין דער לופטן זיך געריסן ראַקעטן.

איינגעבויגענערהייט ביז צו דער ערד, זיינען די יאַטן נאָכגעלאָפן דעם גוי. צוליב די שיסערייען און ראַקעטן, האָט דער פּויער זיי פאַרשלעפּט ווייט פון אַ וועג — אין אַ זומפּ.

מיר דאַרפן אַריבער דעם טייך, — האָט בערל געזאָגט צום גוי, ווען מען איז שטיין געבליבן.

— ווי זאָל איך אייך אַריבערפירן? ס׳איז דאָ אַ בריקל, ס׳קען אָבער זיין, אַז פּאָליציי היט דאָרט.

— פיר אונדז אויף אַן אַנדער פּלאַץ!

— ווו זאָל איך אייך פירן, אַז די גאַנצע געגנט איז דאָ זומפּיק און דער טייך איז טיף?

ביי בערלען אַריבערשווימען דעם טייך איז אַ געלעכטער, אָבער ניט אַלע קענען דאָך שווימען.

— אפשר ווייסטו ווו מען קען געפינען אַ לאָדקע?

— יעצט, אין דער פינצטער? מען קען זיך אָפּדרייען אַ גאַנצע נאַכט אומ־זיסט און ניט געפינען.

— מיר מוזן אַריבער דעם טייך! — האָט שוין ביי בערלען געפּלאַצט דער גערודלד, גוט־ברודעריש אַרויפּליייגנדיק זיין לייכט הענטל מיט די לאַנגע פינגער אויפן פויערס אַקסל.

— איך ווייס אַ פּלאַץ, ווו ס׳איז דאָ אַ בראָד, ס׳איז אָבער ווייט, און ווער ווייס ווען מיר וועלן אַהין דערגיין?

— געגאַנגען! — האָט בערל אַראָפּגענומען די האַנט פון פויערס אַקסל און זיך געלאָזט גיין האַרט לעבן אים.

לאַנג האָבן זיי זיך געשלעפּט איבער בלאָטיקע פעלדער און זומפּן, מיד, און מיט די לעצטע כוחות געשלעפּט די פיס.

די ערד איז געווען באַדעקט מיט איין געדיכטן פינצטערן שוואַרצן וואָלקן, פאַרטאָג, ווען ס׳איז געוואָרן גוט פינצטער, האָט אַ קילער ווינטל זיי אָנגעהויבן גלעטן איבער די מידע אויסגעמאַטערטע פנימער. די מידקייט האָט זיי געשלע־פערט און דער ווינטל, האָט זיי געמינטערט.

בלייבנדיק שטיין אַ ווײַלע, האָט זיך דער פויער אַרומגעקוקט. אין אַ זייט פון הימל, ערגעץ אין צפון־מזרח איז קוים אויפגעגאַנגען אַ טונקל־שוואַרץ־גרויער שיין פון ליכט — באַלד וועט אָנהויבן טאָגן.

אויסדרייענדיק זיך אין אַ גראָדן ווינקל אויף רעכטס, האָט ער אָנגעהויבן אַראָפּצוגיין אין זומפּ, און וואָס ווייטער אַלץ טיפער. אַלע זיינען נאָכגעגאַנגען און געפילט, ווי וואָס מער זיי לאָזן זיך אַרונטער, אַלץ זינקען מער זייערע פיס אין בלאָטע.

וואָס נידעריקער צום טייך, אַלץ מער זיינען זיי איינגעהילט געוואָרן אין אַ פייכטן, קאַלט־פרירנדיקן נעפּל. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך פאַר זייערע אויגן אויסגעשפּרייט אַ קוים באַמערקבאַרע, פאַרגליווערט טונקל־שוואַרץ, בלייענע מאַסע — דער טייך. שטיל האָבן גערוישט זיינע וואַסערן.

אָפּטאָפּטשענדיק אַ שפּאַר ביסל וועג ביי דער געדיכטער גלאַטער וואַסער־מאַסע, זיינען זיי שטיין געבליבן אויף אַ האַרטן שטייניקן פּלאַץ.

— אָט דאָ! — האָט דער פויער אויסגעצויגן די האַנט איבערן טייך, — אָט דאָ גייט אַריבער! נאָר זייט פאַרזיכטיק, דער שטראָם זאָל אייך ניט פאַרשלעפּן.

אין צוויי פּאַרטיעס זיינען זיי אַריבער דעם טייך.

אויסגעצויגן אין אַ שורה און האַלטנדיק זיך פעסט פאַר די הענט, זיינען זיי אַריין, אין די זאַכן, אין אייז־קאַלטן וואַסער. אַ קאַלטער שטראָם איז זיי אַריבער איבערן לייב, פאַרגאַנגען צום האַרץ. פעסטער האָבן זיי זיך געהאַלטן פאַר די הענט, קלאַמערנדיק זיך קעגן מעכטיקן שטראָם פון דעם אַזוי, דאַכט זיך, קוים באַוועג־

לעכן וואַסער. ביז צום האַלדז זיינען זיי אַריינגעקראָכן, אַז דער אָטעם האָט זיי פאַרכאַפּט.

מיט פאַרביסענע ליפּן גייען די דריי מיידלעך, קלאַמערנדיק זיך מיט די לעצטע כוחות אָן די הענט פון די ייִנגלעך.

פאַרגליווערטע פון קעלט, אין בגדים, פון וועלכע ס׳זיינען געראָנען טייכן וואַסער, זיינען זיי אַרויף אויפן צווייטן ברעג.

דער פויער האָט זיך אומגעקערט צוריק. און זיי, אַדורכקריכנדיק דעם זומפּ, וועלכער האָט זיך אויך געצויגן לענג אויס דעם אַנדער זייט טייך, זיינען סוף־סוף אַרויף אויפן ווייכן באָדן פון אַ פעלד.

העכער איבער אַלעמען, האָט בערל געשפּאַנט פאָרויס, אין דער ריכטונג, פון וואַנען ס׳איז אויפגעגאַנגען אויפן האָריזאָנט אַ טונקל־העלער פּאַס ליכט פון אויפגייענדיקן טאָג.

דער נאַכטיקער נעפּל און טוי, וואָס האָט זיך געשפּרייט אַרום טייך, איז אָבער געווען אַזוי גרויס, אַז מער ווי שאָטנס האָבן זיי פאַר זיך ביט געזען.

ווען זיי זיינען אַרויף העכער און ס׳איז געוואָרן העלער, האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט: אונטן, ביי זייערע פיס האָט, ווי אַ וואָלקן, זיך געצויגן אין דער לענג פון טייך און איינגעהילט אים צוזאַמען מיטן זומפּ אַ ווייסער קנויליקער נעפּל. פון אַנדער זייט, איבערן זומפּיק־גראָזיקן פעלד, האָבן זיי דערזען אָן איינצל שטייענדיקע שטוב, און ווייטער אַרויף, גאָר ווייט אויפן האָריזאָנט, — אַ טונקעלער פּאַס פון אַ וואַלד, וועלכער האָט זיך געשפּרייט פון איין עק האָריזאָנט ביז צום צווייטן, ביז וואַנען דאָס אויג האָט נאָר געקאָנט פאַרכאַפּן — דאָס זיינען געווען די קאָזיאַנער וועלדער.

נאָכן אַרויסשיקן צוויי אויסשפּירער איז די גאַנצע גרופּע אָנגעקומען צו דער איינצלנער, איינזאַמער שטוב.

אין סאַריי האָבן זיך אַלע אויסגעטאָן און אויסגעדרייט פון זיך די נאַסע קליידער. צוריק אָנגעטאָן זיך, זיינען זיי אַריין צום פויער געבעטן עסן און גענומען זיך קלייבן ווייטער אין וועג צום וואַלד.

— וואָס יאָגט איר זיך אַזוי? — ווונדערט זיך דער פויער, אָנקוקנדיק די אויסגעמאַטערטע, מידע, נאַסע פון קאָפּ ביז די פיס ייִנגלעך און מיידלעך — איך וועל איינהייצן דעם אויוון, כ׳וועל אייך מאַכן עסן, דערוויילט וועט איר זיך אַביסל אויסטריקענען די נאַסע זאַכן און קליידער. איר דאַרפט ניט מורא האָבן, איר געפינט זיך דאָ אין דער פּאַרטיזאַנער־זאָנע פון די קאָזיאַנער וועלדער, די דייטשן און ליטווינער קומען נאָר ביז יענעם ברעג טייך — אויף דער זייט האָבן זיי מורא אַריבערצוגיין. אויף דעם זייט ברעג, אין דער גאַנצער לענג פון טייך, וואַכן דאָ פּאַרטיזאַנישע פּאָסטנס.

די חברה האָבן זיך אַ ביסל באַרואיקט, און נאָך דעם ווי דער פויער האָט זיי

מכבד געווען פון ביטערן טראָפּן, און זיי האָבן אָפּגעגעסן און זיך דערוואָרעמט — האָבן זיי אים העפלעך באַדאַנקט, און שוין פאַר ליכטיק, אין גרויסן טאָג, זיך געלאָזט צום וואַלד. דער טאָג איז געווען אַ כמורנער און קאַלטער. ערשט אָנקו־מענדיק אין וואַלד האָבן זיי פונאַנדערגעלייגט אַ גרויסן פייער, זיך גוט אויסגע־וואַרעמט און אויסגעטריקנט, און טויט־מידע אַוועקגעפאַלן שלאָפן.

— ווי וואַסקע האָט אונדז אָפּגעמשלט, געפינען מיר זיך אַ צוואַנציק קילאָ־מעטער פון די פּאַרטיזאַנער־באַזעס — האָט געזאָגט בערל, קוקנדיק אויף דער אויסגעשפּרייטער מאַפּע. דער גאַנצער וועג אַהין ציט זיך כמעט אויסשליסלעך דורך וועלדער. אויב מיר זאָלן לאָזן די חברה זיך אויסרוען אַ פּאָר שעה און זיך נאָך דעם אַוועקלאָזן אין וועג, קענען מיר ביז פאַרנאַכט אַהין דערגיין.

אַ יידישע גרופּע פּאַרטיזאַנער מאַרשירט אין דער ריכטונג פון די קאַזיאַנער וועלדער. די קליידער און שיך זיינען ביי זיי שמוציק און פאַרבלאָטיקט, די פּנימער פאַרשוואַרצט. דאָך גייען זיי מונטערע מיט אַ פריילעכן טראָט. דער וועג ציט זיך דורך וואַלד, אין אַ סך פלעצער שניידט ער זיך דורך אָפענע גרויסע פּאָליאַנעס, וועלכע זעען אויס ווי קליינע גרינע אינדזלען אין דער ברייטער אַרומיקער וואַלד־געדיכטעניש.

די זון איז אַרויס פון צווישן די וואָלקנס און וואַרפט בשפע אירע גאָלדיק וואַרעמע שטראַלן אויפן פּריש, ערשט אַרויסגעשפּאַרצטן העל־גרינעם גראָז און וואַרעמט מיט ליבע פונאַנדער די גלידער פון די אויסגעמאַטערטע יאַטן. אַפילו נח׳קע, וועלכן מען האָט די גאַנצע צייט געטראָגן, האַלט זיך אָן די אַקסלען פון צוויי חברים, און גייט שלעפּנדיק די פאַרוווּנדעטע פוס.

אַז מ׳זעט גאָרניט פון וואַנען, אַזוי ווי ריטשקעלעך און טייכעלעך פליסן צו אַ גרעסערן טייך, אַזוי קומען פון אַלע וועגן און וועגעלעך, פון אונטער קוסטעס און בוימער, אַפילו פון אונטער די גראָזן, איינציקע און אין גרופּן, מונטער־פריילעכע און טרויעריק־פאַרביסענע, היימיש געקליידעטע, יונגטלעכע און עלטערע. זיי גיסן זיך צונויף פון די זייטיקע וועגן און וועגעלעך אויף דעם הויפּטוועג פון די פּאַרטיזאַנער־שליאַכן. דאָס האָט זיך צונויפגעגאָסן און שטראָמט מיט אַ מעכטיקן כוח דער פאָלקס־צאָרן. זיי באַוועגן זיך אַלע צו די פּאַרטיזאַנער־באַזעס, וועלכע געפינען זיך אין די געדיכטענישן פון די וועלדער. „אַ טויט דעם פאַשיזם״, קלינגט הילכיק זייער טראָט. עס גייען באַוואָפנטע און אומבאַוואָפנטע, יונגע און עלטערע, אָנגעטאָן אין פויערשע קליידער; עס גייען פאַרשמאַכטע און אָפּגעריסענע אין אָראָפּהענגענדיקע מיליטערישע קליידער רוסישע קריגס־געפאַנגענע, אַנט־לאָפענע פון די דייטשע געפאַנגען־לאַגערן; עס גייען אין געפּאַסטע מיליטערישע גרינע קליידער, מיט גוט אָפּגעפרעסן־רויטע פּנימער, באַוואָפנטע מיט ביקסן און גראַנאַטן — אוקראַינער. זיי האָבן זיך איבערגעגעבן דעם דייטש, געקעמפט מיט אים צוזאַמען, קעגן זייערע אייגענע ברידער. יעצט, דערזעענדיק אַז דאָס רעדל האָט

זיך איבערגעדרייט, לויפן זיי צוריק. פון אָנהויב האָבן זיי מורא געהאַט, די פּאַר־טיזאַנער זאָלן זיך מיט זיי ניט אָפּרעכענען. נאָר אַז די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג האָט זיי פאַרזיכערט דאָס לעבן, האָבן זיי זיך אָנגענומען מיט מוט, און וואָס ווייטער שפּאַנען זיי אַלץ זיכערער און דרייסטער, מיט גאווה, אַפילו מיט ביטול, קוקנדיק אויף די אָפּגעריסענע אומבאַוואָפנטע גרופּן, וועלכע זיינען זיי טאַקע מקנא פאַר זייער גלאַנציק־נייעם געווער.

אָט גייט צווישן זיי, פון אַ יאָר דרייסיק, אַ פעסט־געבויטער, מיט אַ צופרידן זאַטן פּנים — אוקראַינער. דאָס איז, דאַכט זיך, דער זעלבער, וואָס האָט געהיט די רוסישע קריגס־געפאַנגענע, וואָס האָט געכאַפּט קושקע ליגומסקי און אים בלוטיק צעשלאָגן, פאַר וועלן געבן אַ הונגעריקן געפאַנגענעם אַ שטיקל ברויט. אָט גייט פון זייט זיין קרבן, אַ פאַרהונגערטער, אַן אָפּגעצערטער, אויסגעמאַטערטער סקע־לעט, אַן אָפּגעריסענער אַנטלאָפענער פון פּלען געפאַנגענער. ער שלעפּט קוים זיינע פיס, ער גייט שטיל ווי אַ טויב, נאָר וואָס אין זיין האַרצן טוט זיך ווייס ער מסתמא אַליין. אויך די גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער טראָגן שטום אין זייערע הערצער דעם ווייטיק קעגן די אוקראַינישע פאַרקויפטע נשמות. דאָס האָבן זיי געמאָרדעט און געראַבעוועט טויזנטער יידן. אָט דער גאַנצער ניט איינהייטלעכער מענטשן־שטראָם האָט זיך דאָס באַוועגט אין דער ריכטונג צו די פּאַרטיזאַנער באַזעס.

אויפן וועג אַנטקעגן גייען באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער־גרופּן. מונטער־פריילעך באַגריסן זיי זיך מיט די ניי־אָנגעקומענע גרופּן. זיי גייען אויף אַקציעס. פּאַרטי־זאַנער־אויסשפּירער טראָגן זיך פאַרביי אויף ברענענדיקע פערד, פון אונטער וועמענס קאָפּיטעס עס פליען שטיקער ערד צווישן די בוימער אַרום.

און וואָס אָפטער זיי טרעפן אָן אויף פּאַרטיזאַנער־גרופּן, אַלץ מער פילן זיי די נאָענטקייט צו זייער ציל. דאַכט זיך די וועגן אַליין ריידן שוין, אַז אָט־אָט און זיי האָבן דערגרייכט זייער חלום.

— שטייט! — פאַרהאַלט זיי אויפן וועג דער ערשטער פּאַרטיזאַנער־סעקרעט.

— ווער זייט איר?

— מיר גייען צו מאַרקאָוון, מיר זיינען סווענציאַנער. וואַסקע זיין אַדיוטאַנט האָט אונדז געשיקט.

מ'לאָזט זיי דורך.

אָט אַזוי ווערן אויסגעפרעגט און אַדורכגעלאָזט אַלע גרופּן און איינציקע. און ווער ס'איז פאַרדעכטיק, ווערט פאַרהאַלטן און אָפּגעפירט אויף דער באַזע, אונטער דער באַגלייטונג פון פּאַרטיזאַנער־פּאַטרולן.

יעצט, אין תחום פון דער פּאַרטיזאַנער־באַזע, אָטעמען זיי אויף אָן אמת פריי אָפּ. דאַכט זיך, אַז ערשט דאָ האָבן זיי זיך באַפרייט פון די קייטן, וועלכע האָבן אויף זיי די גאַנצע צייט געדריקט.

נאָך צוויי שעה גיין מיט געדיכטע געדרייטע וואַלד־וועגן, זיינען זיי אָנגעקומען אויף דער באַזע פון טשאַפּאַיעווס אָטריאַד. וואָסקע מיט די איבעריקע פינף חברים זיינען שוין דאָרט געווען פון לאַנג.

## סעדיאַקין, דער קאָמאַנדיר פון שטאַפּאַיעווס אַטריאַד

אַרומגעוואַשן און אויסגערוט שטייט די גאַנצע גרופּע אויסגעשטעלט מיליטעריש אין אַ ריי אונטער די הויכע סאָסנע־בוימער, ניט ווייט פון די זיעמלאַנקעס. זיי גיבן אָפּ די מיליטעריש־פּאַרטיזאַנישע שבועה. זיי שווערן טרייהייט דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג.

אַנטקעגן זיי, אויף אַכטונג, שטייט דער קאָמאַנדיר פון טשאַפּאַיעווס אָטריאַד, סעדיאַקין. ער איז העכער פון מיטעלן וווּקס, אַ ברייט־פּלייציק פעסט־געבויטער גיבור אין די דרייסיקער יאָרן. זיין אָפענער ליכטיקער געזיכט מיט די בלויע שמייכלענדיקע אויגן איז באַגאָלדעט מיט אַ צעלאָזטער טשופּרינע האָר. ער זאָגט די שבועה וואָרט ביי וואָרט, מיט אַ פייערלעך ערנסטער מינע, און די חברה זאָגן אים נאָך.

נאָך דער שבועה האָט ער די אויף אַכטונג שטייענדיקע יאַטן דערלויבט פריי צו שטיין. אַרומנעמענדיק אַלעמען מיט זיין גוטמוטיק פריינטלעכן בליק, האָט ער אויסגערופן:

— מען זאָגט אַ יידן זיינען טרוסן. איך גלויב אָבער ניט אין דעם. ווען איך בין געקומען אין וואַלד, זיינען שוין דאָ געווען יידישע פּאַרטיזאַנער. ביי מיר אין אָטריאַד געפינט זיך איינער פון זיי — לייבע וואָליאַק. פאַר לייבע וואָליאַק ציטערט די גאַנצע געגנט, ציטערן די פּאַשיסטן אַרום. זיין רום און גבורה גייט אַרום איבער די פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן. ער איז אַ ביישפּיל פון קאַמף קעגן די אָקופּאַנטן. לייבע וואָליאַק בייט איך ניט אויף פינף רוסישע פּאַרטיזאַנער. ער איז אַ העלד צווישן העלדן. ס׳זיינען דאָ נאָך יידישע פּאַרטיזאַנער, פון וועלכע איר וועט מיט דער צייט הערן — איציק בלאָט, באָריס פייגעלמאַן און אַנדערע, — און איך גלויב, אַז אויך איר וועט זיין דרייסט און מוטיק פּונקט ווי זיי. וואָסקע האָט מיר שוין דערציילט פון אייך. געזאָגט, אַז אויפן וועג האָט איר שוין באַוויזן אָפּצולייגן אַ פּאָר ליטווישע פּיינט. דערפאַר בין איך צופרידן צו זען אייך צווישן די רייען פון מיין אָטריאַד. איין זאַך וויל איך אייך אָבער אויפקלערן: ניט אַלע זייט איר באַוואָפנט מיט ביקסן. אַ גרויסער טייל פון אייך טראָגט פּיסטאָלעטן, אָטרעזאַנקעס, און

עטלעכע האָבן בכלל ניט קיין געווער. דער מינימום וואָס אַ פּאַרטיזאַן מוז פאַר־מאָגן — איז אַ ביקס. מיר האָבן ניט קיין אַנדער קוועלע פון געווער ווי דעם שונא׳ס, אָדער צופעליק באַהאַלטענע ביי פּויערים ביקסן. איך זע, אַז איר זייט ניט געוויקלט אין קיין ווינדעלעך. איך גיב אייך אַן אויפגאַבע: גייט אַרויס און קריגט געווער, קריגט ביקסן. מיר האָבן ניט קיין צייט זיך צו לערנען די קונסט פון מלחמה. — אַ פּאַרטיזאַן דאַרף לערנען פון דער פּראַקטיק. דערווייל, אָנשטאָט אַ ביסל טעאָריע, גיב איך אייך דעם ביכל „ספּוטניק פּאַרטיזאַנאַ״. קוקט אין אים אַריין, און פאַר די ערשטע צייט וועט עס אייך צונוץ קומען.

לאַנג זיינען די חברה געווען אונטערן איינדרוק פון סעדיאַקינס רעדע און מיט אַן אויפגעהויבענעם מוט, ווי בעלי־שמחות, האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט צווישן די הויכע סאָסנע־ביימער, באַטראַכט דעם פּאַרטיזאַנער־לאַגער — זייער נייע היים.

די יאַטן זיצן לעבן די זיעמלאַנקעס און באַטראַכטן דעם קאָמאַנדירס באַפעל. בערקע יאָכאַי איז אָמנאָענטסטן פאַרבונדן מיט די טאַטאַרן. דורך זיי האָט ער געקראָגן פּיסטאָלעטן. קען זיין, אַז מיט זייער הילף וועט מען אויך קענען קריגן ביקסן. דאַרף מען גיין צוריק לעבן סווענציאַן.

שיקע רוט ניט איין — ער מוז זען מאַרקאָוון, ער מוז גיין צום קאָפּ. מאַרקאָוו איז אויף דער באַזע ניטאָ, ער געפינט זיך אין די נאַראָטשער וועלדער. גייט שיקע אין נאַראָטש. אַלס מיטגייער שליסט זיך אָן צו אים ישראלקע וואָלפּסאָן.

מיישקע האָט פאַרטראַכט אַן אַנדער פּלאַן — שטייט ער ניט דרייסט פאַר דער זיעמלאַנקע פון קאָמאַנדיר און בעט ביי דער וואַך אַ דערלויבעניש מען זאָל אים אַריינלאָזן.

דער גרויסער, ברייטער, פול־לייביקער קאָמאַנדיר זיצט ברייט פאַנאַנדערגע־שטעלט די פיס, און דער בענקל קרעכצט אונטער זיין געוויכט. אויף אַ קליינעם צונויפגעקלאַפּטן פון ברעטער טישל האַלט ער צונויפגעלייגט די הענט, און קוקט אָן דעם קליינעם יונגן יאַטל מיטן קינדערישן פּנים, און שמייכלט.

צו זיין פאַרשטאַנד דערגייט בכלל ניט מיישקעס ביטע. זיי, די פּאַרטיזאַנער, שטייען עטלעכע צענדליק קילאָמעטער פון מיאַדזול, ווו אַ פּאַרטיזאַן קען אַפילו דעם נאָז ניט אַריינשטעקן. טאָ ווי אַזוי וועט דאָס דער ייִנגל גיין אַ מהלך פון צוויי הונדערט קילאָמעטער איבער פיינטלעכע וועגן און שטעגן, ווו אַ פּאַרטיזאַנער האָט נאָך קיין פוס ניט געשטעלט, און נאָך אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי ווילנע, ווו עס שווימלט און ווימלט מיט דייטשן און היטלעראָווצעס. מען וועט דאָך אים גלייך כאַפּן, ער וועט אומקומען אויפן וועג. ניין, אַ שאָד.

נאָר צו ביסלעך האָט עס אים פאַראינטריגירט — מיישקע דערציילט אים פון אַן אונטערגרונט־באַוועגונג אין ווילנער געטאָ. זיי האָבן געווער, אַפילו פּולע־מיאָטן. ער וועט זיי ברענגען אין וואַלד, פאַרגרעסערן דעם פּאַרטיזאַנער־כוח.

— ווי וועסטו דערגיין אַהין? — פרעגט סעדיאַקין.

— וואָס הייסט ווי? ביז סוועטציאָן איז דאָך ניט ווייט, און פון דאָרטן מיט דער באַן, פּאָר עטלעכע שעה און איך בין אין ווילנע.

סעדיאַקין לאַכט שוין ניט. איבעראַשט קוקט ער אָן דעם קליינעם יאַטל, ווי ער וויקלט פּאַר זיך נייע וועגן, ברייטע האָריזאָנטן, און קריגט פּאַר אים רעספּעקט.

— יאָ!... — רופט ער אויס ערנסט פּאַרטראַכט, אָנקוקנדיק מיישקען, — אין שטאָט וועט מען דאָך אָבער גלייך דערקענען, אַז דו בינסט אַ ייד. די דייטשן וועלן דיך דאָך גלייך כאַפּן.

מיישקע שטייט אַ דערשלאָגענער, דער קאָמאַנדיר וויל ניט איינשטימען.

— נו, איז וואָס, חבר קאָמאַנדיר! — שטעלט אויס מיישקע אויף סעדיאַקינען אַ פּאָר בעטנדיקע פּיכטע אויגן.

סעדיאַקין קוקט אָן דעם טרויעריק־דערשלאָגענעם יינגל. דאָס האַרץ איז אים ווייכער געוואָרן, רחמנות געקראָגן:

— גיי! — האָט ער אויסגערופן, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ, נאָר זע, היט זיך, זאָלסטו ניט אַריינפאַלן.

— איך האָב צו אייך נאָך אַ ביטע, — איז שוין מיישקע ביי זיך אַ ביסל האָפערדיקער געוואָרן.

— וואָס נאָך ווילסטו?

— אַ בריוו, אַ בריוו וויל איך איר זאָלט מיר אָנשרייבן.

סעדיאַקין הויבט מיט די פּלייצעס:

— צו וואָס דאַרפסטו אַ בריוו?

— איר פאַרשטייט, דאָרט זיינען גרויסע לייט, אַרמיי־אָפיצערן, ווער ווייס צי זיי וועלן ריידן מיט מיר, צי זיי וועלן מיר וועלן גלויבן, אַז איך קום טאַקע פון אייך, פון די פּאַרטיזאַנער? אָבער אַז איך וועל האָבן אַ בריוו, וועל איך זיי אפשר איבערצייגן אַרויסצוגיין אין וואַלד, נישט זיצן אין געטאָ. איר פאַרשטייט, זיי האָבן אָן אַנדער איינשטעלונג, זיי ווילן שטעלן אַ ווידערשטאַנד אין ווילנער געטאָ, אַן אויפשטאַנד מאַכן. אַז איר וועט שרייבן אַ בריוו, וועלן זיי אפשר אַרויסגיין. דאָ אין וואַלד קען מען דאָך מיט געווער אַ סך מער אויפטאָן קעגן די דייטשן, ווי דאָרטן פאַרשפּאַרטע אין געטאָ.

סעדיאַקין האָט זיך איבערגעבויגן, פון אונטער דער קאָלדרע פון זיין געלעגער אַרויסגענומען אַ בייגעלע פּאַפּיר, פון אויף דער ערד, לעבן אים ביים וואַנט, גענומען אַ טינטער מיט טינט און אַ פּעדער, און אויפן קליינעם טישל זיך געזעצט שרייבן אַ בריוו.

— נו, אָט האָסטו אַ בריוו! — האָט ער זיך אויפגעהויבן אַ שמייכלענדיקער, אויסציענדיק צו מיישקען די האַנט מיטן בריוו.

מיישקע שטייט אין פאַרלעגנהייט, דרייט דעם בריוו אין האַנט און רירט זיך ניט פון אָרט.

— האָסט דאָך שוין אַלץ וואָס דו האָסט געבעטן, וואָס נאָך ווילסטו פון מיר ?

— אַ שטעמפּל, חבר קאָמאַנדיר, אַ שטעמפּל. אָן אַ שטעמפּל וועלן זיי מיר ניט וועלן גלויבן, אַז דער בריוו איז פון אייך. ניט איינגעגלויבטע, שווערע מענטשן זיינען זיי. איך קען נאָך אומזיסט גיין.

— אַ, דאָס זעסטו, ברודערקע, שוין ניט. דו ווייסט, וואָס עס קען זיין. טאָמער די דייטשן זאָלן דיך כאַפּן און געפינען ביי דיר דעם בריוו מיטן שטעמפּל ? זיי מאַכן אים גלייך נאָך און שיקן אַריין צו אונדז אַ ווערלט שפּיאָנען, וואָס וועלן אונדז אַלעמען פאַרניכטן. דער בריוו מיט אַן אונטערשריפט איז גענוג.

— אַ מיליטערישע אָרגאַניזאַציע, חבר קאָמאַנדיר, אַן אונטערגרונט־באַוועגונג, אין שווערע באַדינגונגען, זיי זיינען זייער פּאָרזיכטיק. זיי וועלן מיר ניט גלויבן, זאָגן אַז איך האָב דעם בריוו אַליין צוזאַמענגעשטעלט. גיט אַ שטעמפּל, חבר קאָמאַנדיר, זייט אַ גוטער.

— ווייז אַהער, אַ האַלבן שטעמפּל וועל איך דיר געבן, האָט סעדיאַקין אויס־געשטעלט צו מיישקען די האַנט — נאָר געדענק, איך פאַרלאָז זיך שוין צו פיל אויף דיר, — האָט ער זיך גוט־ברודעריש צעשמייכלט. אַרויסגייענדיק פון הינטערן טיש, האָט ער קלאַפּנדיק מיישקען איבער דער פּלייצע — אים געווונטשן — אַ גליקלעכע וועג. זע, זאָלסט זיך היטן !

אַרונטערוקנדיק דעם בריוו אונטערן רעקל איז מיישקע אַרויס פון דעם קאָמאַנדירסביידל, פון סעדיאַקינען. אַ צופרידענער — דאַכט זיך גאָט אַליין וואָלט אים אויך אַזוי פיין ניט באַהאַנדלט — איז ער געווען גערירט פון סעדיאַ־קינס פריינטלעך ברייט־האַרציקער אויפנאַמע.

## דער יידישער מזל

אין דעם זעלבן טאָג, פאַרנאַכט, ווען מיישקע האָט געקראָגן דעם בריוו, האָט אַ גרופּע פון אַכט מאַן, מיט בערלען אין דער שפּיץ, זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג, קיין סוועניציאַן.

— מיט הצלחה, חברה, מיט הצלחה ! — האָבן זיי באַגלייט אין וועג די איבעריקע חברים, פאָכענענדיק מיט די הענט.

צווישן די אַלטע סאָסנע־ביימער פון די קאַזיאַנער וועלדער פּילט זיך די גייענדיקע גרופּע ווי צווישן מלאכים אין גן־עדן — ניטאָ וואָס מורא צו האָבן. דערצו נאָך די פריינטלעכקייט, מיט וועלכע מען האָט זיי אויפגענומען, איז ביי זיי

גאָר אין גאַנצן פאַרשוווּנדן דער פּחד, האָבן זיי גאָר ניט קיין מורא זיך אַרויס־צולאָזן אין ווייטן וועג.

בייטאָג, אין אַ וועלדל, אין געדיכטע קוסטעס — ביינאַכט — אין מאַרש. שוין די דריטע נאַכט ווי זיי גייען אין וועג — שוין ניט ווייט פון סווענציאַן.

דער ערשטער גייט בערל. אין מיטן גייען די צוויי מיידלעך, פאַר לעצטן — פּערעצקע, און דער לעצטער — מיישקע. די גרופּע איז באַוואָפנט מיט צוויי ביקסן, צוויי רעוואָלווערן און אַן אַטרעזאַנקע. לעבן בערלען גייט דער פּראָוואָדניק — דער וועג־ווייזער. אַ יונגען שגץ פון אַ נאָענטן דאָרף. ער גייט איינגעבויגן, אַ ציטערנדיקער, אַ באָרוועסער.

פּערעצקע רעדט שוין ניט, ער האָט רעזיגנירט, ער ווייס, ער האָט שוין פון לאַנג זיין קאַריערע פאַרלאָרן. ער מוז זיך דאָס שטענדיק אַרויסשטופּן ווי בערל? זיינס האָט ער אויסגעפירט. דורך די דראָטן פון געטאָ איז ער אַרויס, אַ פּאַרטיזאַן איז ער — גאָט צו דאַנקען. ס׳גייט זיך גאָר בעסער נאָך אַ צווייטן, מען דאַרף ניט אַרויסשטעלן פאַר אַלעמען די אויגן, ניט אָנשטרענגען די אויערן. און אַריינלייגנדיק די הענט אין די אַרבל, גייט ער, און דרעמלט גאָר, אין מיטן גאַנג.

פּלוצלונג איז דער וועג־ווייזער שטיין געבליבן, זיך אַראָפּגעבויגן, און אין שרעק אויסגערופן:

— מ׳פּאָרט!

און איידער בערל האָט זיך באַטראַכט וואָס צו טאָן, איז דער שגץ אַנטלאָפן. ווי פון שלאָף האָט זיך פּערעצקע אַ כאַפּ געטאָן און אָנגעהויבן נאָכלויפן, כאַפּן דעם שגץ און מיישקע נאָך אים.

אַ הונדערט מעטער זיינען זיי געלאָפן, ביז צום וואַלד, וווּ דער שגץ איז פאַרשוווּנדן, ווי אין וואַסער אַריין.

זיי שטייען ביים ברעג וואַלד און הערן: פון וועג, וווּ די גרופּע איז שטיין געבליבן, טראָגן זיך געוואַלדן — אָט שרייען פרעמדע קולות און אָט שרייט בערלס קול.

— קום, לאָמיר זען וואָס איז דאָרטן! — האָט מיישקע אויסגערופן.

נאָר פּערעצקע האָט אים אָנגעכאַפּט ביים אַרבל:

— שטיי! לויף ניט!

— דאָרטן זיינען פּאַרטיזאַנער. מען רעדט רוסיש. דו הערסט ניט? קום!

די נאַכט איז פינצטער. שטילערהייט זיינען זיי צוגעקראָכן נעענטער. ווידער הערן זיך געוואַלדן פון די חברה.

— ליג, קריך ניט! — שלעפּט ווידער פּערעצקע מיישקען פאַרן אַרבל.

— וואָס האָסטו מורא?

— לאָמיר זיך צוהערן?

צופוּזענענדיק נעענטער, האָבן זיי באַמערקט צוויי פורן.

— פון וועלכן אַטריאַד זייט איר? — הערט זיך אַ שאַרף, דינטשיק קעלכל.

— פון טשאַפּאַיעווס אַטריאַד.

— וואָס טוט איר דאָ?

— מיר גייען אויף אַן אויפגאַבע.

— פאַרוואָס זייט איר ניט אַראָפּ פון וועג, אַז מיר האָבן אייך געהייסן?

בערל שטייט און ווייס ניט וואָס צו ענטפערן.

— פאַרטיזאַנער זייט איר? — קוויטשעט ווייטער דאָס דינע קעלכל — און ווער איז דאָס? — איז ער אַריינגעקראָכן צווישן די חברה, באַמערקנדיק די צוויי מיידלעך — פון טשאַפּאַיעווס אַטריאַד זייט איר? מיר, דעם קאָמיסאַר, גייט איר זאָגן, ווער ס'זיינען די פאַרטיזאַנער פון טשאַפּאַיעווס אַטריאַד? אַ באַנדע רויבער זייט איר! מיט באַבעס שלעפּט איר זיך אַרום. פויערים באַראַבעוועט איר און שלאָגט דאָ אין די קאַנטן. זיי האָבן טאַקע דערציילט, אַז אַ באַנדע יידישע רויבער דרייען זיך דאָ אַרום. אָפּגעבן דאָס געווער! — האָט ער זיך צעריטשעט, אויס־שטעלנדיק אויף די יאַטן זיין אַווטאָמאַט.

ווי ווילדע זיינען די איבעריקע פאַרטיזאַנער, וועלכע זיינען געפאָרן צוזאַמען מיטן קאָמיסאַר אַרויפגעפאַלן אויף די צעטומלטע יאַטן און אין איין אויגנבליק זיי אַנטוואָפנט. צעשלאָגנדיק זיי דערביי מיט די פריקלאַדן פון די ביקסן.

בערקע האָט זיך צעשריען, נאָר אין טומל און אַמפּערניש האָט אים שוין קיינער ניט געהערט.

— כ'האָב אייך אַלעמען געדאַרפט צעשיסן! — האָט ווידער געקוויטשעט דעם קאָמיסאַרס דין קעלכל, און געבנדיק בערלען אַ זעץ מיט דער הענטל פון מאַוזער, האָט ער זיך מיט די איבעריקע פאַרטיזאַנער אַרויפגעכאַפּט אויף די וועגענער און מיט אַ געסווישטשעריי פון די בייטשן פאַרשוווּנדן אין דער פינצטער.

ווי צוויי פאַרזינדיקטע נעבעכלעך האָבן זיך פערעצקע מיט מיישקען צוגע־שאַרט צו דער גרופּע. מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלעמען, ווי אַן אויסגעשטאַרצטער קוימען פון אַן אָפּגעברענט הויז, איז בערקע געשטאַנען אין מיטן און אַרום אים די איבעריקע יאַטן, ווי פאַרשוואַרצטע אָפּגעסמאַלעטע האָלעוועשקעס. צום גליק האָט מען ביי איצקע פאָרוס ניט געפונען דעם רעוואָלווער. אויך מיישקע איז געבליבן ביי זיינעם.

— האָסט דען ניט געהערט? — רופט אויס פערעצקע צו בערלען — סעדיאַקין האָט דאָך אָנגעזאָגט, אַז אויב מען וועט זיך אָנטרעפן אויף פאַרטיזאַנער, זאָל מען זיי אויסמיידן. און דו האָסט זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַ פערד אין מיטן וועג און שרייסט: ווער גייט?!

— שווייג, גרויסער חכם, וואָס דו בינסט, און גיב ניט קיין עצות! איך וועל אים נאָך אָנלערנען! איך וועל אים נאָך באַווייזן!

מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, אָפּהענטיק, זיינען אַלע געשטאַנען אין מיטן וועג.

— געגאַנגען! — האָט אויסגערופן בערקע, און איינהויקערנדיק זיין הויכע פיגור, און אַריינרוקנדיק די הענט אין די ליידיקע קעשענעס, האָט ער מיט אַ ברענענדיק האַרץ אָנגעהויבן שטעלן זיינע לאַנגע פיס, איבער דעם בלאָטיקן פינצטערן וועג.

מיישקע טאַפּט דעם קאָמאַנדירס בריוו אונטערן רעקל אין דער ברוסט־קע־שענע, און ווייס ניט, צי ער האָט נאָך עפּעס אַ ווערט.

אַרום קלינגט נאָך דעם קאָמיסאַרס קוויטשיקער קעלכל, וואָס האָט אַזוי אַכזריותדיק צונישט געמאַכט די דערהויבנקייט און האָפענונג פון דער גרופּע. ניטאָ קיין גלייכהייט, ברידערלעך, ווער ס׳איז שטאַרקער דער איז דער גערעכטער. הענגען אָנמעכטיק אַראָפּ די הענט, וועלכע האָבן אָקאָרשט געטראָגן דעם געווער, וועלכן מען האָט מיט אַזאַ ריזיקע זיך איינגעשאַפּן.

לעבן סווענציאַן האָבן מיישקע מיט איצקע פּאָרוס זיך צעשיידט פון די חברה. אָנגעקומען אין ניי־סווענציאַן און אָנגעטאָן דעם אָרעמבאַנד פון באַן־אַרבעטער, וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער צוזאַמען מיט איצקע פּאָרוס זיך אַריינגעזעצט אין ערשטן בעסטן צוג און אָנגעקומען קיין ווילנע.

## די באַגעגעניש מיט איציק וויטנבערג

ניט ווייט איינער פון צווייטן, אויף דער זעלבער גאַס, שטייען צוויי בלאָקן, נומער איינס און נומער צוויי. דאָ האָבן די דייטשן צונויפגעטריבן די יידישע פּוטער־קירזשנער. זיי אַרבעטן אין דער נאָענטער קיילים־פאַבריק, אויף וועמענס נאָמען די צוויי בלאָקן הייסן. די בלאָקן זיינען פאַרצאַמט און ווערן געהיט נאָר דורך דער יידישער פּאָליציי.

ביים אַריינגאַנג אין קיילים, לעבן טויער, האָט דער פּאָליציאַנט וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך, פאַרהאַלטן די צוויי אומבאַקאַנטע יינגלעך.

— לאָזט אונדז אַריין, מיר זיינען יידן, — האָט אים געזאָגט מיישקע — איך האָב דאָ אַ פעטער.

ניט זיכער באַטראַכט דער פּאָליציאַנט די צוויי יינגלעך, וואָס גייען אָן די געלע לאַטעס, און וואַקלענדיק זיך אַ ווײַלע, זיך איבערגעלייגט און זיי אַדורכ־געלאָזט.

איבעראַשט שטייט דער פעטער און קוקט אויף דעם אומגעריכטן גאַסט און ווייס ניט, צי זאָל ער זיך מיט אים פרייען, אָדער באַדויערן זיין קומען. דערפאַר

אָבער האָט די מומע באַלד אַרויסגעוויזן אירע געפילן:

— אַן אָנשיקעניש אויף מיין קאָפּ, וואָס וועט זיין אַז מ׳עט וועט אים כאַפּן? ס׳פעלט מיר צרות? וואָס איז דאָס פאַר אַן אַרומלויפן אַהין און צוריק?

דער פעטער שטייט אַן אומבאַהאָלפענער.

— וואָס וועט זיין דער סוף פון דיין אַרומלויפן? בלייב דאָ, איך וועל דיר איינאָרדענען, איך וועל דיר לעגאַליזירן, וועסט גיין אַרבעטן, ווער אַ מענטש? — בעט ער זיך ביי מיישקען.

די יידן אין קייליס האַלטן זיך פאַר אויסדערוויילטע. כל־זמן עס עקזיסטירט די געטאָ וועט מען זיי ניט אָנרירן — זיי זיינען פריייער ווי אין געטאָ, ס׳איז זיי בעסער ווי אין געטאָ, און אויב אַקציעס — איז צו זיי ניט שייך.

מיישקע קוקט אַן דעם פעטערס צימער ווו ער וועט בלייבן. ער וועט ניט דאַרפן אַרומקריכן אין די נעכט, זיך ניט דאַרפן וואַלגערן אויף דער נאַקעטער ערד, אונטער אַ בוים מיט אַ שטיין אָדער אַ וואָרצל צוקאָפּנס. ער וועט שלאָפן אויף אַ ריינעם געלעגער, עסן ביי אַ טיש, און גיין אַרבעטן פאַר די דייטשן. וואָס האָט עס אָבער אַלץ מיטן וואַלד, מיט פאַרטיזאַנער?

— פעטער, איר ווייסט וואָס איר רעדט?

דער פעטער שטייט און קוקט אַן דעם פלימעניקל — ס׳וואָלט כאָטש געווען מיט וועמען צו ריידן?

— בינסט אַוועק אין וואַלד, טאָ נאָך וואָס בינסטו צוריקגעקומען?

— מיט אַן אויפגאַבע. מיט אַן אויפגאַבע פון אַ רוסישן קאָמאַנדיר, וואָס האָט מיר געשיקט מיט אַ בריוו צו דער פ.פּ.אָ.

— מיט אַ בריוו?

— יאָ, מיט אַ בריוו. און איך דאַרף זיך טרעפן מיט איציק וויטנבערג.

— ווער איז דאָס איציק וויטנבערג?

— איר ווייסט ניט? דאָס איז דאָך דער קאָמאַנדיר פון דער פאַראייניקטער פאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע אין ווילנער געטאָ.

— אויב אַזוי, פאַרשטיי איך שוין גאָרניט וואָס דאָ קומט פאָר?

*

אין דער הויך, אויפן דריטן שטאָק, אין אַ טונקעלן קאָרידאָר, ביי דער שוועל פון אַ קליינעם צימער, אין בלאָק נומער איינס, איז געשטאַנען מיישקע מיט איצקען, ווו אַ פאַרבינדלער פון פ.פּ.אָ. אייזיק אַווערבוך, האָט זיי געבראַכט..

צוויי הויך פאַרבעטע בעטן שטייען ביי די אָפּגעקראָכענע, אָפּגעבליאַקעוועט־טונקל־פאַרשימלטע ווענט. צווישן די בעטן, ביים איינציקן מיט פּאַפּיר פאַרקלעפּטן פענצטער, שטייט אַ טישל. לעבן טישל, אויף אַ בענקל, מיטן קאָפּ אַריינגעלייגט

אין די הענט, איז געזעסן אַ מאַן פון אַ יאָר פינף און דרייסיק. זיין לענגלעך אָפּגעצערט געזיכט איז געווען מיד און פאַרזאָרגט.

— קומט אַריין, — האָט ער זיך אויסגעדרייט, אָנקוקנדיק די צוויי אַרייַנגעקומענע.

געזאָגט האָט ער דאָס אַזוי שטיל, אַז מען האָט קוים געקאָנט אויפכאַפּן זיין שטים — דאָס איז געווען דער קאָמאַנדיר פון דער פאַראייניקטער פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציע פון ווילנער געטאָ, איציק וויטנבערג.

מיישקע מיט איצקען זיינען אַריין. זיך אַוועקגעזעצט אויף די צוויי ליידיקע בענקלעך, וואָס זיינען געשטאַנען פאַר די בעטן, און געוואַרט, וויטנבערג זאָל מיט זיי אָנהויבן ריידן.

לאַנג און מיט אַ פאַרטיפטן בליק איז וויטנבערג געזעסן אויף זיין פּלאַץ.

— פּאַרטיזאַנער ? — האָט ער זיך סוף־סוף אָפּגערופן.

— יאָ, — האָט מיישקע אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— פון וואַנען ?

— פון די קאַזיאַנער וועלדער.

— קאַזיאַן ? ס'איז דאָך ווייט.

— ניט אַזוי.

— נאָך וואָס זייט איר געקומען אין ווילנער געטאָ ?

— דער קאָמאַנדיר פון טשאַפּאַיעווס אָטראַיד האָט אונדז געשיקט צו אייך מיט אַ בריוו, — האָט מיישקע אַרויסגענומען דעם בריוו און אים דערלאַנגט וויטנבערגן.

ווי אַ לאַנג דערוואַרטע בשורה, איז וויטנבערג געשטאַנען און באַטראַכט דעם בריוו. צום סוף האָט ער אים אויפגעמאַכט און אָנגעהויבן לייענען.

נאָך די אויגן האָט מען געזען, אַז ער לייענט דעם בריוו פאַרקלערט, קייט אים אַדורך מיט אַלע געדאַנקען, יעדע שורה, יעדן וואָרט, פון אָנהויב ביזן סוף. און אַז ער האָט געענדיקט לייענען, האָט ער דעם בריוו צונויפגעלייגט און באַהאַלטן אין קעשענע.

לאַנג האָט ער נאָך דעם געטראַכט, אַזוי לאַנג, אַז פון אומגעדולד האָבן זיך צעסקריפּעט די בענקלעך, אויף וועלכע די צוויי פּאַרטיזאַנער זיינען געזעסן. זיי האָבן אָבער געשוויגן, ניט געוואַגט זיך אָנצורופן מיט אַ וואָרט. צום סוף האָט זיך וויטנבערג אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צו דער טיר, הינטער וועלכער ס'איז געשטאַנען דער מאַן, וועלכער האָט זיי אַהער געבראַכט, איר אויפגעמאַכט, און אים געבעטן ברענגען טיי.

פון אַ טאַץ, צוזאַמען מיט אַ שטיקל ברויט באַשמירט מיט מאַרמעלאַד, האָבן אַלע אַראָפּגענומען דעם כיבוד.

וויטנבערג האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט זיין גלאָז טייביים טיש.

— דער פּאַרטיזאַנער־קאָמאַנדיר בעט מיר זאָלן אַרויסשיקן באַוואָפנטע מענטשן אין וואַלד, אָנקניפּן מיט אים אַ קאָנטאַקט. קיין מענטשן וועלן מיר דערווייל ניט שיקן, אַ קאָנטאַקט, אָבער, וועלן מיר אָנבינדן. איך וועל אייך פאַר־זאָרגן מיט אַרישע פּאַפּירן, און צוזאַמען מיט אונדזערן אַ מענטש, אַ ליטווינער, וועט איר פאָרן מיט דער באַן ביז נײַ־סווענציאַן, און פון דאָרט וועט איר אים אַוועקפירן אין די קאָזיאַנער וועלדער. די צוגרייטונגען וועלן נעמען עטלעכע טעג. דערווייל רוט זיך אויס, און אויב איר האָט ניט ביי וועמען צו זיין, וועל איך אייך פאַרזאָרגן מיט אַן אָרט.

פאַרוואָרפנדיק אַ פוס אויף אַ פוס האָט וויטנבערג אַ זופּ געטאָן פון זיין גלאָז טיי:

— נו, וואָס דערציילט איר פון די פּאַרטיזאַנער?

מיישקע רעדט. ער דערציילט וויטנבערגן פון גרויסע געדיכטע וועלדער, פון בריגאַדעס און אָטריאַדן, פון פּאַרטיזאַנער פוס־גייער און רייטער־אויסשפּירער, פון סילועטן, וואָס שלייכן באַוואָפנטע אין די נעכט; פון שאָטנס, וואָס שטורמען שאָסייען און באַן־וועגן, גאַרניזאָנען און פעסטונגען. ניטאָ אַ נאַכט אָן אויפרייסן און רויט־פלאַקערדיקע הימלען. דער פראָנט צעשפּרייט זיך פון אומעטום: פון יעדן וואַלד, פון יעדן קוסט, פון אונטער יעדן בוים און פּלויט. דער שונא לעבט אין שרעק און מורא, ער ווייס ניט פון וואַנען מען וועט אים באַפאַלן. ווי אַ גע־שפּענסט שוועבט אַרום דאָס וואָרט „פּאַרטיזאַנער״ צווישן שונאים און פאַרעטער, גיט זיי ניט קיין רו. אויך יידישע פּאַרטיזאַנער זיינען דאָ. שלאָגן זיך, נעמען נקמה.

מיישקע דערציילט וויטנבערגן פון די חברים, פון דער גרופּע, פון לעצטן פאַרפאַל, ווען גייענדיק אַהער אין ווילנע האָט מען זיי אַנטוואָפנט.

— וואָס? אַנטוואָפנט, זאָגסטו, האָט מען אייך? צוגענומען דאָס געווער? אַ באַנדע רויבער — האָבן זיי געזאָגט? מיט באַבעס שלעפּט איר זיך אַרום? אַ קאָמיסאַר — זאָגסטו?

דער פון פריער אויפגעלייגטער וויטנבערג האָט זיך צוזאַמענגעקאָרטשעט, איינגעשרומפּן געוואָרן. אַ ווייטיקדיק ביטערער שמייכל האָט צעשניטן זיין געזיכט, דער שפּאַרבער־נאָז איז נאָך שאַרפער געוואָרן, דער שטערן צעקנייטשט, די ווייס צוזאַמענגעצויגן און די אויגן האָבן זיך איינגעגראָבן אין דער אָפּגעבליאַקעוועט־אָפּגעקראָכענער וואַנט, ווי ער וואָלט איר וועלן אַדורכהאַקן מיט זיין שאַרפן בליק.

פון וויטנבערגס ראַשיק געענדערטער שטימונג איז די פּאַרטיזאַנער אומ־היימלעך געוואָרן אויף דער נשמה. מיישקע איז אַריינגעפאַלן אין אַ פאַרלעגנהייט. צו וואָס האָט ער אַלץ געדאַרפט דערציילן? ווען ער שווייגט, וואָלט דאָך שוין בעסער געווען. אָבער וואָס איז ער שולדיק, אַז אַזוי האָט פּאַסירט? ער האָט זיך פּשוט אַראָפּגערעדט פון האַרץ, און ניט פאַר יעדן קען מען דאָך ריידן, און ער,

וויטנבערג, איז דאָך אַ קאָמאַנדיר, אַ קאָמאַנדיר פון יידישע פּאַרטיזאַנער, אַן אייגענער.

— איז וואָס זאָגסטו? אויפרייסן, רויטע הימלען, און יידן מיט באַבעס. גוט! איר וועט צוּוואַרטן אַ ביסל. איך דאַרף דעם בריוו קאָנטראָלירן, דעם שטעמפּל, ס'וועט נעמען עטלעכע טעג...

וואָס זאָגט ער? דעם בריוו קאָנטראָלירן, דעם שטעמפּל? — האָט מיישקע געטראַכט, גייענדיק דורכן טונקעלן קאָרידאָר, ווען זיי זיינען אַרויס פון וויטנ־בערגן. און אַן אומרו האָט זיך אים פאַרגנבעט אין האַרץ, ערגעץ אין אונטער־באַוווסטזיין.

ס'איז שוין לאַנג אַריבער דער טערמין, וועלכן וויטנבערג האָט געגעבן, און קיין ענטפער האָבן זיי נאָך אַלץ ניט באַקומען. מיישקע און איצקע האָבן שוין פאַר־לאָרן דאָס געדולד. סוף־סוף האָבן זיי באַקומען אַן ענטפער: פ.פּ.אָ. גייט ניט אין וואַלד און שיקט ניט קיין מענטש. און אויב זיי ווילן בלייבן אין געטאָ, איז דער שטאַב זיי גרייט אַריינצונעמען אין די רייען פון פ.פּ.אָ.

## שליימקע יחילציק

מיט רעש איז אַ צוג אַריינגעפאָרן אין דער קליינער באַן־סטאַציע, באַלייכטנדיק מיט זיינע פּראָזשעקטאָרן דעם אין זייט שטייענדיקן עשעלאָן, אַ פאַרלאָדענעם מיט יידן פון סווענציאַנער געטאָ. די מאַסע האָט זיך געשטופּט צו די אָפענע טירן, זשעדנע געצויגן די לופט און מיט טרויער און שרעק באַגלייט די פאַרביילויפנדיקע וואַגאָנען. די וועלט לויפט, די וועלט יאָגט זיך, די וועלט רוישט. נאָר זיי מוזן דאָ אויסגעוואָרצלטע זיצן פאַרשפּאַרט אויף אַן אָרט און וואַרטן. שוין לאַנג ווי זיי האָבן ניט קיין שליטה איבער זיך — זיצן זיי און שטייען, פאַרשטויסענע פון דער וועלט. די איינציקע רעכט זייערע, וואָס זיי האָבן יעצט, איז דאָס, וואָס זיי קענען פריי אַרויסקוקן אויף דער וועלט דורך דער ראַם פון די אָפענע וואַגאָן־טירן. ביי איינער אַזאַ טיר, איינער לעבן צווייטן זיינען געזעסן שליימקע יחילציק און טעוועקע ביעלאַק.

מיטאַמאָל איז שליימקע באַאומרואיקט געוואָרן — צו זיין אויער איז דערגאַנ־גען דאָס אָפּפערן זיך און געשרייען פון מענטשן ביי די פאָדערשטע וואַגאָנען. די געשרייען זיינען שטאַרקער געוואָרן, אַריבער אין געוואַלדן און זיך אויסגעמישט מיט ראַשיק פאַרהאַקטע וואַגאָן־טירן.

— טעוועקע, קום אַראָפּ, — האָט שליימקע זיך אַראָפּגערוקט פון וואַגאָן,

טאָפּנדיק אין דער פֿינצטער מיט די אויגן אין זייט פֿון וואַנען די געוואַלדן האָבן זיך געטראָגן. — דאַכט זיך, אַז מען בלאָמבירט די וואַגאָנען, ס'איז ניט גוט, לאָמיר אַנטלויפֿן.

פֿון דער פֿינצטער זייַנען יידישע פּאַליציאַנטן אָנגעלאָפֿן אויף שליימקען מיט טעווקען.

— וואָס טוט איר דאָ? אַריין אין וואַגאָן! — האָט זיך אַ פּאָליציאַנט אַ וואָרף געטאָן צו די יאַטן.

טעווקע האָט שוין געגנוג שחיטה'ס אַדורכגעמאַכט און שטענדיק האָט ער זיך אַרויסגעדרייט און אַנטלאָפֿן. ביי יעדער גזירה האָט ער אָבער שטענדיק וועמען פֿאַרלאָרן פֿון דער משפּחה, ביז ער איז געבליבן אַליין, אויסגעשטעלט אויף זיין קינדערשן עלטער און ביטערער דערפֿאַרונג. דער איינציקער פֿריינט, מיט וועמען ער האָט זיך צוזאַמענגעחברט איז געווען שליימקע. און ווען דער פּאַליציאַנט האָט זיך אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף שליימקען און אָנגעהויבן אים שלעפֿן מיט כוח, האָט ער אַרויסגעכאַפּט דאָס מעסערל און עס פֿאַרהויבן אַנטקעגן פּאַליציאַנט. ס'האָט גע־האָלפֿן. די פּאָליציאַנטן זיינען אַנטלאָפֿן ווייטער. מיטן זעלבן עשעלאָן, באַהאַלטן אין אַ ליידיקן טאַמבאָר זיינען שליימקע מיט טעווקען אָנגעקומען קיין ווילנע.

דורכן קליינעם מאַט פֿאַרויכערטן פֿענצטערל פֿון דער וואַגאָן־טיר האָבן זיי געזען צענדליקער עשעלאָנען אויף די טראַסן פֿון דער ווילנער פּראַכט־סטאַציע.

אַ באַן־אַרבעטער האָט מיט אַ קליינעם העמערל אויסגעקלאַפּט די רעדער פֿון אַנטקעגן זיי שטייענדיקן עשעלאָן. נאָך יעדן קלאַפּ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, זיך אויסגעגלייכט, זיך אַרומגעקוקט. זיין בליק איז אַרומגעלאָפֿן פֿיבערדיק און צע־שטרייט. פּלוצלונג האָט ער דורכן מאַט־פֿאַרויכערטן פֿענצטער באַמערקט שליימקען מיט טעווקען:

— וואָס טוט איר דאָ? אַנטלויפֿט! מען פֿירט שיסן!

*

רייזל, מיישקעס מאַמע, פֿאָרט אין קאָוונע. עס האָט איר שוין גאָרניט געאַרט. זאָל זיין קאָוונע, אַבי עס זאָל שוין נעמען אַן עק. ווי לאַנג קען מען אַזוי לעבן אין שרעק?

אָנגעטאָן די קינדער, האָט זי צוגעגרייט די פּעקלעך. פֿון עסן האָט זי אָנגע־גרייט אַ ברויט, אַ שיסעלע פּוטער, אַ האַלבן סלאָיקל הינער־שמאַלץ און ציבעלע. געמאַכט חשבונות מיט וועלכע באַקאַנטע זי וועט זיך טרעפֿן אין קאָוונע, און אַוועק צום טויער מיט דער גאַנצער משפּחה.

איין געדאַנק האָט זי נאָר געהאַט: דאָס יינגל זאָל נאָר לעבן בלייבן, נקמה נעמען.

ביים טויער האָט די ווילנער יידישע פּאָליציי געטריבן אויף די וואַרטנדיקע פורן. מיט דעסלערן בראש האָט דער קאַראַוואַן געריררט אין דער ריכטונג צו ניי־סווענציאַן, צו דער גרויס־באַן. מען פּאַקט זיך אין די וואַגאָנען, מען שטופּט זיך, יעדער וויל פאַרכאַפּן אַ בעסערן פּלאַץ. מאַמעס געוואַלדעווען מיט קינדער ביי די הענטלעך.

דער צוג רירט. און דעם וועג, וועלכן מען מאַכט געוויינלעך דורך אין צוויי שעה, האָט מען זיך געשלעפּט אַ גאַנצן מעת־לעת. אויף מאָרגן אין דער פרי איז דער צוג אָנגעקומען אויף דער פּראַכט־סטאַנציע אין ווילנע. דאָרטן האָבן שוין געוואַרט די געבראַכטע עשעלאָנען פון גראַדנע און אָשמענע. די וואָס האָבן געדאַרפט אַראָפּגיין אין ווילנע, האָבן זיך גענומען גרייטן צונויפפּאַקן די פּעקלעך, אָנגעהויבן שרייען צו דער יידישער פּאָליציי, מען זאָל זיי עפענען די וואַגאָנען, קינדער ווילן טרינקען — נאָר די וואַגאָנען זיינען געווען פאַרשפּאַרט.

— געדולד, געדולד, — האָבן געמונטערט די יידישע פּאָליציאַנטן, דערלאַנגענדיק פלעשלעך וואַסער דורך די פאַרגראַטעוועטע פענצטערלעך.

ניט ווייט פון וואָקזאַל האָבן געוואַרט פורן, איבערצופירן די געבראַכטע אין ווילנער געטאָ.

אויפן וואָקזאַל איז אָנגעקומען גענס מיט אַ גרופּע יידישע פּאָליציי־סערזשאַנטן, גרייט מיטצופאָרן אין קאָוונע.

— וויס איז נאָך ניט געקומען? — האָט ער זיך געווענדעט צו דעסלערן.

— ניין.

— פאַרוואָס לאָזטו ניט אַרויס די וועלכע זיינען באַשטימט אין ווילנער געטאָ?

— זעסט דען ניט, אַז די וואַגאָנען זיינען פאַרשלאָסן און מיט אונדז פאָרט מיט אַ וואַד־וואַגאָן מיט ליטווישע פּאָליציי? אין ניי־סווענציאַן האָבן עס ליטווינער פאַרשפּאַרט די וואַגאָנען. איך האָב פּראָטעסטירט, נאָר זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי וויסן בעסער.

גענס איז געוואָרן אומרואיק און ניט נאָך זיין געוווינהייט האָט ער אַריינגעשטופּט די הענט אין די קעשענעס און אָנגעטאַפּט דעם רעוואָלווער.

ס'איז אָנגעקומען דער געסטאַפּאָ־שעף וויס, גערעדט עפּעס מיטן דיספּעטשער פון דער סטאַציע, און די צוגן האָבן ווידער אָנגעהויבן צו מאַנעווּרירן. דאַן איז ער צו צו גענסן:

— וואָס, בינסטו גרייט?

— ביי מיר איז אַלץ פאַרטיק.

— אויך ביי אונדז, — האָט אים געענטפערט וויס.

— ווו איז דער אָנגעגרייטער וואַגאָן פאַר אונדז? — האָט געפרעגט גענס.

— דאָס מאָל איז ער איבעריק.

— וואָס הייסט?

— מיר דאַרפֿן נאָך דיך האָבן.

גענסן איז פֿינצטער געוואָרן פֿאַר די אויגן. דער געסטאַפּאָ־שעף, די גאַנצע סטאַציע מיט די עשעלאָנען האָבן זיך אים אָנגעהויבן דרייען פֿאַר די אויגן, און מיט אַ מאָל שטיין געבליבן. מיט זיינע אויגן האָט ער אָנגעהויבן זוכן דאָס, פֿאַר וואָס ער האָט זיך די גאַנצע צייט געשראָקן — און דערזען: דער טראַנספּאָרט אָנשטאָט אַרויסצוגיין אויף דער ליניע פֿון קאָוונע, איז שטיין געבליבן אויף דער לעצטער. גענסן איז זי געווען גוט באַקאַנט און אַ קאַלטער שוויס איז אים אַדורך איבערן גאַנצן קערפּער, אַזש פֿון שרעק האָט ער אויסגעשריען:

— פֿאַנאַר!

— פֿאַנאַר! — האָט ווייס רואיק געענטפֿערט.

— אַ פּראָוואָקאַציע?

— ניין אַ טייל פֿון קאַמף קעגן פּאַרטיזאַנער.

— ווייס, איר האָט מיר פֿאַרפֿירט!

דאָס פּייפֿן פֿון די לאָקאָמאָטיוון האָט געשניטן די לופֿט.

ווייסן איז דערעסן די איינגעשפּאַרטקייט און חוצפּה פֿון גענסן:

— מאַרש פֿון דאַנען! — האָט ער אויסגעשריען מיט אַ באַפֿעלערישן טאָן. — מאַרש!

גענס איז צעטומלט געוואָרן און אָפּגעטראָטן אויף צוויי טריט צוריק. ער איז געווען ווייס ווי קרייד און די אונטערשטע, עטוואָס אַרויסגעשטאַרצטע ליפּ האָט אים געציטערט. מיט אַ רחמנות׳דיקן געבעט אין די אויגן האָט ער זיך געווענדעט צו ווייסן:

— באַפֿעלט אָפּצושיקן די טראַנספּאָרטן, אַזוי ווי איר האָט מיר געזאָגט.

ווייס האָט אָנגעקוקט גענסן און זיך פֿונאַנדערגעלאַכט:

— שטאָלצער יודע. — האָט ער אַ מורמל געטאָן מיט שפּאָט.

מיט די לעצטע כּוחות האָט זיך גענס באַהערשט, אָנקוקנדיק מיט אַ קרענק־לעכער מינע דעם הויף פֿאַריסענעם און זיכערן אין זיך געסטאַפּאָ־שעף.

— ווייס, אָדער דו באַפֿרייסט די טראַנספּאָרטן, אָדער איך שיס דיך ווי אַ הונט. — און גענס האָט אַרויסגעכאַפּט דעם געשענקטן שפּאָגל־נייעם ט׳ט׳, וואָס ער האָט באַקומען פֿון קיטעלן, און אים אָנגעשטעלט אויף ווייסן.

די ראָלן האָבן זיך אין איין אויגנבליק געביטן: ווייס האָט זיך אַ צעטומלטער איינגעקאָרטשעט, אַריינציענדיק דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, און גענס איז יעצט אַ פֿאַרביסענער געשטאַנען אַנטקעגן אים מיטן רעוואָלווער אין האַנט, און געשניטן אים מיט זיין ברענענדיקן בליק.

פֿון גענס געזיכט האָט ווייס געזען, אַז זיין לעבן הענגט יעצט אויף אַ האָר, ער גייט אין ציווילע קליידער, ווער וועט אונטערשיידן צווישן דייטש און ייד.

— גענס, וואַרף אַוועק די נאַרישקייטן — האָט ער זיך געפּרוווט ווערן, —

אין ווילנער געטאָ וווינען צוואַנציק טויזנט יידן. מיט איין קויל האָסטו אויך פאַר זיי אונטערגעשריבן דעם אורטייל. קיין זאַך קען שוין די מענטשן ניט אָפּראַ־טעווען פון פאַנאַר.

גענס איז געשטאַנען אַ פאַרלאָרענער. ער ווייס, אַז דאָס איז דער שוואַכער פונקט זיינער, קעגן וועלכן ער קען זיך ניט ווערן. וואָס וועט מען אָבער זאָגן, אַז ער האָט זיך דירעקט מיטבאַטייליקט אין מאָרד איבער די זיבן טויזנט מענטשן, און ער איז שוין גרייט געווען אויסצודרייען דעם רעוואָלווער מיט דער לופּע צו זיך. נאָר אין לעצטן מאָמענט האָט אים דורכגעבליצט אַ געדאַנק:

— באַפרייַ די צוויי טויזנט מאַן, וועלכע זיינען באַשטימט פאַר ווילנער געטאָ, קיין וואָרט ניט מער, אָדער איך שיס!

ווייס האָט זיך אויסגעדרייט אין דער ריכטונג צו די ליניעס.

— מאַרש! — האָט גענס אויסגעשריגן צו דער יידישער פּאָליציי — גייט העלפט אַרויסנעמען די מענטשן פון די וואַגאָנען און פירט זיי אַריבער אין ווילנער געטאָ!

די ליטווישע וואַך־פּאָליציי איז אַרויס פון זייער וואַגאָן, דערהערנדיק אַ טופּעריי פון פיס איבער די ליניעס און שפּאַלן, און מיט חוזק אָנגעקוקט די יידישע פּאָליציאַנטן, וועלכע זיינען אין שרעק געלאָפן פאַר די צוויי דייטשן אין ציווילער קליידונג — ווייסן און גענסן מיטן רעוואָלווער אין האַנט.

— מאַך אויף די לעצטע וואַגאָנען! — האָט ווייס אויסגערופן צום ליטווישן אָפיצער.

— מיר האָבן אַ באַפעל נישט אויפצומאַכן קיין שום וואַגאָן ביז צום פּלאַץ.

— אויפמאַכן! — האָט גענס אַ ריטש געגעבן, אַ פאָך טוענדיק מיטן אָנגע־לאָדענעם רעוואָלווער פאַר זיין פּנים, אין דער ריכטונג צו די וואַגאָנען.

גיי הייב זיך אָן מיט צוויי געסטאַפּאָווצעס, — האָט מסתמא אַ טראַכט געטאָן דער ליטווישער אָפיצער, און געהייסן אויפמאַכן די טירן.

מיט אַ געשריי פון פרייד און נצחון האָבן זיך מענער, פרויען און קינדערלעך אַ שאָט געטאָן פון די אויפגעמאַכטע וואַגאָנען, און אויף די צוגעגרייטע פורן אַריינגעפאָרן אין ווילנער געטאָ.

מיט אַ גרויליקן פייף האָבן די לאָקאָמאָטיוון געריסן די לופט.

אָן דער באַגלייטונג פון גענסן, ווי ער האָט געהאַט צוגעזאָגט, האָבן צוויי לאָקאָ־מאָטיוון געפירט פון פּלאַץ דעם טראַנספּאָרט, וואָס איז געגאַנגען אויף „קאָוונע".

— איר׳ט ניט געזען, די יידישע פּאָליציי פאָרט מיט מיט אונדז? — האָבן נייגעריקע אָנגעהויבן פרעגן.

— מסתמא, מען קען דאַך זיי ניט אַרויסזען פון די פאַרשפּאַרטע וואַגאָנען.

— אַז מען פאָרט וועט מען דערפאָרן.

מענטשן האָבן גערעכנט, געטייטשט, אַז אין קאָוונער געטאָ דאַרפן די יידן לעבן לייכטער ווי אין ווילנער.

די רעדער האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן שטאַרקער. דער צוג איז געלאָפן דורך אַ זאַמדיקער געגנט; ווו ניט ווו זיינען צעוואָרפן געוואַקסן איינציקע סאָסנע־בוימלעך, געלאָפן פאַרביי דראָטן, פאַרצוימונגען.

— מסתמא געפינט זיך דאָ אַ לאַגער, — האָט אויסגערופן איינער, דער־זעענדיק, ווי די געדיכטע דראָט־פאַרצוימונגען שניידן אָפּ די ליניע פון ביידע זייטן. נאָר אין האַרץ האָט געקלאַפּט אַ פאַרדאַכט. דער צוג האָט אָנגעהויבן גיין לאַנגזאַמער און איז פּלוצלונג שטיין געבליבן.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ סטאַציע? — האָבן נייגעריקע דערשראָקענע בליקן אָנגעהויבן פרעגן.

— ווו סטאַציע, ווען סטאַציע, ס׳געפעלט מיר ניט דער פּלאַץ.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ לויפעריי און די טירן פון די וואַגאָנען האָבן זיך אָנגעהויבן ברייט פונאַנדערעפענען:

— אַרויס, אַרויס! — האָבן זיך דערהערט ווילדע אויסגעשרייען פון דייטשן און ליטווינער, און אַ מורא׳דיקער געשריי פון טויזנטער העלדזער האָט צע־טרייסלט די לופט.

— דאָס האַרץ! — האָט זיך רייזל אַ כאַפּ געטאָן — זיפצנדיק צווישן די קינדער.

די עלטערע טאָכטער מיט ליבעלן אויפן האַנט האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער דער מאַמען. מיט איין האַנט האָט זי איר פונאַנדערגעריבן די האַנט און מיט דער צווייטער געדריקט די מיידל צו זיך.

— רייב איר פונאַנדער די צווייטע האַנט! — האָט זי גערופן די קלענערע שוועסטערלעך, וועלכע זיינען וויינענדיקע צוגעפאַלן צו דער מאַמען.

די טעכטער האָבן רייזלען מאַסאַזשירט, געוואָלט פונאַנדערוואַרעמען די בלוטן, שטענדיק, ווען די מאַמען פלעגט כאַפּן אַ האַרץ־אַטאַק, פלעגט מען איר אַזוי אָפּמינטערן.

נאָך אַביסל מאַסאַזשירן איז רייזל געקומען צו זיך, פונאַנדערגעעפנט די אויגן און אויפגעמאַכט די געשלאָסענע מויל.

די געוואַלדן אַרום האָבן זיך פאַרשטאַרקט, טירן פון וואַגאָנען האָבן געקלאַפּט: אַרויס! אַרויס! — האָבן זיך געהערט געשרייען. ס׳האָט אָפּגעהילכט אַ שאָס, און באַלד — אַ סך. האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן פון מאַשין־געווער. שאָסן און געשרייען האָבן פאַרהילכט די לופט.

— לאָזט מיר, קינדער, לאָזט מיר, אי דאָס האַרץ! האָט רייזל קוים אַרויס־גערעדט די ווערטער — אַזוי מיטן אייגענעם טויט לאָזט מיר שטאַרבן, ניט פון זיי, קינדער... אַנטלויפט, ראַטעוועט זיך...

מיט אַ געוויין זיינען די קינדער צוגעפאַלן צו דער מאַמען, מיט אַ כליפּעריי

האָט זיך ליבעלע איינגעגראָבן ביי דער מאַמען אין ברוסט, אַוורעמקע האָט אַרומ־געכאַפּט דאָס ווייב מיטן קינד. די איינציקע זיינען זיי געבליבן אין וואַגאָן.

צוויי ליטווישע פּאָליציאַנטן האָבן אַריינגערוקט די קעפּ, און אין זייערע הענט האָבן זיך אויסגעדרייט אַוטאָמאַטן מיט די לופעס אין וואַגאָן.

— שיס! — האָט איינער אויסגעשריען.

טראָפּנס טרערן, וועלכע זיינען גערונען פון די קינדערס אויגן איבער רייזלס קערפּער, זיינען פאַרביטן געוואָרן אין בלוט...

— ווייטער!... — האָט אַ געשריי געטאָן דער ליטווישער פּאָליציאַנט.

ווען חייקע, וועלכע איז געפאָרן אין זעלבן וואַגאָן וואָס רייזל, האָט דערהערט די אויסגעשרייען: אַרויס! איז איין געדאַנק געווען ביי איר אין קאָפּ: אַנטלויפן! אַראָפּקריכנדיק מיט אַלעמען פון וואַגאָן, האָט זי זיך אַרונטערגעבויגן און דורכגע־קראָכן פון אַנדער זייט.

דאָ האָט קיינער ניט געהיט, ווייל די דייטשן האָבן זיך, ווייזט אויס, ניט געריכט, אַז די יידן זאָלן לויפן.

אַריבערקריכנדיק דעם ראָוו, איז זי אַרונטערגעקראָכן אונטער אַ צוים פון ניט־געדיכטן שטעכל־דראָט, וואָס האָט איר אָפּגעטיילט פון אַ זאַמדיקן פעלד, באַדעקט מיט איינצלנע קוסטעס, ווייט צום האָריזאָנט האָט מען געזען אַ וואַלד — אַהין האָט זיך חייקע געלאָזט לויפן.

באַלד האָט זי דערזען, אַז זי לויפט ניט איינער אַליין, דאָס האָט איר צוגעגעבן מער מוט צו פאַרשנעלערן דעם געלאַף.

אָט לויפן צוויי בחורים לעבן איר. זי דערקענט זיי. דאָס זיינען די צוויי ברידער שליימקע און חיימקע לישאַנסקי.

עס הילכן שיסערייען און באַלד דערהערן זיי דאָס פייפן פון קוילן איבער זייערע קעפּ.

די צוויי ברידער לויפן שנעלער, זי קען זיי ניט נאָכהאַלטן זי שטייט אָפּ. מיטאַמאָל ציט אויס חיים די הענט און פאַלט אַנידער. שליימקע בלייבט שטיין לעבן אים.

— לויף, שליימקע, לאָז מיך איבער, ראַטעווע זיך! — רעדט חיים מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער. חייקע לויפט צו, זי כאַפּט אָן שליימקען און גיט אים מיט כוח אַ שלעפּ.

יעצט לויפן זיי זאַלבענאַנד, איבערלאָזנדיק חיימקען אין פעלד.

חייקע זעט, ווי שליימקע לויפט מאָדנע ווילד. איר דאַכט זיך, אַז ער פילט איר ניט ביים זייט. זי הערט זיין אָנגעשטרענגטן סאָפּען. ער לויפט אַרויס פאָרויס, איבערלאָזנדיק איר הינטער זיך. אָט איז ער עפּעס אַריבערגעשפּרונגען. זי לויפט צו, נידעריקע דראָט־פאַרצוימען שניידן איבער דאָס פעלד זי בויגט זיך אַרונטער, וויל אַדורכקריכן און פאַרטשעפּעט זיך אין די דראָטן. זי קען זיך ניט אַרויסרייסן.

— שליימקע! — שרייט זי — העלף מיר, ראַטעווע!

דאַכט זיך ער הערט ניט, ער לויפט ווייטער. נאָר פּלוצלונג שטעלט ער זיך אָפּ, לויפט צוריק און שלעפּט איר אַרויס פון די דראָטן.

יעצט לויפט ער שוין לעבן איר. זי פילט ווי זיין האַנט שלעפּט איר מיט. חייקען איז שווער, קוים וואָס זי האַלט אים נאָך. שליימקע איז אַ הויכער, ער האָט לאַנגע פיס. מיט גאָר די כוחות קלאַמערט זי זיך איין אין זיין האַנט, וועלכע ציט איר מיט כוח פאָרויס.

פּלוצלונג איז שליימקעס האַנט פריי געוואָרן. שליימקע פאַלט. זי כאַפּט אים אונטער, אָבער צו שוואַך זיינען אירע כוחות איינצוהאַלטן שליימקעס קערפּער. עס רייסט איר דאָס האַרץ. זי פילט ניט דאָס פליען פון פיינטלעכע קוילן. אין גאַנצן זיינען געבליבן עטלעכע שפּאַן צום וואַלד, צו וועלכן שליימקע האָט ניט באַוויזן צו דערלויפן.

פאַראייינזאַמט איז זי אַריינגעלאָפן צווישן די בוימער.

*

אין דער הויך אויף די פּריש, ערשט צונויפגעקלאַפּטע נאַרעס, זיצט שליימקע און שאָקלט צו מיט די פיס אין טאַקט פון דער ליד, וואָס פלעכט זיך אים אויף די ליפּן. אַנטקעגן אים, אויף אַ צווייטער נאַרע, זיצט טעווקע און רייבט אַריין אויסגעהונגערט און זשעדנע די שוואַרצע שיטערע זופּ, וואָס רחלע פון דער פּריוואַטער קיך האָט זיי געבראַכט. זיין חלק האָט שוין שליימקע לאַנג אויפגעגעסן, זאַט געוואָרן. נישטאָ זיך וואָס צו באַקלאָגן. פאַרוואָס איז אָבער די זופּ אַזוי שוואַרץ ווי סאַזשע, וויל ער רחלען ניט פרעגן. מסתמא, פאַרשטייט ער, קראַצט זי אויס די לעצטע פון קעסל, די לעצטע וואָס איז איבערגעבליבן און דער באַלעבאָס גיסט עס סיי ווי אַרויס. וואָס איז עס אָבער וויכטיק, דער עיקר, אַז זי, רחלע אַליין שיינט, כאָטש איר פּנים איז בלייך און אָפּגעצערט.

שטענדיק, אַז זי ברענגט די זופּ, שטעלט זי זיך אַריין אַ שמייכלענדיקע אין טיר, קוקט זיך אַרום מיט אירע גליאיק־שוואַרצע אויגן, און נאָך דעם, מיטן שלאַנקן אויסגעמאָגערטן קערפּערל, אין די קורצע, אָפּגעטראָגענע קליידל, וואָס איז שוין מסתמא איבערגעניצעוועט און אַראָפּגעלאָזט ביזן לעצטן נאָט, לויפט זי דורך פאַרביי די נאַרעס, פאַרטיילט די זופּ — און אַנטלויפט.

— איך זע, אַז איך בין דאָ אַ פאַרלאָרענער — רופט אויס טעווקע אַ פאַר־ביטערטער, ווישנדיק מיטן אַרבל די מויל — צו פיל שמייכלט מיר רחלע אונטער אין דיין זייט קיין טאָלק, זע איך, וועט שוין פון דיר דאָ ניט אַרויס. בייטאָג ליגסטו אויף די נאַרעס און דו חלומסט, און ביינאַכט זינגסטו מיר סערענאַדעס אויפן הויף.

— איך זינג, און אַז מען שפּילט טעאַטער אין געטאָ?

— ביי מיר פּועלסטו, אַז זיי זאָלן שפּילן אויף יענער וועלט אויכעט. מיר אַרט עס ניט. איך אָבער, איך וויל נאָך לעבן. איך וויל דאָ ניט בלייבן. איך וויל אַוועק, אַנטלויפן פון דאַנען.

שליימקע קוקט אָן טעווקען און ענטפערט אים ניט. וואָס קען ער זאָגן? ווי האָט ער געקאָנט וויסן, אַז אַלץ וועט זיך אַזוי אויסלייגן? ער איז שוין געגוג געלאָפן און קיין מאָל זיך ניט געקענט אַרויסדרייען פון די נעגל פון טויט. ווען די סוועָנציאַנער גרופּע איז אַוועק אין וואַלד, האָט ער געוואָלט מיט זיי מיטגיין, האָבן זיי אים ניט גענומען. ווייטער איז אַראָפּגעקומען אין סוועָנציאַנער געטאָ געגנס מיט זיין פּאָליציי, אַזעלכע פּאַרפּוצטע, אויסגעסטראָיעטע, מיט שפּילקעלעך און שליפּ־קעלעך, מיט שטערנדלעך און בענדעלעך, אַזעלכע איינגעגלויבטע אין זיך, זיכערע — פּונקט ווי גאָט פּאַרן באַרד וואָלטן זיי געהאַלטן. דערציילט די נסים פון ווילנער געטאָ — פּונקט ווי עס וואָלט געווען דער טויזנטיאָריקער רייך אַליין. מ׳איז עפּעס ווי פּאַרבלענדט געוואָרן. קענסט מיר ניט זאָגן, יחסנים גרויסע — ווילנע, אַ גרויסע שטאָט, גרויסשטאָטישע יידן, דער דייטש וועט פּאַר זיי די היטל אַראָפּציען, אויף די קני זיך שטעלן. מען מוז טאַקע זען זיך אַרויסצודרייען פון דאַנען, אַנטלויפן, — טראַכט שליימקע.

— טעווקע, מיר וועלן אַוועק, מיר וועלן דאָ ניט בלייבן.

— ווען?

— דאָס ווייס איך ניט.

— זאָגסט דאָך, אַז דו האָסט געלערנט אין ווילנע אין רעאַל־גימנאַזיע, געהאַט דאָ חברים, וואָס ליגסטו דאָ? גיי אַרויס אין געטאָ, אפשר וועסטו וועמען טרעפן. טו וואָס, זיץ ניט!

*

שליימקע איז פאַרחושכט, פאַרשוואַרצט. צייט ער האָט פאַרלאָרן די משפחה איז אים ניט געווען אַזוי פינצטער און ביטער אויף דער נשמה, ווי יעצט, צייט ער האָט פאַרלאָרן טעווקען. ניטאָ טעווקע, ווי קיינמאָל ניט געווען.. דעם לעצטן מאָל, ווען טעווקע איז אַרויס אויסערן געטאָ, האָבן צוויי אַגענטן אים געכאַפּט. אין לעצטן מאָמענט האָבן זיי אים געכאַפּט, ביים געהיימען אַריינגאַנג. ווען ער איז שוין מיט איין פוס געווען אין געטאָ. ער האָט זיך אַפילע ניט באַוויזן אומצודרייען, ווי זיי האָבן אים געכאַפּט, פאַרדרייט די הענט אויף הינטן. געבונדן, באַזוכט, געפונען דעם רעוואָלווער און אָפּגעפירט אין געסטאַפּאָ.

פון געסטאַפּאָ האָט מען טעווקען געבראַכט צוריק אין געטאָ, צו דער יידישער קרימינאַל־פּאָליציי, צו געגנסן — אַזוי פלעגן זיך די דייטשן אָפּטמאָל פירן — מיטבאַטייליקן די יידישע פּאָליציי אין דער אויספאָרשונג.

שטייט וויס דער געסטאַפּאָ־שעף פון ווילנער געטאָ, און האַקט מיט אַ גומע־

נער נאַגייקע איבער טעווקען, ווי אין קרויט. ווייס וויל וויסן ווער עס האָט אים געשיקט און ווו ער האָט געקראָגן דאָס געווער.

טעווקע ליגט אַ צוגעבונדענער אויפן טיש. ער שווייגט, ער רעדט נישט, ער קרעכצט אַפילו נישט.

געגס, וועלכער איז געשטאַנען פון דער זייט, האָט זיך אַריינגעמישט. העפלעך אַרויסגענומען די נאַגייקע פון די הענט פון געסטאַפּאָ־שעף, און אַליין אָנגעהויבן מיט איר צו שינדן און צו שניידן פון טעווקען די הויט. בלויע און רויטע פּאַסן זיינען אויפגעלאָפן איבער טעווקעס צאַפּלענדיקן קערפּער, זיך צעזידט אַרום אין בלוט — און ער, געגס, האָט געקלאַפּט און געקלאַפּט, געשלאָגן אַזוי לאַנג און אַזוי שטאַרק, און מיט אַזאַ פאַרביסנקייט און רציחה, אַז אַ שווייס האָט אים באַגאָסן, אַז ווייס, דער געסטאַפּאָ־שעף אַליין האָט שוין מער ניט געקאָנט אויס־האַלטן.

— וואַרף אַוועק די נאַגייקע! — האָט ער אויסגערופן, אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר און אַרויס.

פון אויספאָרשונגס־צימער פון דער קרימינאַל־פּאָליציי איז געגס אַרויס אַ מידער, צעטראָגן און אויפגערעגט. מיט האַס האָט ער אָנגעקוקט די פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן זיך אויסגעצויגן אַנטקעגן אים אויף אַכטונג און מיט פאַראַכטונג און וויטיק באַגעגנט זייערע נייגעריק צעשראָקענע פחדונישע בליקן.

— אויסגעסטרויעט זיך ווי די באַלוואַנעס, אידיאָטן! — האָט ער דורכגעזייט צווישן די ציין.

ביים אַרויסגאַנג האָט ער זיך אַ ווײַלע פאַרהאַלטן, זיך אויסגעדרייט און צוגעוואָרפן:

— אַ זון, אַ זון זאָל איך אַזאַ האָבן!

און די פּאָליציאַנטן, באַליידיקטע, האָבן אים נאָכגעקוקט פאַרוווּנדערט, פאַרחידושט געדרייט מיט די קעפּ און געטראַכט, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס ער רעדט, אַז מסתמא איז ער, געגס, יעצט ניט ביי די גלייכע געדאַנקען.

נאָך דעם פאַל האָט שליימקע לענגער אין געטאָ ניט געוואָלט בלייבן. מיט די אָרגאַניזירטע חברים האָט ער געוואָלט אַוועקגיין אין וואַלד. נאָר רוווקע פייגעל האָט גרויסע אויגן:

— שליימקע, טייערינקער, — בעט ער זיך — ס׳איז דאָך דאָ אַזוי ווינציק געווער, איך האָב צו קריגן אַ רעוואָלווער און שוין, דאַן וועלן מיר אַוועק אין וואַלד.

צום סוף האָבן רוווקען געכאַפּט יידישע פּאָליציי־אַגענטן, געכאַפּט און אים פאַרשפאַרט אין דער געטאָ־טורמע, אין לידסקע.

שליימקע האָט געמוזט בייטן זיין וווין־אָרט. רחלע האָט אים אָנגעזאָגט, אַז

מען זוכט אים, ער זאָל זיך באַהאַלטן. אַ פאַרלאָרענער דרייט זיך שליימקע אַרום אין געטאָ. ווו זאָל ער זיך באַהאַלטן?

— ווו גייסטו, שליימקע? — האָט אים אין גאַס אָנגעכאַפּט פסח גאָלדבערג.

— איך דאַרף ווו צוגיין.

— פאַרייד מיר ניט די ציין. זוכסט אַ פּלאַץ זיך צו באַהאַלטן.

— איך איִל זיך, — זוכט שליימקע אַרויסדרייען זיך פון פסחן.

— אומזיסט דיין לויפן, — האָט פסח שליימקען אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט, — סיי ווי וועט דיר קיינער ניט באַהאַלטן — קום צו מיר. איך וועל דיר באַהאַלטן, און טאָמער וואָס, איז מילא, איך האָב ניט מורא, איין גורל.

שליימקע מיט דער גרופּע איז שוין גרייט צו גיין אין וואַלד. אַלץ ערלייי־דיקט, ניטאָ וואָס מער צו וואַרטן. מאָרגן גייט מען אַרויס. וואַרט ער אויף מאָרגן, זאָל שוין זיין מאָרגן. אין אָוונט, אין טאָג פאַרן אַרויסגיין איז צו שליימקען געקומען העסקע. שלאַנק און אויסגעצויגן שטייט זי אַנטקעגן אים, דעם קאָפּ אָבער האַלט זי אַראָפּגעלאָזן. די בלאָנדע האָר זיינען איר אַריינגענומען אין אַ טיכל, די טונקל־שוואַרצע אויגן אין אַ זייט. אומבאַקוועם זיך דרייענדיק אויף די האַלבע קנאַפּל פון אירע שיך, איז זי געשטאַנען און ניט געקאָנט אַרויסריידן אַ וואָרט.

אַליין איז שליימקע אַ ווידזער און באַקאַנט האָט ער זיך מיט העסקען אין סוועניציאַנער געטאָ, ווו ער פלעגט קומען אין די זונטאָגס פון ביי־סוועניציאַנער אַרבעטס־לאַגער, ווו ער האָט זיך געפונען. ער האָט איר ליב באַקומען, אַזוי אַז דער זונטיק־טאָג איז ניט נאָר געווען אַן אָפּרו־טאָג פון דער שווערער אַרבעט, נאָר אויך פון זיין געמיט.

אַזוי זיינען שטילע זונטיקן געווען פאַר אים אַ שיין פון דער וועלט אין דעם ביטערן אַרום. ביז ס'איז פאַר העסקען אָנגעקומען אַ מעלדונג פון יודן־ראַט, פון אַרבעטס־אַמט — אַרויסצופאָרן אין אַן אַרבעטס־לאַגער.

פאַרצווייפלט איז שליימקע געשטאַנען אַנטקעגן העסקען. ער קען איר מיט גאָרניט העלפן, ער קען גאָרניט טאָן. ער איז הילפלאָז. פון לאַגער האָט העסקען אַרויסגענומען חיים־הירש, דער פּאָליציי־שעף, און אַריינגענומען צו זיך. שליימקע איז געבליבן אַ פאַרלאָזטער מיט אַ פאַרוווּנדעטער נשמה.

יעצט, אין ווילנער געטאָ, אַ טאָג פאַר זיין אַרויסגיין אין וואַלד, איז זי צוריקגעקומען. צו וואָס איז זי געקומען? — מאַטערט שליימקען דאָס געמיט.

— איך האָב געהערט, אַז דו גייסט אין וואַלד, האָט שטיל אויסגערופן העסקע — בין איך דיר געקומען בעטן, אויב דו קענסט, דו זאָלסט מיך מיט־נעמען.

— זעסט — טראַכט שליימקע — אַז זי האָט זיך דערוווּסט, אַז ער פאַרלאָזט די געטאָ און גייט אין וואַלד, וויל זי מיט אים מיטגיין, וויל זי ער זאָל איר מיטנעמען. ווי פאַלש, ווי פאַלש און אומפאַרשעמט, — האָט אים געבלוטיקט די

ניט פאַרהיילטע ווונד, און מיט אַ פאַרקרימטן שמייכל האָט ער אויפגעהויבן אויף איר זיינע אויגן.

שליימקע שטייט און קוקט איר אָן. ער באַטראַכט איר, און פאַר ווייטיק בייסט ער די ליפּן מיט די ציין. ניין, ער וועט איר באַווייזן. ער וועט איר באַווייזן, אַז ער איז ניט אַזאַ ווי זי, ער וועט איר ניט איבערלאָזן, אַזוי ווי זי אים, ער וועט איר מיטנעמען. ער וועט איר באַווייזן, אַז ער איז אַ מענטש, אָבער ניט מער ווי אַ מענטש.

— גוט, קום מאָרגן זעקס אַזייגער אין דער פרי צום געטאָ־טויער.

— חיים־הירש האָט מיר געשיקט, ער האָט אַ רעוואָלווער, ער וויל אויך מיטגיין.

ס׳האָט שליימקען אָפּגענומען דער לשון, ס׳האָבן זיך אים צעשווינדלט די אויגן. צי קען מען נאָך טרעפן ווייטיקדיקער אין אַן אָפענער ווונד? ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן, באַהערשט. ער האָט טאַקע אין איר אַ טעות געהאַט, אָבער אויף אַזוי ווייט צו גיין, אַזוי אומפאַרשעמט און חוצפּה׳דיק צו זיין דאַרף מען קענען. נאָר פאַרפאַלן. ביי אים אַ וואָרט איז אַ וואָרט, ער וועט זיך ניט צוריקציען.

קוים זיך באַהערשנדיק איינצוהאַלטן דעם געוויין איז העסקע אַרויס פון שליימקען. ווען ער וואָלט איר אויסגעזידלט און אַרויסגעטריבן, וואָלט איר אַזוי ניט וויי געטאָן. ס׳איז איר געווען הייס, דער פּנים האָט איר געפלאַמט און די פיס זיינען איר געווען ווי אונטערגעהאַקט. ווי האָט זי דאָס געקאָנט גיין צו שליימקען און בעטן אים, ער זאָל איר מיטנעמען מיט חיים־הירשן אין וואַלד? פאַרוואָס איז זי דאָס חיים־הירשן שטענדיק געווען אַזוי געהאַרכזאַם און אונטערגעוואָרפן, פאַרוואָס האָט זי דאָס אים שטענדיק אַזוי געפאָלגט. ערשט יעצט זעט זי ווי אויסגעליידיקט און פּוסט זי איז, ערשט יעצט זעט זי איר אמ׳תן חיים־הירש.

אויף מאָרגן פאַרטאָג האָט איר חיים־הירש אויפגעוועקט פון שלאָף:

— קום, שטיי אויף, מען דאַרף זיך קלייבן אין וועג.

שנעל האָט זי אַרויפגעכאַפּט אויף זיך די זאַכן, זיך פאַרקעמט, געזען דורכן שפּיגל, ווי חיים־הירש גרייט זיך אין וועג, פאַרעט זיך ביים רעוואָלווער. עס האָבן איר געפיבערט די הענט, ווען זי האָט זיך געקעמט, שטיקער האָר זיינען איר געבליבן אויף דער קאַם.

— איך גיי אַראָפּ אין קלייט, איינקויפן וואָס אין וועג.

פון די טרעפּ איז זי אַראָפּגעלאָפן, אַדורך דעם הויף, און שטיין געבליבן ביים טויער פון גאַס. זי האָט זיך פאַרטראַכט, אַ ווייַלע זיך געוואַקלט: ניין, צוריק וועט זי ניט גיין, זי וועט אַנטלויפן, פּטור ווערן פון אים, אים מער ניט אָנזען.

חיים־הירש זיצט און וואַרט. ביז צום טויער איז צוויי דריי מינוט צו גיין, דער זייגער אַז שוין באַלד זעקס און העסקע איז נאָך אַלץ ניטאָ. אומגעדולדיק איז ער צו צום פענצטער, אַרויסגעקוקט אין הויף. די צייט שטייט ניט, זי גייט —

וואַרפט חיים־הירש זיין בליק אויפן זייגער, פון זייגער צום הויף און פון הויף צום זייגער. פון אומגעדולד און כעס קריכן אים די אויגן פון קאָפּ. דער הויף דרייט זיך, די ווייזערס לויפן, די ציפערן זיינען זיך צעוואַקסן און איר זעט מען ניט. — ווו איז זי פאַרלאָרן געגאַנגען? — האָט ער בייז אויסגעשריען, אַ זעץ געבנדיק איבערן ראַם פון פענצטער מיט דער האַנט.

אין איין אויגנבליק האָט ער אַלץ אַראָפּגעשאַרט פון טיש, אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר און ווילד אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ. ער וועט נאָך פאַרשפּעטיקן, איבערבלייבן. ווו איז זי אַהינגעקומען די סטשערוווע?

ער איז צוגעלאָפן צום געוועלב און איר דאָרטן ניט געטראָפן. ווי אַ משוגענער האָט ער זיך געלאָזט לויפן צום געטאָ־טויער. ביים טויער האָט ער קיינעם ניט געטראָפן.

מיט אַן אַרבעטער־גרופּע האָט ער זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ, זיך געלאָזט לויפן צום וואָקזאַל. אויך אויפן וואָקזאַל איז קיינער ניט געווען — דער צוג איז אַוועק.

צוריק אין געטאָ איז חיים־הירש געגאַנגען אַ באַטויבטער, אַ צעטומלטער, אַן אָפּגענאַרטער. אַזוי אומגעריכט האָט זיך אויף אים אַראָפּגעלאָזט דער קלאַפּ. אַזוי לייכט האָט מען אים געמאַכט צום נאַר. יעצט איז ער געבליבן אַליין, ניט מיט העסקען און ניט מיטן וואַלד, אַ פאַרלאָזטער, אַ פאַרלאָזטער פון אַלעמען. און ווי איז דאָס אים גאָר איינגעפאַלן איר צו שיקן צו שליימקען. אַוודאי האָט זי זיך אָפּגערעדט, די נקבה, מיטן אַמאָליקן ליובאָווניקל אירן, צו אַנטלויפן אין וואַלד און אים, חיים־הירשן, איבערלאָזן אַליין. און ווי זי האָט זיך דאָס אַ כאַפּ געטאָן, זי גייט! מיט אַ מאָל איז איר דער ליובאָווניקל אַ העלד געוואָרן — אין וואַלד גייט ער! אַזאַ פאַדלע, אַזאַ אויסוווּרף, די פאַלשע כיטרע שטיק אירע — אין געוועלב גייט זי.

אַי, ווען ער וואָלט איר יעצט געכאַפּט, אויף שטיקלעך וואָלט ער איר צעריסן, מיט די אייגענע הענט וואָלט ער איר פאַרענדיקט — און פּטור.

און וואָס האָט ער ניט געטאָן פאַר איר? וואָס האָט איר געפעלט פאַר אים? אין ווילנער געטאָ וואָלט זי געווען? אין „קאָוונע" וואָלט זי געפאָרן, אין דרערד, אויף פאַנאַר! אָט האָט זי דאָס אים באַצאָלט, באַדאַנקט, ווי עס קומט אים. איין מזל האָט זי געהאַט — וואָס זי האָט באַוויזן צו אַנטלויפן. ווען ער דעריאָגט איר, וואָלט ער איר דאָ, אויפן וואָקזאַל, צוזאַמען מיט איר ליובאָווניקל, באַצאָלט, באַצאָלט אַזוי ווי עס קומט איר.

דער יידישער פּאָליציאַנט ביים געטאָ־טויער האָט אים פאַרהאַלטן און אַריינגענומען אין טאָר־וואַך. צו אומפאַרשטענדלעך האָט אים אויסגעזען חיים־הירשס פּנים.

— וואָס איז?! וואָס האָט איר מיר פאַרהאַלטן?! — האָט חיים־הירש

אויסגעשריען פאַרווונדערט, וועלנדיק זיך אַרויסרייסן פון פּאָליציאַנטס הענט. דער פּאָליציאַנט האָט אים אָבער אָנגעכאַפּט און אַריינגעוואָרפן אין אַרעסט־קאַמער. ערשט דאָ, הינטער דער הילצערנער ווענטל, האָט חיים־הירש אָנגעהויבן אויסצולאָדן זיין צאָרן און ווייטיק. מיט די לעצטע כוחות האָט ער אָנגעהויבן רייסן די הילצערנע טיר.

— לאָזט מיר אַרויס! — האָט ער געגוואַלדעוועט, — אָדער איך וועל דאָ צעהאַקן די טיר!

אַ פּאָליציאַנט האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שווערן טיש, צוגעשפּאַרט אים צום אַנדערן זייט פון טיר, חיים־הירש זאָל איר ניט קענען אויפרייסן — און אָנגעהויבן רופן הילף. דאָ האָט זיך חיים־הירש דערמאָנט, אַז ער האָט אַ רעוואָלווער.

— לאָזט מיר אַרויס, אָדער איך שיס אייך דאָ אַלעמען אויס! — האָט ער געראָוועט אַרויסכאַפּנדיק דעם רעוואָלווער, — לאָזט מיר אַרויס!

ס'זיינען אָנגעלאָפן עטלעכע פּאָליציאַנטן, זיך געוואָלט אַריינרייסן אין אַרעסט־קאַמער, נאָר פון אַנדער זייט ווענטל האָט זיך דערהערט אַ שאָס. דער פּאָליציאַנט, וועלכער האָט געהאַלטן דעם טיש, איז געפאַלן אַ געטראָפענער אויף דער ערד.

ווי אַ צרה אין געטאָ, ווי אַן אויסגעאַנגסלאָזע לאַגע, אַזוי לויפט מען צו געזנסן.

גענס שטייט אין טאָר־וואַך, נערוועז, אויפגערעגט, און שרייט אַריבער איבער דער הילצערנע ווענטל. ער בעט זיך ביי חיים־הירשן, ער זאָל אויפהערן צו שיסן, ער זאָל אַריבערוואַרפן דעם רעוואָלווער. נאָר חיים־הירש האָט שוין ווייזט אויס נישט געוווסט, וואָס ער טוט. אין טאָר־וואַך הילכן קנאַלן, דער ריח פון פּולווער פּילט אויס די צימערן, די הילצערנע ווענטל ווערט צעלעכערט פון קוילן.

אַ בלאַסער איז גענס אָפּגעשפּרונגען אַן אַ זייט, אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער און אָנגעהויבן צילן אַהין, פון וואַנען עס האָבן זיך געטראָגן חיים־הירשס געוואַלדן און שיסערייען. ער האָט אויסגעשאָסן. דאָס פאַלן פון אַ קערפּער האָט צעטרייסלט דאָס הילצערנע ווענטל — און אין איין מאָמענט איז אַלץ שטיל געוואָרן.

מיט אימפּעט האָט גענס אויפגעריסן די טיר פו אַרעסט־קאַמער, אַריין אינעווייניק און געטראָפן חיים־הירשן אויסגעצויגן אויף דער ערד, ביי דער טיר, מיט אַ קויל אין קאָפּ, טויט.

## דער געראַנגל אין ווילנער געטאָ

אַז די דייטשן האָט זומער 1943 אָנגעהויבן גיין אויף די מזרחדיקע און מערבדיקע פראָנטן מיט די פוטער אַראָפּ, איז מען איז געטאָ האָפערדיקער געוואָרן.

די דייטשע מפּלות האָבן דעם געטאָ־עולם אַביסל צערוישט. די באַפרייאונג פון געטאָ האָט אויסגעזען צו זיין גאָר נאָענט. אַזוי פיל דורכגעמאַכט און צום סוף אומקומען — האָט געמאַטערט דער געדאַנק. האָבן מענטשן זיך געשטאַרקט, געקראָגן מוט און ענערגיע און גענומען זוכן מיטלען, ווי אַזוי צו ראַטעווען דעם לעבן אין דער קורצער איבערגאַנגס־צייט, אין דעם לעצטן מאָמענט, ווען די דייטשן וועלן פאַר זייער אַנטלויפן וועלן פאַרניכטן די געטאָ.

בייטאָג און אין די נעכט האָט מען אָנגעהויבן צו גראָבן אין קעלערן, אונטער דער ערד, און געבויט מאַלינעס. אַ טייל האָט געזוכט צו אַנטלויפן פון געטאָ און זיך באַהאַלטן ביי באַקאַנטע גויים. אַנדערע, וועמענס אויסערלעכער אויסזען איז געווען אַביסל אַנדערש געמאָלן, האָבן געזוכט זיך צו באַהאַלטן אויף אַרישע פּאַפּירן. און ס׳זיינען אויך געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן געזוכט זיך צו דערשלאָגן צו די וועלדער, צו די פּאַרטיזאַנער.

אין גערמאַנגל פאַרן לעבן האָבן זיך די וועגן פון איינצלנעם ניט געקרייצט, דערפאַר אָבער האָבן זיי זיך צוזאַמענגעטראָפן ביי די גרופן ווו יעדע איינע פון זיי האָט געהאַט איר איינשטעלונג פאַר דער אַלגעמיינער געטאָ־לייזונג.

די הויפּט־דעה אין געטאָ האָט געהאַט דער יידישער קאָמענדאַנט יעקב גענס מיט דער יידישער פּאָליציי. דעם גרונטשטיין פון דער געטאָ־עקזיסטענץ האָט ער געזען אין פּראָדוקטיווער אַרבעט פאַר דער דייטשער מאַכט, אַ דאַנק וועלכער ער האָט געהאָפט אויפצוהאַלטן און פאַרהיטן די געטאָ.

גענס האָט געוווּסט פון אַלע ווידערשטאַנד־גרופן אין געטאָ, פון דער פּ.פּ.אָ., ער האָט אָבער אַוועקגעקוקט אין אַ זייט, כל־זמן זיי האָבן אויסגעפירט די געטאָ־פליכטן, צוגלייך מיט אַלע איבעריקע געטאָ־איינוווינער.

נאָכן אָנקום, אָבער, פון די פּראָווינצער, נאָך דער אַקציע קאָוונע־פּאָנאַר, האָט זיך די לאַגע פאַרערגערט. פּראָווינצער האָבן זיך אָרגאַניזירט און מיט גרופן אַרויס אין וואַלד. פּראָווינצער יוגנטלעכע זיינען געכאַפּט געוואָרן פון געסטאַפּאָ־אַגענטן מיט געווער, זיי האָבן געשטעלט די געטאָ אין סכנה, זיי האָבן געקאָנט געבן די דייטשן אַן אויסרייד פאַר אַ פריצייטיקער געטאָ־ליקווידאַציע.

חיים־הירשס שאָס האָט איבערגעצויגן דאָס שטריקל — היינט האָבן זיי געשאָסן אויף אַ יידישן פּאָליציאַנט, מאָרגן קענען זיי שיסן אויף אַ ליטווישן, איבערמאָרגן — אויף אַ דייטש.

פון זיין באַלקאָן אויפן יודן־ראַט הויף, האָט גענס געוואָרנט דעם געטאָ־עולם קעגן דער געפאַר פון ווידערשטאַנד און וואַלד־פּסיכאָזע. גערופן די געטאָ־איינוווינער ניט צו געבן קיין הילף די וואַלד־לויפער, וועלכע זיינען ניט מער ווי פּחדנים און פאַרעטער.

און ווען ס׳איז גענסן באַוווּסט געוואָרן, אַז פּאַרטיזאַנער פון וואַלד זיינען געקומען אין געטאָ, האָט ער באַשלאָסן זיי אויסצוראָטן מיט אַן אייזערנער האַנט.

*

אויף רודניצקער זיבן, אין אַ צימער אָנגעשטעלט און פֿאַרלייגט מיט אַלטע זאַכן, איז געזעסן מיישקע מיט זיין חבר טעווקע ברומבערג, און געטרונקען טיי, וואָס טעווקעס מאַמע, סאָניע, האָט דערלאַנגט צום טיש מיט אַ האַרציק־מוטערלעכן קול.

שוין לאַנג ווי מיישקע האָט ניט געפילט אַזאַ פריינטשאַפט, האָט ער מיט פֿאַרגעניגן געטרונקען די טיי און זיך געפילט היימיש־וואַרעם אין דעם טונקל מרה־שחורה׳דיקן געטאָ־צימער.

ווען טעווקע האָט דערציילט דער מאַמען, אַז מיישקע איז געקומען פון וואַלד אַרויספירן מענטשן פון געטאָ, האָט איר אַ צאַפּל געטאָן די האַרץ, האָט זי דערזען אַ פונק פון האָפענונג, אַז איר יינגל וועט זיך אַרויסראַטעווען פון געטאָ.

— פֿאַרוואָס ברענגסטו אים ניט אַמאָל אַהער ? פֿאַרוואָס בעטסטו אים ניט, ער זאָל דיר מיטנעמען אין וואַלד ?

— ווי קען איך אים דען בעטן ? — האָט זיך טעווקע פֿאַרענטפערט פֿאַר דער מאַמען, אַז ער האָט מיר דערציילט וועגן אַ באַפעל פון זיין פֿאַרטיזאַנער־קאָמאַנדיר, אַרויסצופירן נאָר אַזעלכע, וואָס האָבן געווער.

סאָניע האָט זיך צוגעזעצט ביים ברעג פון מאַנס בעט, אַריינגעלייגט אַ האַנט אין אַ האַנט, און זיך צוגעקוקט ווי די קינדער טרינקען די טיי. זי האָט פֿאַריבל אויף טעווקען, הלמאי ער איז אַזאַ שטילער, אַזאַ שעמעוודיקער און פֿאַרמאָגט ניט אין זיך די ביסל דרייסטקייט צו בעטן מיישקען ער זאָל אים מיטנעמען אין וואַלד. זי וועט אָבער ניט שווייגן, זי מעג, זי איז אַ מאַמע — זי וועט אים בעטן. נאָר דער צונג האָט זיך איר ווי צוגעקלעפּט צום גומען, און חוץ : עס, מיין קינד, זע דו זאָלסט ניט בלייבן הונגעריק, קען זי ניט אויסריידן אַ וואָרט.

— גיס מיר אויך אָן אַ גלאָז טיי, — רופט זיך אָפּ משה־איציק, טעווקעס טאַטע.

— מיינסט, כ׳האָב אָן דיר פֿאַרגעסן, האָב געדולד, זאָל פריער דער גאַסט אָפּעסן, די קינדער, — קוקט סאָניע אויף דער ליידיקער פּאָליצע, ווו ס׳זיינען ניטאָ קיין איבעריקע גלעזער.

משה־איציק ליגט אַ קראַנקער אין בעט און הוסט. דער פּנים איז ביי אים אויסגעמאַגערט און בלייך, פֿאַרוואַקסן און נאָר די גליענדיקע שוואַרצע אויגן לייכטן אַרויס. די בעט־געוואַנט, אויף וועלכע ער ליגט, איז שוואַרץ, די קישן אָן אַ ציכל, און פון דער צעריסענער ווינטערדיקער קאָלדרע הענגען אַראָפּ שטיקער אָפּגעצופּטע וואַטע.

— הערסט ? — האָט ער זיך אויפגעזעצט — ווען איך בין געזונט, וואָלט איך שוין דאָ אַזוי ניט געלעגן. איך וואָלט אַוועק אין די איגנאַלינער קאַנטן, צו באַקאַנטע פּויערים, כ׳וואָל זיך אויסגעבאַהאַלטן, כ׳וואָלט זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבן. נאָר

די קראַנקהייט, די קראַנקהייט — האָט ער זיך פאַרהוסט — דער דאָקטער האָט מיר געזאָגט, אַז דער וואַלד וואָלט פאַר מיר גוט געווען, געזונט, נאָר ווו, אַז איך קען זיך פון בעט ניט אויפהייבן. זעסט, טעוועקע זאָל געזונט זיין, זאָל גיין, וואָלט איך וועלן — נאָר ווו, אַז מען זאָגט גאָר, אַז אַ רעוואָלווער קאָסט אַ וועלט, צוואַנציק טויזנט, דרייסיק טויזנט. פון וואַנען זאָל איך דאָס נעמען? הערסט, מיישעלע! איך בין געווען אַ סוחר, ווייס איך — געלט איז אַ וועלט.

מיישקע זיצט, קוקט אָן טעוועקעס טאַטן און שווייגט. וואָס זאָל ער אים זאָגן? מיט וואָס קען ער אים העלפן? ביי סאָניען וואָס זיצט צופוסנס פון מאַנס בעט, זעט ער דאַכט זיך טרערן, טרערן, — וואָס שפּאַרן איר פון די גרויסע בלויע אויגן.

פון וואָס וויינט זי? נאָר מאַלע וואָס, ס'איז דאָ אין געטאָ פון וואָס צו וויינען? און אפשר וויינט זי גאָר איבער אים אַליין, וואָס ער איז געבליבן אַ יתום, אָן טאַטע־מאַמע. פאַרקלעמט אים אַליין ביי דער נשמה, אַז ער באַגיסט זיך אַליין באַלד מיט טרערן.

— קום! — רופט ער אויס צו טעוועקען זיך קוים איינהאַלטנדיק — דאָ איז הייס, דושנע, לאָמיר אַרויס אַ ביסל אויפן הויף, כאַפּן אַ ביסל לופט.

אויסגעברוקירט מיט שטיינער איז דער פירקאַנטיקער הויף. אַרום שטייען גרויע הייזער און קוקן ווי בלינדע מיט זייערע פאַרקלעפּטע שוואַרצע פענצטער. קינדערלעך שפּילן זיך אין הויף. זיי גראַבלען אַרויס די שוואַרצע ערד מיט די פינגערלעך פון צווישן די שטיינער. פון מאָל צו מאָל גייט אַדורך אַן איינגע־הויקערטער מאַן, לויפט אַדורך איינגעבויגן אַ פרוי, אין הויף הערט מען ניט אַ קלאַנג, און אַפילו די קינדער, וואָס שפּילן זיך מיט דער שוואַרצער אויסגעגראָ־בענער ערד, ריידן צווישן זיך, אַז קוים וואָס מען הערט.

טעוועקע זיצט אויפן גאַניק און באַטראַכט זיינע אַלטע האַלב־צעריסענע סאַנדאַלן. מיט קנאה קוקט ער אויף מיישקעס נייע גלאַנציקע שטיוול.

— אין וואַלד, אַז מען גייט, דאַרף מען אַוודאי גוטע, שטאַרקע שטיוול. מ'דאַרף אַ סך גיין?

מיישקע באַטראַכט זיינע שטיוול. נעכטן האָט אים דער פעטער פון קייליס צוגעשיקט די פּאָר שטיול, צוזאַמען מיט פרישע, ריינע וועש.

— ניט געזאָרגט, ברודערקע, אַז מיר וועלן אַרויס אין וואַלד, וועלן מיר שוין קריגן אַ פּאָר שטויל. דערווייל גרייט זיך אין וועג, אין אַ פּאָר טעג אַרום גייען מיר אַרויס.

— איך האָב דאָך ניט קיין רעוואָלווער?

— נאַרישקייטן, ס'מאַכט ניט אויס, ניט שטענדיק דאַרף דעצידירן דאָס געווער.

טעוועקע איז אויפגעשפּרונגען, אַרומגעכאַפּט מיישקען, באַפאַלן אים קושן. נאָר לאַנג האָט די שמחה ניט געדויערט.

אין הויף איז געוואָרן אַ טומל. אין בהלה האָבן דורכן טויער אָנגעהויבן אַריינ־לויפן מענטשן. די צעשראָקענע פנימער זייערע האָבן געוואָרנט פון אַ געפאַר, וועלכע לויערט אויף זיי און פון וועלכע זיי זיינען דאָס אַזוי געלאָפן.

— מ׳יאָגט! פּאָליציי! אַקציע! — האָבן זיך אָפּגעהאַקטע ווערטער געטראָגן איבערן הויף.

ביי אַ צוואַנציק פּאָליציאַנטן, באַוואָפנטע מיט שטעקענער, זיינען אַריינגעלאָפן אין הויף. שוואַרץ־געפּאַסטע גלאַנציקע שטיוול שווינדלען פאַר די אויגן, יאָגן זיך נאָך אַנטלויפנדיקע מענטשן.

— שנעלער, קום אַריין אין שטוב! — האָט זיך טעווקע אויפגעהויבן, שלעפנדיק מיישקען נאָך זיך.

נאָר מיישקע האָט זיך ניט גערירט פון אָרט.

פאַר אויסבאַהאַלטן אַ פּאַרטיזאַנער קען טעווקע מיט דער פאַמיליע זייער טייער באַצאָלן.

— גיי! — רופט ער אויס — איך וועל זיך שוין אַליין באַהאַלטן.

אין מיטן הויף שטייט אַ חרובע הייזל, ווו ס׳האָט אַמאָל געוווינט דער הויף־וועכטער. לעבן הייזל שטייט אַ פאַס מיט מיסט. אפשר זאָל ער זיך באַהאַלטן אונטער דער פאַס? ס׳איז אָבער אוממעגלעך, ווען ער וועט איבערדרייען די פאַס, וועט די פּאָליציי באַמערקן. איז ער אַריינגעלאָפן אין דעם חרובן הייזל. אינעווייניק, אין דעם האַלב־איינגעפאַלענעם הייזל, אָן פענצטער און ראַמען איז טונקל, מען זעט ניט די שיין. ביסלעכוויז האָבן זיך אָבער זיינע אויגן צוגעוווינט צו דער פינצטער־ניש. דער איין און איינציקער פאַרלאָזטער צימער איז געווען פּוסט און לער, בלויז אַ האַלב איינגעפאַלענער אויוון איז געשטאַנען ביי דער וואַנט. צווישן וואַנט און אויוון האָט ער באַמערקט אַ שמאָלע שפּאַרונע, אַהין האָט ער זיך פאַרקליבן, זיך אַריינגעשטופּט, פאַרקראָכן ביזן ווינקל, זיך איינגעדרייט און איינגעניורעט — מיט דער האָפענונג, אַז דאָ וועט מען אים ניט באַמערקן. אַרום איז טוכלע און פייכט, דער שימל פּילט זיך פון די ווענט, און נאָז רייסט דער ריח פון אָפּגעברענטן אַש און איבערגעברענטע ציגל.

— אָנגרייטן די דאָקומענטן! — הערט ער געשרייען.

פון דרויסן הערט זיך דער געלאַף. עס הילכן קלעפּ פון שטעקענער, אויסגע־מישט מיט געוואַלדן. מענטשן אַמפּערן זיך, ראַנגלען זיך, קיינער וויל מיט גוטן ניט גיין, מען וויל זיך ניט לאָזן כאַפּן. מען ווייס וואָס ס׳הייסט יידישע פּאָליציי, מען קען זיי. די בהלה אַרום וואַקסט.

פּלוצלונג האָט ער אינעווייניק, אין דער חורבה דערהערט טריט.

— זוכט גוט! — הערט ער עמיצן קאָמאַנדעווענדיק — ער מוז דאָ ווו זיין, איר וועט אים געפינען.

די טופּעריי פון פיס טראָגט זיך איבער יעדן ווינקל. די פּאָליציי לייכט מיט

עלעקטרישע לעמפּלעך, פּאַזע די ווענט, אין די ווינקלען, איבער דעם האַלב־איינגעפאַלענעם אויוון.

— קיינער נישטאָ! — רופן אויס עטלעכע שטימען.

— צו אַלדע שוואַרץ יאָר! ווו איז ער אַהינגעקומען?! מיט מיינע אייגענע אויגן האָב איך אים דאָך געזען דאָ אין הויף. זוכט גוט! זוכט!

ווידער טאַנצן ליכט־שטראַלן איבער די ווענט, אין די ווינקלען צווישן אויוון. איין ליכט־שטראַל איז שטיין געבליבן, זיך איינגעשניטן אין מיישקעס געזיכט, אים געבלענדט אין די אויגן.

— מ׳איז דאָ! — האָט אַ שטימע אויסגעשריען.

אַ פאַרשטויבטער, פאַרשוואַרצט און אויסגעשמירט אין סאַזשע, איז מיישקע אַרויסגעקראָכן פון הינטערן אויוון.

זיין אומדערוואַרטער אַרויסגיין, אַ צעקנייטשטער און פאַרשוואַרצער, האָט אַנגעוואָרפן אויף די פּאָליציאַנטן אַ שרעק.

זיי האָבן זיך אָנגעהויבן רוקן אויף צוריק. מיישקע גייט פאָרויס און זיי טרעטן אָפּ צוריק.

זיי האָבן מורא — איז אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק — זיי מיינען אַוודאי, אַז ער האָט געוווער, חיים־הירשס שאָס האָט זיי אָנגעלערנט.

— איך האָב ניט קיין געווער. — האָט ער אויסגערופן.

ווי היישעריקן זיינען זיי אים באַפאַלן, אויסגעזוכט און אויסגעטאַפּט, און אַרויסגעפירט אויפן הויף.

— ווער בינסטו? — האָבן עטלעכע געפרעגט.

— פון וואַלד. אַ פּאַרטיזאַן.

— אַראָפּ, אַראָפּ! מיר האָבן אים געכאַפּט! — האָבן זיך צעשריען אַרום די פּאָליציאַנטן, צעפּייפנדיק זיך מיט זייערע פייפלעך איבערן גאַנצן הויף.

פון אַלע ווינקלען און אַרויסגענג האָבן זיך אַרויסגעשאָטן די פּאָליציאַנטן. אויך די, וואָס זיינען געשטאַנען ביים טויער און געהיט, זיינען צוגעקומען און נייגעריק באַטראַכט דעם העלד, אָן אויסגעשמירטן אין שטויב און סאַזשע, וועגן וועלכן מען האָט גערעדט, אַז ער קען אומברענגען די געטאָ.

— אַז ס׳איז דאָך גאָר ניטאָ וועמען אַ רעכטן זעץ צו געבן! — האָבן זיי מיט פאַרוווּנדערונג געגלאָצט מיט די אויגן.

— וואַרט, בחורל, וואַרט!— האָט זיך איינער בייז אַדורכגעשטופּט צו מיישקען

— מיר וועלן אייך שוין באַווייזן, וואָס ס׳הייסט שיסן אין געטאָ, אין יידישע פּאָליציי.
פאַרלאָזט מיישקען, איז טעווקע אָן אָטעם אַריינגעלאָפן אין שטוב.

— מאַמע, אַן אָבלאַווע, פּאָליציי!

— ווו איז מיישקע?

— געבליבן אין דרויסן.

— פאַרוואָס האָסטו אים איבערגעלאָזן ?

— ער גייט ניט !

— זיי וועלן דאָך אים כאַפּן, אַרעסטירן, — איז סאָניע צוגעלאָפן צום פענצ־טער, — און דערזעענדיק די בהלה אין דרויסן איז איר געוואָרן פינצטער אין די אויגן. — מסתמא אַן אַקציע, קום גיכער, באַהאַלט זיך.

שנעל אַ כאַפּ געבנדיק די בעטגעוואַנט, האָט זי טעווקען אַריינגעשטופּט אין בעט.

— דו ווייסט, מאַמע ? — האָט טעווקע שוין ליגנדיק אין בעט אויסגערופן — מיישקע האָט מיר געזאָגט, אַז ער נעמט מיר אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער.

סאָניע וואַרפט אויף טעווקען ליילעכער, קאָלדרעס, קישנס, און הערט קוים וואָס ער רעדט.

— ליג, שוויג, ריר זיך ניט, — האָט זי פאַרגלייכט און פאַרגלעט די בעט־געוואַנט.

— ווו איז דער באַנדיט, דער פּאַרטיזאַן ? — האָבן זיך אין שטוב אַריינגעריסן עטלעכע פּאָליציאַנטן.

— וועלכער פּאַרטיזאַנער, וועלכער באַנדיט ? — שטייט סאָניע און טרייסלט זיך.

— זוכן, איבערדרייען די שטוב !

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז טעווקע געשטאַנען אין די צעקנייטשטע זאַכן, מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר, אַנטקעגן די פּאָליציאַנטן, אַ ציטערנדיקער, אַ טרייס־לענדיקער, און ניט געקאָנט אַרויסרייידן אַ וואָרט.

— זעסט, אויסגעבאַהאַלטן דעם באַנדיט !

— וואָספאַראַ באַנדיט ? ס'איז דאָך מיין זון. ער אַרבעט ביים באַן אין „טאָדט".

— נעמט אים !

פון דרויסן האָבן זיך געטראָגן געוואַלדן : אַראָפּ, אַראָפּ ! געכאַפּט ! איבער־לאָזנדיק טעווקען זיינען די פּאָליציאַנטן אַנטלאָפן פון שטוב.

סאָניע האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. צוגעגאַנגען צום פענצטער און דערזען מיישקען אַן אַרומגערינגלטן פון דער פּאָליציי.

— וואָס האָסטו געזאָגט ? אין וואַלד וויל ער דיך נעמען ?

און דער געדאַנק, וועלכער האָט מיט עטלעכע מינוט צוריק אויפגעוואַכט ביי איר אין האַרץ, די לעצטע האָפענונג, אַז איר זון וועט זיך ראַטעווען פון געטאָ, איז ביי איר צערונען געוואָרן, זעענדיק מיישקען אַן אַוועקגעפירטן, אַרומגערינגלט פון דער פּאָליציי.

וויסט און לער איז געבליבן דער הויף. פאַרשוווּנדן זיינען געוואָרן די פריער־דיקע געוואַלדן און לויפעריין. שאַ — שטיל, ווי נאָך אַ שטורעם, וואָס האָט זיך אַדורכגעטראָגן, אַרויסגעריסן און פאַרטיליקט דאָס לעצטע ביסל חיות, וואָס האָט נאָך געצאַנקט אין די בלאַסע קינדערשע הענטעלעך, וואָס האָבן זיך געגראַבלט

צווישן די שטיינער פון הויף. אַוועק איז די פּאָליציי און טויט־פּאַרלאָזט איז גע־בליבן דער הויף.

— אַ מיתה משונה זאָלט איר איינעמען אַ מבול זאָל אייך פּאַרגיסן, רוצחים, רויבער וואָס איר זייט, באַנדיטן. ערגער פון די דייטשן זייט איר דאָך! — האָט סאָניע זיי נאָכגעשיקט אַ קללה פון איר צעווייטיקט פאַרווונדעטער האַרץ.

# אין דער יידישער קרימינאַל־פּאָליציי

מיט שרעק האָבן די געטאָ־מענטשן געקוקט אויף דער פּאָליציי, וועלכע האָט געפירט דעם פאַרהאַלטענעם יינגל. ווער ווייס וואָס עס קומט פאַר, ווער ווייס וואָס עס טוט זיך אין געטאָ?

געבראַכט האָט מען מיישקען אין דער יידישער קרימינאַל־פּאָליציי. אַדורכ־געפירט דעם אַריינגאַנגס־צימער, איז ער שטיין געבליבן פאַר אַ טיר, ביי וועלכער עס זיינען געשטאַנען עטלעכע פּאָליציאַנטן, אָנגעשפּאַרט אויף הילצערנע פּאַרענ־טשעס פון אַ שמאָלן דורכגאַנג, וועלכער האָט געפירט צו אַ טיר. אויפגעמאַכט די טיר, איז ער שטיין געבליבן אַליין אין אַ פאַרמאַכטן צימער אָן פענצטער און טירן, אַ טונקעלן, ווו די איינציקע ליכט איז געווען, נאָר אַן עלעקטריש לעמפּל.

דער הילצערנער דיל איז געווען טונקל־רייןן. ביי אַ וואַנט, אין דער רעכטער זייט, איז געשטאַנען אַ סאָפע. מיישקע האָט זיך געוואָלט זעצן, נאָר אָפּגעהאַלטן דערפון האָט אים אַ מענטש, וועלכן ער האָט פון פריער ניט באַמערקט. דער מאַן איז געזעסן אין אַ ווינקל פון צימער, אויף אַ שטול, אויפגעהויבן אויף אַ פּיעדעסטאַל, פאַר אַ סטענדער, אויף וועלכן ס'זיינען געלעגן אָנגעלייגט פּאַפּיר־בויגנס און מיט אַ פען אין האַנט. מיט אַ דורכדרינגלעכן בליק האָט ער באַטראַכט דעם פאַרהאַל־טענעם יינגל. פון זיין דורכדרינגלעך פאַרשערישן בליק האָט זיך מיישקע דערפילט אומבאַקוועם, און אַ פאַרלאָרענער איז ער געשטאַנען, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן.

— דריי זיך אויס! — האָט ער דערהערט הינטער זיך אַ קול.

אין צימער, הינטער אים, איז געשטאַנען דער קרימינאַל־שעף זיידעל. געווען איז ער אין די פערציקער יאָרן. זיינע שוואַרצע גליענדיקע אויגן האָבן געגלאַנצט, און אַן איראָנישער שמייכל איז ביי אים די גאַנצע צייט, ווי אין אַ וויכן איבערבעט, געלעגן צווישן די דינע קנייטשעלעך, ביי די ברעגן פון זיינע אויגן, אין די ווינקלען פון מויל. דער דורכדרינגלעכער פאַלשער שמייכל זיינער האָט פאַרמאָגט אין זיך דעם כוח אַרויסצורופן ביי זיין קעגנער דעם געפיל פון אומזיכערקייט און אַנגסט.

מיט שרעק האָט מיישקע געקוקט אויף דעם טונקעלן פּנים, וועלכער איז נאָך

טונקעלער געווען צוליב דער שוואַרץ־געדיכטער, אַרויסגעשפּראָצטער, ניט ראַזיר־טער באָרד.

צוערשט האָט זיידעל אָנגעהויבן אויסצולייזיקן מיישקעס קעשענעס. פון די אָנגעלייגטע זאַכן האָט ער אַרויסגענומען צוויי פאַרשריבענע זייטלעך פּאַפּיר.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ צעטל? — האָט ער געפרעגט אויף אַ בריוו געשריבן אין רוסיש.

— אַ בריוו צו מאַרקאָוון.

— ווער איז דאָס מאַרקאָוו?

— אַ בריגאַדע־קאָמאַנדיר פון פּאַרטיזאַנער.

פאַרביסן די ליפּן האָט זיך זיידעל גענומען צום צווייטן צעטל. דאָס צעטל איז געווען געשריבן אין יידיש און זיידעל האָט אָנגעהויבן לייענען:

— אפראים מיאַדזיאָלסקי! — האָט ער אויסגערופן אויפן קול.

ניט באַקומענדיק קיין ענטפער האָט ער אַרויסגעברומט:

— ווער איז דאָס?

— מיינער אַ חבר.

— פון וואַנען?

— פון סווענציאַן.

— טעווקע ברומבערג... קענסט אים?

— כ׳קען אים.

— כאַנקע אָפּעסקין?

— יאָ.

— ווו וווינען זיי?

— אין געטאָ.

— דאָס פאַרשטיי איך, אָבער די גאַס, דעם נומער פון שטוב?

— דאָס ווייס איך ניט.

צוויי פּעטש איןביידע באַקן, אַז פונקען האָבן אָנגעהויבן פליען מיישקען פאַר די אויגן, האָבן אָפּגעהילכט אין צימער.

דער וואָס איז געזעסן אין ווינקל, אין דער הויך אויפן שטול, אויפן פּיעדעסטאַל, האָט געפירט דעם פּראָטאָקאָל. שורה נאָך שורה האָט ער געשריבן, שנעל, ניט דורכגעלאָזט אַ וואָרט. די נעמען האָבן ביי אים אויפן פּאַפּיר געטאַנצט איינער נאָכן צווייטן פון אונטער זיין פלינקער האַנט. עס האָט זיך געוועבט פאַר אים אַ בילד, גלאַטיק, פליסיק, אַן אָפּהאַלט, אין אַ טעמפּאָ, ווי אַ שטראָמיקער טייך.

פון אָנהויב האָט ער געמיינט, אַז די אויספאָרשונג וועט אָנקומען שווער, מען וועט זיך דאַרפן מאַטערן ביי יעדן וואָרט, ביי יעדער פראַגע, קריצן מיט די ציין, מיט אומגעדולד זיך דרייען אויפן שטול, און די אויגן וועלן אַרויסקריכן, איידער מען וועט אָנשרייבן אַ וואָרט — אָדער, נאָך ערגער, ער וועט בכלל דאַרפן

בלייבן ביי אַ ווייסן בויגן. און דאָ זעט ער, ווי דער פּראַטאָקאָל וואַקסט, קריגט אַן אויסזען, אַ פּנים. ער, דער סעקרעטאַר פון דער קרימינאַל־פּאָליציי, זעט שוין די ווייטערדיקע געשעענישן, דעם געראַנגל, די אַנטוויקלונג פון דער ווייטערדיקער אַקציע. יאָ, די קרימינאַל־פּאָליציי איז דיר ניט אַבי וועך. ס׳איז דיר ניט די טאַר־וואַך, אָדער סאַניטאַרע אָפּטיילונג. ניט אומזיסט האָבן געגנס מיט דעסלערן אַרויפּ־געלייגט אויף זיי די סאַמע פאַראַנטוואָרטלעכסטע וויכטיקסטע און סכנותדיקסטע אַרבעט פון געטאָ — קאַמף מיט די פּאַרטיזאַנער, דער סאַמע שווערסטער, מיט די סאַמע פאַרביסנסטע. אַ שאָד נאַר, וואָס ער אַליין קען זיך ניט אַ נעם טאָן צום בחורל, — כריען ביים אים די הענט. ער וואָלט אים שוין באַוויזן, אַנגעלערנט. שרייבט ער און שרייבט, און טראַכט נאָך.. „יאָפּ טוואָיו״. ביים „מאַטס״ איז ער שטיין געבליבן, זיך אָפּגעהאַלטן, אַנגעקוקט די פאַרשריבענע ווערטער און ניט פאַרשטאַנען, געגומען פינטלען מיט די אויגן. דער פּנים האָט זיך אים פאַרקרימט, די צוויי גרויסע קיילעכ־דיקע וואַסערדיקע אויגן האָבן אָנגעהויבן אַרומצושווימען ווי אין אַ נעפּל, ס׳האָט אים געשטאָכן, געברענט. אַזאַ זאַך האָט ער נאָך קיינמאָל ניט פאַרפּראָטאָקאָלירט. ער האָט זיך פּשוט צעיאָגט, ניט פאַרכאַפּט. ווי אַ פאַרווונדעטע חיה איז ער געבליבן זיצן אַ פאַרגאַפּטער און אומגלויבלעך אויפגעהויבן די אויגן. אין זיינע אויערן האָבן געקלונגען די זיבן רוסישע ברכות, וועלכע מיישקע האָט אַריינגעלייגט אין זיין שעף, אין זיידעלן, אַז ס׳האָט אים פּשוט פאַרקוועטשט אונטערן האַרצן, פאַר־גאַנגען אונטער דער נשמה, — דאָ, אין אויספאַרשונגס־צימער, אין זיין אַנוועזנהייט.

— דו זידלסט זיך גאָר! — האָט זיידעל אַ שפּרונג געטאָן ווי אַן אָפּגעבריטע חיה — מאַרגאַליס!!!

אין איין אויגנבליק איז דער סעקרעטאַר, אַ קליינקער, אַ דאַריקער, אַ שטשופּ־לינקער, — וואָס מיישקע האָט פון פריער ניט געקאָנט באַמערקן, צוליב דעם וואָס ער איז די גאַנצע צייט געזעסן אויבן אַן אויפן שטול, געשטאַנען אַ חניפה׳דיקער, אַ געהאָרכזאַמער, אַביסל פאַרנייגט, כמעט ווי אין אַ קניקס, פאַר זיין באַלעבאָס, דעם קרימינאַל־שעף, מיט אַ קורצן, דיקן גומענעם שטעקן אין האַנט. און אַזוי שנעל, ווי ער האָט זיידעלן צוגעטראָגן דעם שטעקן, אַזוי שנעל איז ער געלאָפן צוריק אויף זיין פּלאַץ, זיך אָוועקגעזעצט, זיך באַקוועם געמאַכט, זיך אויסגעצויגן. כדי פון אין דער הויך, פון אויבן, צו זען דאָס וואָס ס׳וועט פאַרקומען ווייטער.

— ווו ווינען זיי? — האָט זיידעל אַ שפּיל געטאָן אַנטקעגן מיישקען מיט דער גומענער נאַגייקע.

— איך ווייס ניט.

זיידעל האָט ווייטער אָנגעהויבן לייענען די רשימה, שאַרף באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט:

— באַמקע באַיאַרסקי?

מיישקע האָט זיך דערמאָנט דעם פּאָליציאַנט פון ווילנער געטאָ, דעם דניעפּ־

פּראָפּעטראָווסקער, דעם וואַסטאָטשניק, וועלכער האָט געוואָלט מיט אים אַרויס אין וואַלד.

— איך קען אים ניט.

— דו אַליין האָסט דאָך געשריבן די רשימה, ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז, דו קענסט אים ניט?

— געשריבן האָב איך טאַקע, נאָר דאָס וואָס אַ צווייטער האָט מיר דיקטירט.

— אַ צווייטער, זאָגסטו? עלף אַזייגער בינסטו געשטאַנען אויף רודניצקער גאַס און גערעדט ביט באָמקע באַיאַרסקי ביי אַ פערטל שעה, און דו זאָגסט, אַז דו קענסט אים ניט.

— איך קען אים ניט.

אין איין אויגנבליק האָט זיך די גומענע נאַגייקע אָפּגעלייגט ביי מיישקען אויפן פּנים, פון קאָפּ, איבערן שטערן, איבער דער לינקער אויג, איבער דער באַק, איבער די ליפּן, און זיך פאַרענדיקט ביי דער גאָמבע. פון די איבעריקע קלעפּ, וואָס זיינען געפאַלן פון זיידעלן, האָט זיך מיישקע פאַרשטעלט מיט די הענט.

— מאַרגאָליס!!! — האָט זיידעל אויסגעראָוועט, אַוועקשליידערנדיק די נאַגייקע אין זייט.

אין איין מאָמענט איז מאַרגאָליס געשטאַנען לעבן זיין שעף, איינגעבויגן, אונטערטעניק, מיט אַ פּאָר קיידאַנקעס אין זיינע אויסגעשטרעקטע הענט.

— דריי זיך אויס! — האָט זיידעל אַ שניט געטאָן מיט זיין קול.

מיישקע האָט זיך אויסגעדרייט, דערפילט ווי די הענט פאַרציען זיך אים, ווי די ענג צוזאַמענגעצויגענע רינגען שניידן זיך אים אַריין אין זיין פלייש, לאָזן ניט אַ דריי טאָן מיט אַ גליד.

יעצט איז ער אַנטקעגן זיידעלן געשטאַנען אַ געבונדענער, אָן אַנטוואָפנטער.

— נו, יעצט וועסטו שוין ביי מיר זיין אַ לייט, וועסט שוין קריגן לשון, וועסט שוין אויפמאַכן די מויל. ווו וווינסטו?

— אין ערגעץ ניט.

— המ. אויפן גאַס קענסטו דאָך אָבער ניט שלאָפן?

— איך שלאָף אין די הויפן, אויף די טרעפּ.

— זאָגטס אַ ליגן! קיין איין הויף־קאָמענדאַנט וועט דיר אַ ניט־צוגעשריבענעם ניט אַריינלאָזן אין הויף!

— ביינאַכט אין דער פינצטער, אַז קיינער זעט ניט, פאַרגנבע איך זיך.

לאַנגזאַם, ווי אַ שפּין, האָט זיך מאַרגאָליס אַראָפּגעשאַרט פון שטול. מיט ווייכע קעצישע טריט זיך צוגעשאַרט צו מיישקען, און ווי אַ הונט אים באַשמעקט, באַ־ניוכעט, פון אַלע זייטן, און מיט אַן אונטערטעניקן בליק פון זיינע וואַסערדיקע אויגן האָט ער זיך געווענדעט צו זיין בלוט־גיריקן באַלעבאָס: לאָז מיר נאָר צו, וועסט זען איך וועל אים שוין באַווייזן.

— זאָג נאָר אָקאָרשט, בחורל, ווי לאַנג בינסטו אין געטאָ?

מיישקע קוקט אויפן סעקרעטאַרל, און ווי אַן אומהיימלעך קאַלטער ווינט וואָלט אויף אים אַ ווייע געטאָן.

— צען טעג.

דאָס סעקרעטאַרל האָט זיך אונטערגעהויבן, זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פינגער פון די פיס, זיך אויסגעצויגן, און מיט לאַנגע ווייכע דינע פינגער פון די הענט אָנגעהויבן מיישקען צו קריכן איבער דער רובאַשקע, פּאַנאַנדערצושפּילעווען די אויבערשטע קנעפּלעך פּאַרזיכטיק, מיט צוויי פינגער, פון אונטער דער רובאַשקע אַרויסגעשלעפּט די אונטערשטע העמד. געקוקט אויף דער ווייסקייט, וואָס האָט געבלענדט, ווי אָקאָרשט געוואַשן, און פאַרוווּנדערט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אַי, אַי, אַי, נעבעך, צען טעג ווי דו וואַלגערסט זיך איבער די הויפן, שלאָפסט אויף שמוציקע שטיגן, און די העמד איז ביי דיר אַזוי ריין, אַזוי ווייס, ווי אָקערשט פון קאָמאָד אַרויס. ווונדער איבער ווונדער.

— ראַפינירטער הונט, פּאַראַזיט, נעם צו דיינע שמוציקע הענט! — האָט מיישקע אויסגעשריען.

מאַרגאָליס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון די שפּיץ פינגער אויפן גאַנצן טראָט, צוריקגעטראָטן, אָנגעקוקט מיישקען און זיך הילכיק פונאַנדערגעלאַכט מיט זיין קווויטשעדיקן געלעכטער.

אין דער זעלבער סעקונדע האָט זיידעל אַראָפּגעלאָזט די נאַגייקע איבער מיישקעס פּנים מיט שווּנג, מיט רציחה, און געטראָפן אין זעלבן אָרט, ווו ער האָט אים אַ פריער געגעבן דעם ערשטן קלאַפּ. יעצט האָט זיידעל געקאָנט קלאַפּן פריי, אין יעדן אָרט, אויף יעדן פלאַץ, ווו ס׳איז אים נאָר געפעלן. נאָר געקלאַפּט האָט ער, ווי אויף צו להכעיס, אין איין פלאַץ, אין זעלבן אָרט, ריטמיש, צום טאַקט, מיט רציחה, מיט הנאה, ווי אַ גוטער שיסער, וואָס שיסט און טרעפט שטענדיק אין פינטל.

די קלעפּ זיינען וואָס ווייטער געוואָרן שטאַרקער און פילבאַרער. מיישקע איז געשטאַנען אַנטקעגן זיידעלן מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ, אויסגעצויגן — אַ באַטויב־טער. ס׳האָט אים אַרויסגעזעצט בלוט פון דער נאָז, פון מויל, דער קאָפּ האָט זיך אים פאַרדרייט, ס׳איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן.

ווען ער איז געקומען צו זיך, איז ער געזעסן אויף דער סאָפע. מאַרגאָליס האָט אים אונטערגעהאַלטן ביי די אַקסלען און געווישט דאָס בלוט פון פּנים, מיט אַ נאַסן האַנטעך.

— וואַסער גיט מיר, וואַסער!

זעסט, נאַרעלע, האָסט זיך איינגעשפּאַרט, זיך איינגעעקשנט, ווען דו זאָגסט אָבער אַלץ אויס, ווען דו דערציילסט וואָס מען פרעגט דיר, וואָלט מען דיר דאָך

גאָרנישט געטאָן. פּאָלג מיר, לייג זיך איבער, זיי ניט איינגעשפּאַרט, און ס׳וועט דיר גאָרניט זיין. אַניט...

זיידעל, וועלכער איז אַרויס פון צימער, איז צוריק אַריין. זיין שוואַרצער פּנים מיט די נאָך פינצטערע, פאַרטייעטע, מיט גיפט אָנגעגאָסענע אויגן, האָבן ווי מיט פייער געשאָטן אַרום.

— קום אַהער! — האָט ער אויסגערופן צו מיישקען,

קוים זיך אויפגעהויבן, איז מיישקע מיט וואַקלענדיקע טריט צו צו זיידעלן.

— וועסט ריידן?!

— ניט מיט דיר.

— מיט מיר!

דער קאָפּ האָט זיך מיישקען געדרייט. די רייפן פון די קיידאַנקעס האָבן אים געשניטן די הענט, און קוים איז ער געשטאַנען אויף די פיס. געשטאַנען און גע־וואַרט, וואָס זיידעל וועט באַשליסן ווייטער צו טאָן. אַריינגעלייגט די האַנט אין קעשענע, האָט זיידעל אַרויסגענומען אַ גלאַנציק שטיקל בראָנז אין רינגען, אַריינ־געלייגט די פינגער אין די רינגען און פאַרקוועטשט די האַנט אין אַ פויסט. ווען ער האָט אויפגעהויבן די פאַרביילטע פויסט, האָבן פיר שאַרפע שפּיצן דראָענדיק געגלאַנצט אַנטקעגן מיישקעס אויגן.

— דו ווייסט וואָס דאָס איז?

— איך ווייס.

— קיין לעבעדיקער פון דאַנען וועסטו ניט אַרויס. רייד!!!

מיישקע האָט געשוויגן, צוזאַמענגעקאָרטשעט, איינגעצויגן האָט ער פאַרביסן און מיט שרעק געוואַרט אויפן קלאַפּ.

דער פּנים ביי זיידעלן איז געוועזן טונקל־שוואַרץ, די אויגן בלוט־גיריק פאַרגאָסן. פאַרוואַרפנדיק די האַנט אין דער הויך, האָט ער זיך פאַרמאָסטן צו געבן דעם קלאַפּ. די האַנט איז אים אָבער הענגען געבליבן אין דער לופטן...

אין דער האַסטיק אויפגעפּראַלטער טיר פון צימער איז אַריינגעפאַלן אַ הויכער מאַן אין אַן אויסגעפּאַסטן טונקל־בלויען מונדיר, אין אַ פּאָליציי־היטל מיט אַ גרויסן געלן שטערן פון פאָרנט, מיט אַן עטוואָס אויסגעצויגענעם לענגלעכן פּנים, מיט אַ פּאָר צעטומלט פאַרוווּנדערטע ברוינלעכע אויגן, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט פון הינטער דיקע ברילן־גלעזער, איינגעפאַסטע אין טונקל־ברוינע ראַמלעך.

— האַלט! — האָט ער אויסגערופן, אַריינגייענדיק אין צימער — האַלט!

ער איז געווען אַ פאַרסאָפּעטער, ווייל ער איז ווייזט אויס געלאָפן, און אַ מידער האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער סאָפע.

אַראָפּגענומען די ברילן, האָט ער אַרויסגענומען אַ נאָז־טיכל און נערוועז, אומגעלומפּערט, מיט די לאַנגע פינגער, אָנגעהויבן צוווישן די פאַרנעפּלטע דיקע גלעזער. זיינע ברוינע אויגן, מיד, באַצויגן מיט אַ מאַטקייט, און פון וועלכע ס׳זיינען

אַראָפּגעהאָנגען טונקל־ברוינע שוואַרצע קישעלעך, האָבן אומזיכער געבלאָנדזשעט איבערן צימער.

אָנגעטאָן די ברילן, האָט ער זיך אַרומגעקוקט: דערזען די בלוי־רויטע פּאַסן איבער מיישקעס געזיכט, די אָנגעשוואָלענע באַק, די אויפגעלאָפענע ליפּן, די אויסגעקרומטע מויל. ער האָט געזען דאָס, וואָס ס׳האָט געדאַרפט פּאַרקומען ווייטער, קוקנדיק אויף זיידעלס האַנט, אויף וועלכער ס׳האָט געגלאַנצט דער אָנגעטאָנענער בראָנזענער קאַסטעט ער האָט זיך אויפגעהויבן, געמאַכט עטלעכע טריט פאָרויס און אויסגעשריען:

— אַרויס!

זיידעל איז שטיין געבליבן, אין די אויגן האָט אים אויפגעבליצט אַ העליש פייערל, מיט אַ פאַרטייעטן בליק האָט ער אָפּגעמאָסטן דעם פּאָליציי־מאַן, געוואָלט וואָס זאָגן, רעאַגירן, נאָר ער האָט זיך ווייזט אויס איבערגעלייגט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, זיך אויסגעדרייט און אַרויס.

אויבן, אין דער הויך, אויפן פּיעדעסטאַל, אויפן שטול לעבן סטענדער מיט די פּראָטאָקאָלן, איז געזעסן אַ פאַרגאַפטער, מיט אַ פּאָר אויסגעגלאָצטע אומגלויבלעכע אויגן, מאַרגאָליס. ווי קליין ער איז געווען, האָט ער זיך נאָך מער צוזאַמענגעצויגן, זיך איינגעשרומפּן, געמיינט, אַז מען וועט אים ניט באַמערקן.

— וואָס האָסטו זיך צוזאַמענגעדרייט ווי אַ פּימפּערנאָטער, דו מיינסט, אַז איך זע דיר ניט?!

מאַרגאָליס איז אַרונטער פון שטול, אַראָפּ פון פּיעדעסטאַל, זיך געשאַרט פאַרביי די ווענט צום אַרויסגאַנג, צו דער טיר, און מיטן קליינעם קעפּל ניט געקאָנט באַגרייפן וואָס דאָ קומט פאָר, וואָס דאָ האָט זיך אַזוי ראַשיק איבערגעדרייט.

מיט אַ קרענקלעך דאַנקבאַר שמייכל האָט מיישקע אָנגעקוקט דעם פּאָליציי־מאַן. דער קאָפּ האָט זיך אים געדרייט, די פיס זיינען אים געווען שוואַך, אָט, אָט, און ער האָט געמיינט, אַז ער פאַלט אַוועק.

— צי קען איך זיך זעצן?

— יאָ, יאָ, זיכער!

דער פּאָליציי־מאַן האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיישקען, זיך פאַרטראַכט, נערוועז קלאַפּנדיק מיט די פינגער פון די הענט איבער די לאַנגע אַרויסגעשטעלטע קני.

— איך הייס נוסבאַום, איך בין דער פּראָקוראָר פון געטאָ. מיר האָבן אַרומגערינגלט דיינע צוויי חברים פאַרטיזאַנער, וואָס זיינען געקומען מיט דיר פון וואַלד. זיי זיינען אַנטלאָפן, געשפּרונגען איבער הויפן, דעכער, יעצט זיצן זיי אין דער הויך אויף אַ דאַך, הינטער אַ קוימען, עק זאַוואַלנע, אַרומגערינגלט פון אונדזער פּאָליציי. זיי ווילן זיך ניט אונטערגעבן. זאָג צי זיי האָבן געווער, ווייל טאָמער שיסן זיי, זיינען מיר פאַרלאָרענע, וועט די גאַנצע געטאָ אונטערגיין.

— פון וואַנען זאָל איך וויסן, צי זיי וועלן שיסן אָדער ניט, צי זיי האָבן געוועט אָדער ניט? ווי קען איך אייך דאָס זאָגן? ווי קען איך אייך בכלל זאָגן, ווי אַזוי זיי וועלן האַנדלען? איין זאַך וויל איך אייך אָבער זאָגן. איך וויל אייך וואָרענען: איר האָט צו טאָן מיט פּאַרטיזאַנער, אַרויפגענומענע אויפן חשבון פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. אונדזער קאָמאַנדיר וועט דאַרפן אָפּגעבן אַ באַריכט, ווייטער, העכער, אפשר ניט, וויל ס׳וועט אים אַזוי אָנגיין פאַר אונדז, איך וויים ניט? עס וועט אים אָבער ניט שטימען די צאָל און מען וועט אים פרעגן ווו זיינען די איבעריקע, ווו זיי זיינען אַהינגעקומען. איך האָב מורא, אַז איר קריכט צו ווייט, אַז איר פאַרהאַקט הינטער זיך אַלע וועגן. באַטראַכט זיך איידער איר גייט וואָס טאָן, איר קענט טאָן מיט אונדז, וואָס אייך געפעלט, איך בין אָבער ניט זיכער און וויים ניט צי מיט אונדז האָט איר פאַרענדיקט און געשלאָסן אייער חשבון.

— איך לויף, איך איַל זיך, — האָט זיך אַ הויב געטאָן דער פּראָקוראָר, — איך גיי אַראָפּנעמען די בלאָקאַדע.

און אַ צעטומלטער, זיך יאָגנדיק, פּונקט ווי ער איז אַריינגעלאָפן, איז ער אַרויסגעלאָפן פון צימער.

## ביי געגסן

אין קאָרידאָר פון יודן־ראַט, אונטער אַ וואַך פון צוויי פּאָליציאַנטן, זיצט מיישקע אויף אַ באַנק, איינזאַם, פאַרביטערט, צעשלאָגן, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. אַרום זיצן נאָך מענטשן. דער ערשטער לעבן אים, פון זייט, זיצט אַ פּאָליציי־שישקע, אַ לייטער. מען דערקענט דאָס נאָך זיין האַלטונג, נאָך זיין פּנים, נאָך זיין אָנטאָן, נאָך די פּאַפּיראָסן וואָס ער רויכערט — פון וועלכע עס צעשפּרייט זיך אַרום אַ שמעקעדיקער רויך, וואָס שניידט און רייסט די נאָז־לעכער, וואָס רייצט דעם אַפּעטיט.

— צי קען איך באַקומען אַ פּאַפּיראָס?

— אָ, ביטע! — ציט אויס דער לייטער, פאַר מיישקען, אַ פּעקל פּאַפּיראָסן, נעמט אַרויס אַ צינד־מאַשינקע און טראָגט איר אים אונטער.

פאַרצויגן דעם רויך אַ פּאָר מאָל, איז מיישקען געוואָרן לייכטער אויפן האַרצן, האָט ער זיך דערפילט מוטיקער, האָפערדיקער.

— אין פּאַרטיזאַנקע רויכערט מען קאָרע פון בוימער, און איר דאָ זייט גאַנצע פּאַנעס געוואָרן.

דער לייטער בלישטשעט מיט זיינע ווייסע ציין און שמייכלט אונטער:

— איך בין לעוואַס, דער שעף פון דער טאַר־וואָך פּאָליציי.
— איינער פון די הויפּט־שלעגער אין געטאָ.
— מ׳קען ניט וויסן ווער ס׳איז דער גערעכטער.
— אַוודאי, יידישע פּאָליציי אין יושר־מיצלען.
— די יידישע פּאָליציי וועט נאָך אירע באַווייזן.
— איר נאַרט זיך אַליין אָפּ.
— דאָס וועט מען נאָך זען.
— איר גייט אויף אַ גליטשיקן וועג.
— ווער ס׳האָט זיך מורא אויסצוגליטשן — זאָל ניט גיין.

מיישקע קוקט אָן דעם יונגן לעוואַס, זיין צאַרט־איידעלן געזיכט מיט די טיפע, שוואַרצע גלאַנציק־לייכטנדיקע אויגן.

פון וואַנען נעמט זיך צו אַזאַ איידעלן געזיכט אַזאַ באַנדיטסקער כאַראַקטער — קען מיישקע ניט פאַרשטיין.

לעוואַס, דער שעף פון דער טאַר־וואַך, איז אין געטאָ גוט באַקאַנט, — אַזוי גוט, אַז אַפילו חוץ ווילנער געטאָ האָט ער אויך געקראָגן אַ שם.

פון גענס קאַבינעט איז אַרויס אַ פּאָליציאַנט און באַפוילן אַריינצופירן מיישקען אינעווייניק.

די צוויי פּאָליציאַנטן האָבן אים באַגלייט.

אין אַ געראַמען גרויסן צימער, ביי אַ גרויסן שרייב־טיש, אויף וועלכן ס׳האָבן זיך געפונען צוויי טעלעפאָנען, אין שאָטן פון אַ גרויסן אַבאַזשור, זיינען געזעסן צוויי מענטשן. איינער מיט אַ קלאָר לויטער געזיכט, מיט מענערישע שטריכן, אַ קאָנצענטרירטער, אַ פאַרטראַכטער, דער צווייטער: אַ בייזער, אַ פאַרביסענער, אַן אָנגעכמורעטער, גראָב גרויס, מיט אַן אָפּגעפרעסן חזירישער מאָרדע.

דער ערשטער איז געווען גענס, דער צווייטער — דעסלער. מיט אַ האַנט־באַוועגונג האָט גענס באַפוילן די צוויי פּאָליציאַנטן צו פאַרלאָזן דעם צימער.

— קום אַהער נענטער, — האָט ער זיך געווענדעט צו מיישקען.

מיישקע איז צו צום שרייב־טיש. די ליכט פון אַבאַזשור האָב אים געבלענדעט די אויגן, פון די קלעפּ האָט אים נאָך ווי געטאָן דער קאָפּ. דער פּנים און די מויל איז אים געווען פאַרדרייט און אָנגעשוואָלן. קליין, נעבעכדיק און צעבראָכן האָט ער אויסגעזען אַנטקעגן די צוויי מענער, וועלכע זיינען מיט גאווה און שטאָלץ, ווי צוויי אַלמעכטיקע געטער, געזעסן אין זייערע פאָטעלן, פון אַנדער זייט טיש, אין שאָטן פון דעם אַבאַזשור.

מיט אַ דורכדרינגלעכן בליק האָט גענס באַטראַכט מיישקען. געמיינט האָט ער, אַז ס׳וועט אַריינקומען אַ פאַרטיזאַן מיט אַ פליענדיקער טשופּרינע האָר, מיט אַ הויך פאַריסענעם קאָפּ, דרייסט, פלינק, מיט באַוועגונגען אָנגעזאָפּט,

פול מיט ענערגיע און אימפעט, מיט אַ פּאָר גליענדיק־ברענענדיקע פייערדיקן אויגן — ווי אַ רוח, ווי אַ טייוול, ווי אַ שטורעם.

צום סוף האָט ער פאַר זיך דער׳זען אַן אָפּגעצערטן, צעשלאָגענעם בחור׳ל, מיט אַ האַלב־פאַרוויינטן, צעטומלט־איבערגעשראָקענעם געזיכט, אַז ס׳האָט אים אַליין פאַרדריקט אונטער דער נשמה, אַ נעם געטאָן ביים האַרץ. אַזעלכע צעשלאָגענע יידישע קינדער זעט ער אין געטאָ אין די הונדערטער. און פּונקט אַזוי צעשלאָגן און צעבלוטיקט, ווי ס׳איז געווען דעם יינגלס פּנים — אַזוי צעבלוטיקט איז אים געווען זיין האַרץ.

ווי לאַנג איז עס געווען, ווען ער אַליין, אין זעלבן עלטער, איז אַוועק קעמפן אין די רייען פון די ליטווישע פרייהייטס־קעמפער פאַר ליטעס אומאָפּהענגיקייט? דאַן, אָבער, איז עס געווען קינדערישע צעלאָזנקייט, אַוואַנטוריזם. דעם טעם פון וואַלד האָט ער אָבער פאַרזוכט, ער געדענקט אים. מיט אַ שמייכל דערמאָנט ער זיך יענע צעשטורעמטע טעג, טעג פון געראַנגל און קאַמף.

דער אויסזען, אָבער, פון צוזאַמענגעבראָכענעם יינגל האָט אים מיט גאָרנישט דערמאָנט יענע טיפן, יענע צייטן.

אָט זיצט ער היינט אין אַ באַקוועמען פאָטעל, פאַר אַ געראַמען ליכטיקן טיש, אַנטקעגן אַ יינגל — יאָ פאַרטיזאַן, ניט פאַרטיזאַן, און די נשמה איז אים געשפּאָלטן אין צווייען, ער ווייס אַליין ניט אויף וואָסער וועלט ער איז. ביי אים טראָגט דער יידישער געראַנגל קעגן די דייטשן גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער — דער היפּך פון אָנגענומען כללים, און עס שטייט דאָ פאַר אים, דאַכט זיך, געגנס דאָס יאָטל, געגנס דער פאַרטיזאַן, אַנטקעגן געגנס דעם קאָמענדאַנט פון ווילנער געטאָ — צוויי געשטאַלטן, צוויי קעגנזאַצן, צוויי באַזונדערע וועלטן, צוויי באַזונדערע איינשטעלונגען, וואָס ער וואָלט זיך גאָר קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אַז זיי קענען זיך אַמאָל צונויפטרעפן: דער קינדעריש נאַיווער — אַנטקעגן אויסגעוואַקסן ערפאַרענעם. און ווער ווייס ווער ס׳איז דאָ דער שטאַרקער און ווער ס׳איז דאָ דער גערעכטער, און ווער עס קען דאָ בכלל משפטן?

נאָר איין זאַך ווייס ער — אַז לאַכן לאַכט דער, ווער ס׳לאַכט דער לעצטער.

און געגנס, פריער רואיק פאַרטראַכטער געזיכט איז געוואָרן פינצטער פאַרכמורעט, דערשלאָגן. קנייטשן ווי בליצן האָבן זיך אים צעקרייצט איבערן הויכן שטערן, ביי די ווינקלען פון מויל, אין די צוזאַמענגעצויגענע ברעמען איבער די וויעס. די שטאָל־קאָליריקע גרויע אויגן האָבן זיך אויפגעלויכטן און זיך געלאָשן, ער האָט יעצט אויסגעזען ווי איין שטיק געדאַנק, ווי אַ שטיק מחשבה, פון וועלכער ס׳האָט געיאָגט אַ קעלט, ווי פון אַ צפונדיקן אייז־באַרג, ווי פון קאַלטן שכל וועט באַלד אַרויסגעטראָגן ווערן דער אורטייל — צום לעבן אָדער צום טויט.

נאָר ביסלעכווייז האָט זיך געגנס פּנים אויסגעגלייטערט, פאַרשווונדן זיינען די קנייטשן, אַראָפּ איז די שאַרפקייט, ער האָט באַקומען דעם פריערדיקן, רואיק־

פּאַרטראַכטן אויסזען, און אויפהייבנדיק די שטאָל־גרויע אויגן האָט ער זיך צעשמייכלט:

— זעץ זיך! — האָט ער אויסגערופן צו מיישקען, אָנווייזנדיק אָנטקעגן אויפן שטול. — די ערשטע באַקאַנטשאַפט האָב איך מיט דיר געשלאָסן, ווען איך האָב געקראָגן די צוויי בייגעלעך פּאַפּיר. קינדער זייט איר נאָך, יאַטלעך. ווי טראָגט מען זיך דאָס אַרום אין אַזעלכע צייטן מיט בריוו פון פּאַרטיזאַנער־קאָמאַנדירן, מיט רשימות פון חברים? איר זייט דאָך נאַיוו און אומפּאַראַנטוואָרטלעך, און זאָגן זאָגט איר, אַז איר זייט געקומען ראַטעווען יידן, אַרויספירן זיי אין די וועלדער.

— ניטאָ פאַר יידן קיין אַנדער ברירה ווי זיך צו ראַטעווען — האָט אָפּגעענטפערט מיישקע — מען דאַרף אַרויסגיין אין די וועלדער און קעמפן קעגן דייטש.

— בינסט געקומען אין געטאָ ראַטעווען יידן, אַרויספירן זיי אין די וועלדער. נישט שלעכט, גוט. וויפל יידן קענסטו אַרויספירן? הונדערט? דריי? פינף? פינפהונדערט יידן אַנטקעגן צוואַנציק טויזנט. אויב ס'וועט קומען צו אַן ענטגילטיקער געטאָ־ליקווידאַציע, וועל איך פון דעם וויסן. איך וועל מעלדן די געטאָ: יידן, אַנטלויפט, ראַטעוועט זיך; וועלן אויך אַנטלויפן, גלויב איך, ניט ווינציקער ווי פינף הונדערט יידן און אפשר נאָך מער.

— ווו וועלן זיי לויפן?

— יאָ, דו מיינסט, אַז ס'וועט זיין אַ באַזע ווו צו לויפן. ניט שלעכט. צוליב פינפהונדערט יידן, אָבער וועל איך ניט ריזיקירן מיט די צוואַנציק טויזנט. די געטאָ איז ביי מיר נישט קיין אָביעקט פאַר אייערע קינדערישע אַספּיראַציעס, די געטאָ איז אַ וועלט פאַר זיך, אַ גאַר אַנדער וועלט. די געטאָ איז אַ טויטן־קאַמער, ווו ס'זיינען פאַרשפּאַרט מענער, פרויען און קליינע קינדער, דער טויט־אורטייל איז אַרויסגעטראָגן, ער איז אָבער נאָך ניט אויסגעפירט און זיין באַשטימטע צייט ווייס קיינער ניט. אַ די אַ צייט וויל איך אָפּשטופּן, אָפּשטופּן מיט אַלע מיינע מעגלעכקייטן, מיט אַלע מיינע כוחות, אויף וויפל נאָר עס וועט זיך לאָזן. מעג זיך אַפילו האַנדלען אין טויזנטער קרבנות. איך וועל זיך אייך אַנטקעגנשטעלן, איך וועל ניט דערלאָזן צו אַ פריצייטיקער געטאָ־ליקווידאַציע. ווער פון אייך נעמט זיך דאָס רעכט צו דערנענטערן דעם טאָג פון דער געטאָ־ליקווידאַציע? ווער פון אייך נעמט זיך דאָס די רעכט צו פאַרקירצן די טעג און שעהן פון קינדער און פרויען, וואָס לעבן נאָך אין געטאָ? אויב איז די קינדער אין געטאָ באַשערט צו לעבן נאָך אַ טאָג, נאָך אַ שעה, וועל איך פאַר די שעה זייערע קעמפן, זיך אַנטקעגנשטעלן. איך בין ניט באַוואָפנט מיט קיין אידעאַלן פונקט ווי איר, איך בין ניט באַוואָפנט מיט קיין כבוד־באַגריפן און ווידערשטאַנדן, פונקט ווי אַנדערע — איך האָב בכלל ניט קיין שום געווער אין קאַמף קעגן די דייטשן. איך האָב ניט קיין שום זייטיקע, אָדער דירעקטע הילף. דאָס איינציקע, וואָס איך פאַרמאָג, מיין איינציק געווער — דאָס איז די צייט. די צייט וויל איך געווינען, וויל איך אָפּהיטן,

דורך אַרבעט, דורך אַרבעט פון געזונטע מענער, אַ דאַנק וועלכע עס עקזיסטירט די געטאָ. איך האַלט די געטאָ דורך די, וועלכע איר ווילט אַוועקנעמען. גאָרניט וועלן די דייטשן האַלטן אַ געטאָ פון פרויען און קינדער, אַפילו קיין איין איבעריקן טאָג וועלן זיי זיי קיין עסן ניט געבן. איך וועל אייך דעם פונדאַמענט פון געטאָ ניט לאָזן צעטרייסלען, יעצט — אין מאָמענט ווען די מיליטעריש־פּאָליטישע לאַגע האָט זיך געביטן, ווען די דייטשן לויפן אויף אַלע רוסישע פראָנטן, ווען ראָמעל לויפט פון אַפריקע, ווען אין איטאַליע איז אַן איבערקערעניש. ווער קען דען וויסן, וואָס ס׳וועט זיין מאָרגן; וואָס ס׳קען געשען אין אוונט, איבערנאַכט?! וואַרפט אַוועק אייערע פאַנטאַזיעס, וואַרפט אַוועק אייערע העלדישקייטן, זיי זיינען דאָ איבעריק. איך ווייס דאָס אויף מיין אייגענער הויט. די ליטווישע אָפיצערן, אַלטע חברים מיינע, ווען איך פרעג זיי, ווי אַזוי מען קען שיסן אויף פרויען און קינדער, אויף אומבאַוואָפנטע מענער. דיר וועלן מיר ניט שיסן, זאָגן זיי, דיר וועט גאָרנישט געשען, דיר וועלן מיר פאַרהיטן, דו בינסט ניט קיין ייד, פאַר אונדז בינסטו אַ ליטווינער. איך דאַרף אָבער גאָרנישט, איך וויל גאָרנישט, איך וויל פון געטאָ זאָלן אַרויס אַ ביסל, איך ווייס ניט וויפל, נאָר אַלנפאַלס איז מיין האָפענונג אויף מער וויפל איר טראַכט, אויף מער וויפל איר שטעלט זיך פאָר.

אַ לאַנגע צייט איז מיישקע געשטאַנען און ניט געקאָנט אַרויסברענגען אַ וואָרט. מעכאַניש האָט ער אויסגעדרייט די אויגן פון געגנסן צו דעסלערן, וועמענס קיילעכדיקע גראָבע פינגער האָבן אומאויפהערלעך, אין ריטם, געקלאַפּט איבערן מאַס׳יוון טיש, צעטראָגנדיק אַרום אַן אומהיימלעך רייצנדיקן קלאַנג.

— געגנס איז אַן אַלטער קעמפער — האָט זיך אָפּגערופן דעסלער, אָננעמענדיק מיטביידע הענט דעם אָנלען פון פאָטעל. — מיר וואָלטן שוין לאַנג אַרויס אין די וועלדער, מיר קאָנען אָבער ניט גיין, מיר קענען די געטאָ ניט איבערלאָזן אויף הפקר. מיר טראָגן אויף זיך אַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט. און ווייל די גאַנצע געטאָ קענט איר אין וואַלד ניט נעמען, מוזן מיר דאָ זיצן, ביז איר אומקום, — אָדער ביז איר באַפרייאונג.

מיישקע איז געשטאַנען הילפלאָז, פאַרטאַמט. ס׳איז אים געווען זיך שווער צו קאָנצענטרירן מיט די געדאַנקען, — ס׳איז אים געווען שווער זיך פונאַנדער־צוקלייבן צווישן געראַם ליכטיקן יודן־ראַט צימער מיט זיינע צוויי האַרטנעקיקע פירער, און דער ביטערער געטאָ־ווירקלעכקייט.

אַ פאַרבלענדטער האָט ער געקוקט אויף דעם לייכטנדיקן אַבאַזשור, וועלכער האָט געהאַלטן אין שאָטן די געטאָ־אָנפירער, פונקט ווי שוואַרצע פלעקן וואָלטן זיך אים געלייגט אויף די געדאַנקען.

מיט אַ פאַרביסענעם ווייטיק האָט ער באַטראַכט דאָס אַרויסרופעריש טעמפּ־ברוטאַלע געזיכט פון דעסלערן, דעם אָנגעבלאָזענעם פּנים זיינעם מיט דעם כיטרען איראָנישן שמייכל. ער איז געשטאַנען פאַרלאָרן, הילפלאָז, אַנטוואָפנט,

ניט ווינסדיק, וואָס צו זאָגן די צוויי אָפּגעטער, וועלכע זיינען ווי אויסגעהאַקטע שטיינערנע סטאַטועס געזעסן אַנטקעגן אים אין זייערע ווייכע פאָטעלן.

שאַטנס האָבן אָנגעהויבן שוועבן איבערן צימער, בייגאַכטיקע שאָטנס. שאָטנס אין וואלד־געדיכטעניש, שאָטנס, וועלכע בוימער מיט אַרויסגעשטאַרצטע שפּיציקע צווייגן גייען אַנטקעגן, שטעכן, שניידן, רייסן שטיקער פון די מלבושים, פון געזיכט, פון די אָפּגעדעקטע קערפּער־טיילן. הענט פאַרבלוטיקטע פאַרגלעטן דעם ווייטיק פון צעדראַפּעטן פּנים, ניט דערגעסן, ניט דערשלאָפן, מיט פאַרבלוטיקטע פּיס, באַוועגן זיך די שאָטנס איבער דער גהינומדיקער ערד, ווו פון אונטער יעדן שפּאַן לויערט דער טויט. איינגעבויגן, האַלב־מענטש האַלב־חיה, באַוועגן זיך די שאָטנס אונטער בוימער־שטאַמען, צווישן וועלכע עס בערגלען זיך האַלב־איינגעוואַקסן אין דער ערד פאַרטיזאַנער היילן. דאָ ווױנט מען, דאָ לעבט מען, דאָ שלאָפט מען אין נעכט, וואָס זיינען פאַרכמאַרעט פון קאָמאַרעס, וועלכע קומען פון די אַרומיקע בלאָטעס, זשומען, שטעכן, דרייען זיך, רייסן שטיקער און לאָזן ניט לעבן — פונקט ווי דער אָקופּאַנט אַרום. פון דאַנען גייט מען אויף דיווערסיע, און וויפל מאָל עס פּאַסירט, אַז מען קערט זיך שוין צוריק ניט אום.

וואָס וועלן זאָגן די חברים, די פאַרטיזאַנער־קאָמאַנדירן? פּאַטערסט אומזיסט צייט, דרייסט זיך סתם אַרום, אין דער צייט, ווען מיר גייען אין פייער. און סעדיאַקין — דער ברייטפּלייציקער סעדיאַקין, וואָס וועט ער טראַכטן: ווי לייכטזיניק און נאַריש ער האָט זיך דאָס געלאָזט פאַרפירן פון אַ יאַטל, דעם קאָפּ זיך פאַרדרייט, מיט יידן זיך גאַר פאַרנעמען, בריוו זיי שרייבן... ווער עס וויל אין וואַלד גיין — געפינט שוין דעם וועג, דערשלאָגט זיך שוין אַליין.

און דאָ איז נאָך שיקע געקומען פון מאַרקאָוון, און מאַרקאָוו האָט איינגעשטימט ער זאָל גיין אין ווילנע און ברענגען די סווענציאַנער שילער זיינע — וואָס וועט ער זאָגן מאַרקאָוון? וואָס וועט ער אים דערציילן, אַז יידן, יידן אַליין געשלאָגענע, יידן אַליין געדרודפּטע לאָזן ניט אַרויס אַנדערע יידן קעגנצושטעלן. און מיט האַס און ווייטיק האָט ער זיך געווענדעט צו די צוויי אויסגעהאַקטע פאַרגליווערטע סטאַטועס:

— גאָרניט וועלן די דייטשן לאָזן אַ געטאָ, אַלעמען וועלן זיי פאַרניכטן, פּונקט אַזוי ווי זיי האָבן פאַרניכטעט אַלע אַרומיקע געטאָס אין די שטעטלעך, פּונקט ווי זיי האָבן פאַרניכטעט די וואַרשעווער געטאָ, אַזוי וועלן זיי פאַרניכטן די ווילנער געטאָ, אַלעמען וועלן זיי אומברענגען מיט אייך אין איינעם! איר רעדט זיך נאָר איין, איר נאַרט זיך נאָר אַליין אָפּ! אַוודאי זיינען אייערע טענות גערעכטע, אַוודאי פאַרמאָגן זיי אין זיך געוויסן, ס׳איז אָבער ניט מער ווי אילוזיעס, פּוסטע אָפּנאַרערישע, ניט דערגרייכבאַרע האָפענונגען, גוטע חלומות. איך ווייס, אַז איך וועל אייך ניט איבערצייגן, איך ווייס, אַז די גאַנצע געטאָ איז שווער צו העלפן, איך ווייס אַז ס׳איז אַ פאַרברעכן צו נעמען מיט אייגענע הענט און אַריינ־

וואָרפֿן אין פֿייער די, וועלכע ס'איז נאָך באַשערט צו לעבן, אַפֿילו נאָך אַ טאָג, נאָך אַ שעה. לאָזט אָבער אַרויס די טייל, וואָס וויל און רייסט זיך פֿון געטאָ. אויב קענען ניט אַלע — לאָזט כאָטש אַרויס אַ טייל, לאָזט אַרויס, אַז מען זאָל ניט זאָגן, אַז קיינער איז ניט געגאַנגען, אַז קיינער האָט זיך ניט קעגנגעשטעלט, אַז קיינער האָט זיך ניט געפּרוּווט ווערן, נאָר געוואַרט אין געטאָ ביז דער לעצטער שעה, ביז דער לעצטער מינוט. וואָס זאָל איך זאָגן די רוסישע פּאַרטיזאַנער קאָמאַנדירן, די יידישע פּאַרטיזאַנער? לאָזט אַרויס, אַז אַ טייל זאָל כאָטש קעמפֿן, מען זאָל ניט זאָגן, אַז קיינער איז ניט געגאַנגען און קיינער האָט ניט געקעמפֿט. די וואָס וועלן אַרויס, וועלן מיט גאָרניט שטערן אייער ביישפּיללאָזן, פֿאַרצווייפֿלטן, אפשר גאָר קיינמאָל ניט פֿאַרגעקומענעם גערעאַנגל אין דער געשיכטע. גאָרניט וועט עס אייך, אָדער די געטאָ שטערן. עפּנט פֿאַר זיך אַ וועג, פֿאַרהאַקט ניט הינטער זיך אַלע טירן. איר, אַ מיליטער־מאַן, דאַרפֿט וויסן, אַז אין יעדן אָנגריף דאַרף מען לאָזן אַ וועג אויף צוריק, אויב מען וויל ניט פֿאַרציען די שטריקל מיט די אייגענע הענט אַרום האַלדז. זייט ניט פֿאַנאַטיש איינגעשפּאַרט און ענג־אויסגערעכנט. קריכט ניט אין אַ זומפּ, פֿון וועלכן מען קען אַמאָל ניט אַרויס, העלפֿט די יידישע פּאַרטיזאַנער. לאָזט אַרויס אַ ייד פֿון געטאָ, ער זאָל קענען מיט געווער טרעטן אויף דער פֿאַרשאָלטן פֿאַרבלוטיקטער ערד, ער זאָל קענען נקמה נעמען. זאָל מען ניט זאָגן, אַז מען איז געזעסן מיט פֿאַרלייגטע הענט און געוואַרט אויפֿן טויט.

די צוויי געשטאַלטן זיינען דאַכט זיך ווי פֿאַרשטיינט געוואָרן. טיף פֿאַרזונקען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ זיינען זיי געזעסן אין שאָטן מיט פֿאַרגליווערטע פּנימער, ווי אין אַנדער וועלט.

דער ערשטער האָט זיך פֿון אָרט אַ הויב געטאָן גענס:

— גוט, — האָט ער אויסגערופֿן — איך לאָז דיך אַרויס, איך לאָז דיך פֿריי! גיי! גיי, און מאָרגן אין דער פֿרי זאָלסטו שוין ניט זיין אין געטאָ. גיי דורכן געטאָ־טויער, איך וועל אָנזאָגן לעוואַסן ער זאָל דיך אַרויסלאָזן.

*

אַ גאַנצע נאַכט איז מיישקע אַרומגעגאַנגען איבער דער געטאָ, צונויפֿגענומען די חברים, אַלע באַקאַנטע, מיט וועמען ער האָט זיך געגרייט צו גיין אין וואַלד. טעוויקע ברומבערג, באָמקען, באַיאַרסקי, דער דניעפּרפּעטראָווסקער פּאָליציאַנט, שיקע מיט ישראלקע וואָלפּסאָן און מיישע־יודקע רודניצקי, אַפֿילו שליימקע יחילטשיקס חבר, רוווקע פֿייגעל, יודקע שפּיראָ, און נאָך עטלעכע, וועלכע זיינען געזעסן אַרעסטירטע אויף לידסקע, געכאַפּטע פֿאַר שמוגלען געווער.

אין דער פֿרי איז די גאַנצע גרופּע געשטאַנען ביים געטאָ־טויער, און

לעוואַס, דער לייטער פון טאַר־וואַך, האָט זיי געעפנט דעם טויער, באַגלייטנדיק מיישקען מיט אַ שמייכל, האָט ער אים דערלאַנגט אַ פּאָר פעקלעך פּאַפּיראָסן.
— נאַ, האָב ניט קיין פאַריבל, זאָלן דיינע פּאַרטיזאַנער רייכערן.

## ביי מאַרקאָוון

טיף אין די נאַראָטשער בלאָטעס און וואַלד־געדיכטעניש, זיינען צעוואָרפן פּאַרטיזאַנער־לאַגערן. אין איינעם אַזאַ לאַגער, פאַר אַ ביידל, אונטער בוימער, פאַרוואַקסן מיט קוסטעס און געדיכטע וואַלד־גראָז, זיינען געזעסן פּאַרטיזאַנער. זיי זיינען געזעסן און געשוויגן. מען האָט געזען, אַז זייערע פּנימער זיינען געווען פאַרזאָרגט און קאָנצענטרירט צו איין ציל. ערב דער באַגעגעניש מיטן בריגאַדע־קאָמאַנדיר. יאָ, ס'איז ניט אַ באַפאָרשטייענדיקע פּאַרטיע בילארד, אָדער אַ פּרעפערענס — נאָר דאָס גאַנצע לעבן דיינס שטייט דאָ אין קאָן. און דעם מענטש האָסטו דאָ געזען ניט אין ברען פון אַקציע, ניט אין איבערמענטשלעכער פיזישער אָנשטרענגונג, ניט אין זיין חיה'שער צערייצטקייט, נאָר דווקא אין זיין זיצן, אין זיין שווייגן, אין זיין גאָרנישט טאָן.

פון צייט צו צייט פלעגט די שטילקייט איבעררייסן דער אַדיוטאַנט, וואָס איז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג פון דער פּאַלאַטקע, אויסרופנדיק ווער עס זאָל אַריין אין דער פּאַלאַטקע, ווו ס'האָט זיך געפונען דער בריגאַדע־קאָמאַנדיר.

אין דער פּאַלאַטקע, ווו דער בריגאַדע־קאָמאַנדיר, פיאָדר גריגאָריעוויטש מאַרקאָוו האָט געוווינט, האָט זיך געפונען דער שטאַב. זי איז געווען אַ סך ברייטער און גרעסער, ווי די איבעריקע פּאַלאַטקעס.

אין מיטן פון דער פּאַלאַטקע איז געשטאַנען אַ טיש און אַ פאַרויכערטער נאַפט־לאָמפּ איז געהאָנגען איבער אים. פון איין זייט טיש זיינען געשטאַנען עטלעכע בענקלעך, פון אַנדער זייט — אַ לאַנגער באַנק. אין אַ זייט, לעבן די ווענט, זיינען געשטאַנען פאַרדעקטע מיט פערדישע הונקעס, צוויי אייזערנע בעטלעך, און לעבן זיי, אָנגעשפּאַרט צו דער וואַנט, זיינען געשטאַנען אַווטאָמאַטן מיט דיסקן. אין ווינקל ביים אַריינגאַנג, אויף אַ הילצערנעם בענקל, איז געשטאַנען אַ דייזשע וואַסער מיט אַ בלעכערנעם קוואָרט, און אין זייט ביי דער ערד האָבן זיך געוואַלגערט עטלעכע זאָטלען, רימענס און שלייעס.

אינעווייניק, אין ביידל, זיינען די גאַנצע ווענט געווען אויסגעבעט מיט ווייסן

זייד פון פאַראַשוטן, אַזוי אַז אינעווייניק איז מאַרקאָווס פּאַלאַטקע געווען אַ סך ליכטיקער, ווי אין די געוויינלעכע פאַרוועלקטע טונקל־גרינע פּאַרטיזאַנער ביידלעך.

אויף אַ בענקל לעבן טיש, איבער אַ מאַפּע, איז געזעסן מאַרקאָוו און אַנט־קעגן אים זיין שטאַב־שעף — קריסאָוו. מאַרקאָוו איז אַ סוועטנציאַנער. אין דער צייט, ווען סוועטנציאַן האָט זיך געפונען אונטער דער פּוילישער מאַכט, איז מאַרקאָוו געווען אַ לערער. די לעצטע יאָרן פון פּוילנס מאַכט האָט ער געלערנט אין דער סוועטנציאַנער יידישער שול פּוילישע ליטעראַטור און געשיכטע. שפּעטער, אַז ס'זיינען געקומען די סאָוויעטן, איז ער געוואָרן אַ דעפּוטאַט אין העכסטן סאָוויעט און פאָרזיצער פון סוועטנציאַנער שטאַט־ראַט. איידער די דייטשן זיינען אָנגעפאַלן אויף ראַטנפאַרבאַנד איז ער געוואָרן פאָרזיצער פון אַלט־ווילייקער געביט, און אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט ער אָרגאַניזירט דעם פּאַרטיזאַנער־קאַמף אין זיין געגנט.

ווען צו אים אין וואַלד זיינען געקומען זיינע אַמאָליקע יידישע שילער, האָט ער זיך מיט זיי געגרויסט פאַר די אַרומיקע קאָמאַנדירן.

ווען שיקע און מיישקע, וועלכע זיינען נאָר וואָס געקומען פון ווילנע, זיינען אַריין צו אים אין ביידל, האָט ער זיי אויפגענומען מיט אַ שמייכל. גאָר ניט מילי־טעריש האָט שיקע אויסגעשטרעקט די האַנט צו אים און צו זיין שעף, און זיך מיט זיי באַגריסט.

— מיר קומען פון ווילנע, חבר קאָמבריג, און מיר האָבן געבראַכט אַ גרופּע.

— אַזוי שנעל — האָט זיך פאַרוווּנדערט מאַרקאָוו.

— אַהין און אַ האַלבן וועג צוריק זיינען מיר געפאָרן מיט דער באַן ווי באַן־באַאַמטע, — האָט זיך שיקע אַרויסגעלייגט מיט זיין באַן־לענטע אויפן טיש.

— וואָס דערציילסטו פון ווילנע ? — האָט מאַרקאָוו געפרעגט.

שיקע האָט זיך פאַר מאַרקאָוון צערעדט מיט זיין גאַנצן טעמפּעראַמענט. די דריי קרייצן אויף די קרייץ־בערג זיינען זיך ביי אים צעוואַקסן ווי דריי טעטיקע ווולקאַנען, וואָס קענען יעדע רגע אויסברעכן און אָפּווישן די דייטשע מאַכט.

אין ווילנע איז דאָ אַ ליטווישע, פּוילישע און יידישע אונטערגרונט־באַוועג־גונג. זיי זיינען אַלע פאַראייניקט און קאָאָרדינירן געמיינזאַם זייער טעטיקייט. איין פונק פון אַ שוועבעלע און די גאַנצע שטאָט גייט אַוועק מיט פייער און רויך. און ווי אַ באַשטעטיקונג אויף זיינע רייד, האָט שיקע אַרויסגענומען פון קעשענע אַ קליין שטיקל פּאַפּיר און עס פונאַנדערגעלייגט פאַר מאַרקאָן אויפן טיש. מאַרקאָוו קוקט אויפן צעטל און גלייבט זיך ניט די אייגענע אויגן:

„שטאַנדאַר וואָלנאָסצי״

(די פאָן פון פרייהייט)

אַ פלוג־בלעטל אין פּויליש, אַרויסגעגעבן לכבוד דעם ערשטן מאַי. אַן

אויפרוף צו דער ווילנער באַפעלקערונג, אַ רוף צום קאַמף קעגן דייטשן אונטער־דריקער.

מאַרקאָוו איז פאַרכאַפּט. צו אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע איז ער נאָך אַליין ניט דער־גאַנגען. גאַנץ אַלט־ווילייקער געגנט צוזאַמען מיט גרויסע טיילן פון ווילנער קאַנט געפינען זיך אונטער זיין קאָנטראָל. זיינע פּאַרטיזאַנער האָבן באַהערשט גאַנצע געגנטן, דערפער, כוטאָרעס, און פּריצישע הייפן. בלויז אין די גרעסערע שטעט און וויכטיקע פאַרקער־פּונקטן האָבן זיך די דייטשן פאַרפעסטיקט צוזאַמען מיט זייערע קאָלאַבאָראַנטן. אַרום און אַרום האָבן זיך מאַרקאָווס געביטן געגרע־נעצט מיט אַנדערע פּאַרטיזאַנער־איינהייטן. די מערבדיקע זייט אָבער, וויטער פון פּאָדבראָדז, אין דער ריכטונג צו ווילנע, איז די געגנט געבליבן אַ פרייע. דאָ איז פאַר קיין פּאַרטיזאַנער־באַזעס קיין אָרט ניט געווען. צוליב דער פיינטלעך קעגנערישער שטעלונג פון דער ליטווישער באַפעלקערונג.

אַפילו די ליטווישע פּאַרטיזאַנער־איינהייט, וועמענס טעטיקייט עס איז געווען באַשטימט אין די ליטווישע געביטן, האָט זיך געפונען אין זיינע, אין מאַרקאָוו, פּאַרטיזאַנער־זאָנע.

אָט די ניט דעראָבערטע, פרייע, קעגנערישע זייט, האָט מאַרקאָוון גערייצט:

— זעסט, קריסאָוו, — האָט מאַרקאָוו אויסגערופן צו זיין שעף, אונטער־טראָגנדיק אים דאָס פלוג־בלעטל, — נאָ לייען!

קריסאָוו, וועלכער איז די גאַנצע צייט געזעסן קאַלט, האָט געקוקט ווי אַ האָן אין בני־אָדם אין צעטל. נאָר אַזוי ווי פּויליש איז אים ניט געווען באַקאַנט, האָט ער שוין די זאַך אַנגעקוקט אַנדערש און זיין מינע איז געוואָרן אַ ביסל ווייכער.

— איך מוז זיך פאַרבינדן מיט ווילנע! — האָט מאַרקאָוו אויסגערופן, — אייגנטלעך, ווי אַזוי האָט איר געקראָגן מיט דער שטאָט דעם קאָנטאַקט?

— דורך דער אונטערגרונט־באַוועגונג פון ווילנער געטאָ, — האָט אים שיקע געענטפערט.

— צי קען איך אַריין אין געטאָ? — האָט מאַרקאָוו אויסגערופן.

— וואָס רעדט איר, חבר קאָמבריג? — האָט זיך קריסאָוו אַ כאַפּ געטאָן — איר וועט גיין אין ווילנע?

— פאַרוואָס ניט? — האָט אים מאַרקאָוו געענטפערט.

— און מיט וועמען וועט איר איבערלאָזן די בריגאַדע? זאָלן זיי אַליין גיין, מען קען זיך אויף זיי פאַרלאָזן.

מאַרקאָוו איז געבליבן זיצן אַ ווײַלע פאַרטראַכט און צום סוף אויסגערופן:

— גוט, זאָלן זיי גיין אַליין, איך וועל זיי געבן אַ בריוו און זאָלן זיי ברענגען פון דער שטאָט אַ פאָרשטייער פון דער שטאָטישער אונטערגרונט־באַוועגונג, און די יונגע יידן זאָלן זיי מיט געווער אַרויספירן אין וואַלד. וואָס זיצן זיי אין געטאָ? מען וועט זיי דאָך סיי ווי סיי אַלעמען אויסהרגענען.

אין פּאַלאַטקע איז אַרײַן דער אַדיוטאַנט און געמאַלדן, אַז יורגיס, דער קאָמיסאַר פון דער ליטווישער בריגאַדע, וויל זיך זען מיט מאַרקאָוון.

— זאָל ער אַרײַן! — האָט אויסגערופן מאַרקאָוו.

אַנגעטאָן ווי אַ קאָמיסאַר, פעסט געבויט און מיט אַ קלאָרן געזיכט, ברייטע וואָנצעס און אַ סטאַלינוווקע אויפן קאָפּ, איז יורגיס אַרײַן אין פּאַלאַטקע, באַגרי־סנדיק מאַרקאָוון און נאָך דעם זײַן שעף, און צום סוף אויך שיקען מיט מײַשקען.

— ביטע — האָט מאַרקאָוו זיך אויפגעשטעלט באַגריסנדיק יורגיסן — זיצט!

אַרויסגענומען אַ זעקעלע מיט טאַבאַק, האָט יורגיס פאַרגעלייגט מאַרקאָוון אַ פּאַפּיראָס, און אַליין פאַרדרייענדיק אַ ציגאַר, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— איך האָב זיך דערוווּסט, אַז ביי אײַך געפינען זיך צוויי פּאַרטיזאַנער, וועלכע זײַנען יעצט מיט אַ גרופּע געקומען פון ווילנע. אַזוי ווי איך ווייס, אַז זיי זײַנען ליטווישע בירגער, וואָלט איך וועלן איר זאָלט דערלויבן איבערצופירן זיי אין דער ליטווישער בריגאַדע.

— אָט זײַנען זיי! — האָט אויסגערופן מאַרקאָוו.

— נו וואָס, חברה, — האָט זיך יורגיס אויסגעדרייט צו שיקען מיט מײַש־קען — איר האָט חשק אַרײַנצוגיין אין מײַן בריגאַדע?

— מיר געהערן צו מאַרקאָוון — האָט אים שיקע געענטפערט — ווי מאַרקאָוו וועט באַשליסן אַזוי וועט זײַן.

— איך האָב זיי געגעבן אויסצופירן אַן אויפגאַבע און וויל מײַן באַפעל ניט צוריקציען. נאָך דעם ווי זיי וועלן זיך אומקערן צוריק, בין איך גרייט איבער־צושיקן זיי אין אײַער בריגאַדע, — האָט מאַרקאָוו זיך געווענדעט צו יורגיסן.

אַ ביסל אַ באַליידיקטער האָט זיך יורגיס אויפגעהויבן, זיך אַנטשולדיקט און אַרויס.

— איך גיב אײַך אַ טאָג צייט זיך אויסצורוען, — האָט אויסגערופן מאַרקאָוו — מאָרגן פאַרנאַכט גייט איר צוריק אין ווילנע. פאַר דורכפירן די אויפגאַבע קריגט איר פון מיר צוויי אַווטאָמאַטן און מלוכישע אָרדנס.

## צוריק אין ווילנע

פאַרנאַכט זײַנען שיקע, מײַשקע און חייקע אַרויס פון וואַלד. אויסגערוטע נאָך אַ גאַנצן טאָג ליגן, זײַנען זיי שנעל אָנגעקומען צו דער אָשמיאַנקע.

פון ווייטן, אויף יענער זייט טײַך, האָבן זיי געזען ווי אײַנציקווייז לעשן זיך

רי פייערן פון די אַרומיקע דערפער, און איידער זיי האָבן אָפּגעפונען אַ קלאָטקע אַריבערצוגיין דעם טייך, איז שוין אַרום געווען שטאָק פינצטער.

פאַרבלאָטיקט, אויסגעמאָטערט און נאַס, זיינען זיי אָנגעקומען צו אַ ראַנד פון אַ דאָרף. לאַנג האָבן זיי זיך צוגעהערט צו דער נאַכטיקער רו און צום סוף אַריין אין דאָרף. נידעריקע דאָרפישע הייזער שלענגלען זיך באַרג אַרויף. פאַרביי אַ שטוב, זיינען זיי אַריין אין אַ הויף.

רייסנדיק זיך פון אַ קייט האָט זיך צעבילט אַ הונט. זיי זיינען אַרויף אויף אַ גאַניק און אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר.

אַ פּויערטע, איינגעוויקלט אין אַ פאַטשיילע האָט אויפמאַכנדיק די טיר אויסגערופן:

— צעשעק ?!

— ניין, ס'איז נישט צעשעק — האָט איר שיקע געענטפערט.

— אָ באָזשע, ווער זייט איר ?

— מיר זיינען אייגענע, באַלעבאָסטעשי, שרעק זיך ניט, דאַרפסט ניט מורא האָבן. מיר ווילן זיך נאָר אָפּרוען און איבערכאַפּן מיט וואָס דאָס האַרץ.

— און איך האָב געמיינט, אַז ס'איז מיין מאַן. ער איז אַוועקגעפאָרן אין מיל און נאָך ניט צוריקגעקומען. אָ, מען פאָרט! דאָס איז אַוודאי ער!

אין הויף איז אַריינגעפאָרן אַ פור, און אַ נידעריקער פויער, איבערלאָזנדיק די פור, איז אַרויף אויפן גאַניק.

— ווער זיינען זיי? — האָט ער געפרעגט דאָס ווייב, דערזעענדיק אויפן גאַניק די דריי שאָטנס.

— מען האָט אונדז געוואָלט נעמען אין דייטשלאַנד אויף אַרבעט, זיינען מיר אַנטלאָפן. מיר ווילן זיך נאָר אָפּרוען און אָפּעסן — האָט אים שיקע געענטפערט.

— גייט אַריין אין שטוב, איך שפּאַן נאָר אויס דעם פערד און קום באַלד אַריין.

ביי צעשעקן אין שטוב שרייט די אָרעמקייט אַרויס פון יעדן ווינקל, און אַז ס'איז שוין געקומען צום עסן האָט ער אין גאַנצן געהאַט אַ שיסעלע מילך, און די ברויט האָט ער געדאַרפט לויפן לייעןביים שכן.

— אַזוי שפּעט דאַרף מען ניט — זאָגט מיישקע — אַלע שלאָפן דאָך שוין. און וויי‎טער דאַרפן מיר זיך היטן.

צעשעק האָט זיך באַליידיקט.

— וואָס הייסט, פאַר מיין שכן דאַרפט איר ניט מורא האָבן, און די ברויט וועל איך אים מאָרגן אָפּגעבן. איך האָב צעמאָלן אין מיל אַ גאַנצן זעקל מיט קאָרן.

אויפגעגעסן די ברויט און פאַרטרונקען די מילך, האָט זיך שיקע אַ הייב געטאָן און געוואָלט גיין, נאָר מיישקע האָט אים איינגעהאַלטן.

— וויפל קילאָמעטער איז פון דאַנען ביז ווילנע ? — האָט ער געפרעגט צעשעקן

— פינף און צוואַנציק.

— זיינען דאָ דאָ אַרום דייטשע אָדער ליטווישע גאַרניזאָנען ?

— אין וואָראָניאַן.

— צי קומען זיי אַמאָל צו אייך אין דאָרף ?

— היינט בייטאָג איז דאָ דורכגעפאָרן אַ פּאָליציי־פּאַטראָל.

— וווּ זיינען זיי געפאָרן ?

— איך ווייס ניט.

— ווי איך זע בינסטו ניט קיין גרויסער גביר, וויפל ערד פאַרמאָגסטו ?

— אין גאַנצן האָב איך אַ העקטאַר ערד ; אַ בהמה און אַ פערד.

— איז ווי קומסטו אויס ?

— די מלוכישע וועלדער זיינען יעצט פאַרלאָזט, קלאַפּ איך אָן האָלץ, קלייב אָן יאַגדעס, שוועמלעך, און פיר דאָס פאַרקויפן אין שטאָט.

— ווו, אין וואָראָניאַן ?

— ניין, אין ווילנע.

— הער, צעשעק, מיר זיינען פּאַרטיזאַנער, און מיר דאַרפן וויסן וואָס ס'הערט זיך אין ווילנע.

— איר זייט פּאַרטיזאַנער ? — איז צעשעק געבליבן זיצן אַ פאַרוווּנדערטער — איר האָט דאָך פריער געזאָגט, אַז איר זייט אַנטלאָפן פון דער היים, ווייל מען האָט אייך געוואָלט נעמען אין דייטשלאַנד אויף אַרבעט ?

— פאַרוואָס גלייבסטו אונדז ניט ?

— הע, הע, איר זייט פּאַרטיזאַנער ? ווּעמען, וועמען, נאָר מיר וועט איר ניט איינריידן. איר ווייסט וואָס מען דערציילט זיך דאָ אָן וועגן פּאַרטיזאַנער ? ראַז־באָיניקעס, באַנדיטן, באָזשע פאַמילוי, ראַבעווען און הרגענען. איר זייט פּאַרטי־זאַנער ? איר מאָנט דאָך גאָר עסן ווי די זשעבראַקעס.

מיישקע האָט אַריינגעלייגט די האַנט אין קעשענע און אַרויסגענומען צען דייטשע מאַרק און דערלאַנגט צעשעקן.

— נאַ, נעם, אָט האָסטו פאַרן עסן.

צעשעק פינטלט מיט די אויגן און ווייס גאָר ניט אויף וועלכער וועלט ער איז.

— א, איר באַליידיקט מיך גאָר אין גאַנצן. איך וועל ביי אייך קיין געלט ניט נעמען, און ווייטער איז דאָך גאָר דער עסן אַזוי פיל ניט ווערט.

— נעם, נעם ! אַזאַ איינער וואָס האָט איין העקטאַר ערד מעג נעמען.

מיט אַ גלייכגילטיקע מינע האָט צעשעק צונויפגעדרייט דעם צען מאַרקע־דיקן באַנקנאָט און אים באַהאַלטן אין בוזעם־קעשענע.

— נו, יעצט ווייסטו שוין ווער מיר זיינען ?

— ניין, איך ווייס ניט.

— דו ווייסט וואָס פּאַרטיזאַנער טוען אין זייערע געביטן? זיי נעמען צו די קי ביי די רייכע פּריצים און גיבן עס אַוועק די אָרעמע פּויערים.

— אַ קליינער אומגליק — האָט צעשעק צוגעשטימט.

— זעסט, צעשעק, מיר זיינען פּאַרטיזאַנער, — האָט שיקע אַרויסגענומען זיין פּאַראַבעלום. — דערצייל וואָס הערט זיך אין ווילנע.

צעשעק קוקט אויפן פּאַראַבעלום און רעדט:

— איך האָב געהערט, אַז מען אַרעסטירט דאָרט אַ סך מענטשן. אַ סך פּאָליאַקן אַנטלויפן פון שטאָט, זיי האָבן מורא פאַר די ליטווינער מיט די דייטשן.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס?

— וואָס הייסט, אַלע ריידן.

— דו אַליין בינסט געווען אין ווילנע?

— מיט צוויי וואָכן צוריק.

— ווי בינסטו —אַריבערגעפאָרן דעם בריק איבער דער ווילייקע?

— די פּאָליציי האָט מיך פאַרהאַלטן, קאָנטראָלירט און דורכגעלאָזן. איין מאָל האָט מען מיר אַפילו איבערגעדרייט דעם וואָגן האָלץ און געהייסן פאָרן צוריק. ס׳איז געגנבעטע האָלץ — האָבן זיי געזאָגט, נאָר איך קוק ניט, איך גנבע ווייטער און פיר פאַרקויפן. מען דאַרף דאָך האָבן פון וואַנען צו לעבן?

— צי קענען מיר ביי דיר איבערנעכטיקן און מאָרגן פאַרנאַכט וועלן מיר אַוועקגיין? — האָט געפרעגט מיישקע.

— נעכטיקט.

— האָסט אַ סאַריי?

— איך האָב.

— דו האָסט ניט מורא, וואָס מיר בלייבן ביי דיר?

— ניין.

— טאָ פיר אונדז אין סאַריי.

— מאַינקע! — האָט צעשעק אויסגערופן צו דער פרוי — קום אַרויס, האַלט צו דעם הונט און זאָג אים ער זאָל ניט מאַכן קיין טומל און אויפהויבן די שכנים, ער זאָל זיין שטום און ניט בילן, ער זאָל זיין אַ מענטש.

נאָך דעם ווי זיי זיינען אַריין אינעווייניק אין סאַריי און צעשעק האָט פון דרויסן צוגעשפּאַרט די טיר, האָט שיקע אויפגעוואָרפן מיישקען:

— צו וואָס דאַרפן מיר דאָ בלייבן נעכטיקן, פאַרשטיי איך ניט — און אַרויפקריכנדיק אין דער הויך האָט ער זיך איינגעגיורעט אין די היי.

איידער זיי האָבן זיך געלייגט, האָבן זיי צווישן זיך אָפּגערעדט, אַז איינער זאָל די גאַנצע צייט זיין וואַך.

אַזוי איז שיקעס אָמעגאַ־זייגערל אַריבער פון מיישקען צו חייקען און פון חייקען צו שיקען, ביז אין הויף האָבן זיך דערהערט טריט. ס׳איז געווען גוט

פינצטער. אַ שטאַבע אייזן האָט טעמפּ אָפּגעהילכט אין דער וואַנט פון סאַריי. ס'האָט זיך אויפגעמאַכט די טיר און אַ שאָטן פון אַ מענטש מיט אַ פערד איז אַריין אינעווייניק.

ס'איז געווען צעשעק. אין דער פינצטער האָט ער זיך גענומען שפּאַנען דעם פערד און וואָגן, וואָס האָט זיך געפונען אין סאַריי.

מיישקע האָט זיך אַראָפּגעשאַרט צו צעשעקן.

— באַלד וועט איך דאָס ווייב ברענגען מילכיקע שווועמלעך מיט בולבעס — האָט צעשעק געזאָגט. איך האָב איר געהייסן אָפּקאָכן און ברענגען איך די עסן פאַר פינצטער, קיינער זאָל ניט זען.

— אַ דאַנק, — האָט אים געענטפערט מיישקע — ווו פאָרסטו ?

— אין ווילנע.

— אין ווילנע ? צי קען איך מיט דיר מיטפאָרן ?

— פאָר.

שיקע וועלכער איז געלעגן אין היי, האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן :

— אין ווילנע ? איך פאָר !

מיישקע האָט זיך צעטומלט. אַ געפערלעכער איינרייסער, דער שיקע, שטענדיק רייסט ער זיך פאָרויס. שטענדיק דאַרף ער זיין דער ערשטער. אויך דעם בריוו, וואָס מאַרקאָוו האָט אָנגעשריבן און זיי דערלאַנגט, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן און אַריינגערוקט צו זיך אין בוזים. טאָמער כאַפּט ער זיך יעצט אַרויף אויפן וואָגן איז פאַרפאַלן, אַראָפּטרייבן וועט ער אים שוין ניט קענען.

אַז שיקע האָט געזאָגט אַז ער פאָרט אין ווילנע, האָט זיך חייקע אויפגעהויבן פון אָרט, צוגעגאַנגען צו שיקען, אים אָנגענומען פאַר אַ האַנט און אים אָנגעקוקט.

— מיט וועמען וועסטו איבערלאָזן חייקען ? — האָט מיישקע געפרעגט ? — מיט מיר ?

— גוט, פאָר דו. — האָט שיקע אויסגערופן.

— נאָך דעם ווי איך וועל אָנקומען אין ווילנע, וועל איך דיר איבערשיקן דורך צעשעקן אַ גרוס, און אויב ניט — וועסטו זיך שוין אַליין דערשלאָגן.

געזעגנט זיך מיט שיקען און חייקען איז מיישקע אַרויסגעפאָרן מיט צעשעקן פון סאַריי.

אַ פאַרפּוצטער אין אַ פּויערישער סיערמיאַגיע, אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק און מיט אַ היטל איבערן קאָפּ, איז מיישקע געזעסן אויפן וואָגן, ווי אַ מלך אויפן טראָן, אַ צופרידענער, אַן אויפגעלייגטער, וואָס ניט שיקע, נאָר ער, פאָרט מיט צעשעקן קיין ווילנע.

מיט איין זאַך איז ער נאָר שיקען מיט חייקען מקנא געווען : וואָס זיי, שיקע מיט חייקען, וועלן באַלד עסן געקאָכטע מילכיקע בולבעס מיט שווועמלעך, וואָס צעשעקס ווייב קאָכט פאַר זיי אויף פרישטיק.

ווי צעשעק איז געווען קליין און דאַר, אַזוי איז זיין פערד געווען גרויס און ברייט. טראָט נאָך טראָט האָט ער געשלעפּט דעם פולן וואָגן האָלץ, און די רעדער האָבן שטיל אונטערגעסקריפּעט, שניידנדיק דעם זאַמדיקן וועג. אַרום איז געווען קיל, פריש. די וואַלדיקע לופט האָט געשמעקט, אָנגעזאַפּט מיט פאַרטאָגיקן טוי. ס׳איז געווען שטיל און רואיק, און אַזוי טרייסלענדיק זיך האָט מיישקע איינגע־דרעמלט אויף דער פור.

ווען די זון איז אַרויס, איז דער וואָגן אַרויפגעפאָרן אויפן טראַקט, וואָס פירט קיין ווילנע. אויטאָס מיט דייטשן און פּאָליציי, פורן מיט פויערים און פויערטעס האָבן זיי אָנגעטראָפן אויפן וועג. אָנגעקומען אין ניי־ווילייקע — האָט אַ פּרוי געוואָלט קויפן ביי צעשעקן האָלץ, נאָר ניט דורכקומענדיק מיטן פּרייז, האָט צעשעק אַ טרייב געטאָן דעם פערד פאָרויס.

— אָ, זעסט, — האָט ער אַ קלאַפּ געטאָן מיישקען — דאָרט איז די בריק.

מיישקע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, אויסדרייענדיק דעם קאָפּ אַהין ווו צעשעק האָט אים אָנגעוויזן. וועגן דער בריק האָט זיי נאָך צעשעק דערציילט נעכטן, אָבער דרעמלענדיק אין פאָרן האָט ער אין איר אין גאַנצן פאַרגעסן, אַפילו צומאָל ניט געטראַכט. ווייל דאָס מאָל, ווען ער איז אַנדרעמלט געוואָרן, איז ניט נאָר וואָס ער איז איינגעשלאָפן, נאָר אַפילו דער מוח האָט זיך אויך ביי אים אָפּגעשטעלט און אויפגעהערט צו אַרבעטן. ווייל צייט די דייטשן זיינען דאָ, אַרבעט ביי אים דער מוח אָן אויפהער. ער דרייט זיך און דרייט זיך און שטענדיק ווי אַן איבערגע־דרייטער. די גאַנצע צייט לעבט מען אין שרעק און אין שפּאַנונג. און די שרעק לאָזט דיר ניט אָפּ אפילו אויף אַ סעקונדע, נאָר ווען מען איז פאַרנומען, אָדער ווען מען אַרבעט, פילט מען זיך אַ ביסל לייכטער. אָבער אַז מען טוט גאָרניט איז דער מוח ווי אַן איבערגעקערטער. אַפילע אין שלאָף איז דער מוח וואַכיק און אָנגע־שטרענגט. אַפילע טיף אין די פּאַרטיזאַנישע וועלדער, ווייט פון שונא, איז ניט פאַרשוווּנדן דער שאָטן פון שרעק. אַן אויפגאַבע, אַן איבערפאַל, אַן אַלאַרם — שטענדיק זיין וואַך, שלאָפן אין די זאַכן" — ריידן טאָג־טעגלעך די פּאַרטיזאַנער־קאָמאַנדירן — „דער שונא קען אָנפאַלן אומגעריכט".

יעצט —אָבער, ווען ער איז געפאָרן אין דעם אויפגייענדיקן פאַרטאָג, געגלעט פון גרינעם סאַמעט אַרום, אַריינאָטעמענדיק דעם אַראָמאַט פון דער אויפוואַכנ־דיקער נאַטור, ווייט פון געטאָ, ווייט פון חורבן, ווייט פון די פּאַרטיזאַנער, אין סאַמע קעניגרייך פון שונא, אַן איבערגעטאָנער אין פויערישע זאַכן, אַ פאַר־פוצטער ווי אַ שייגעץ, האָט ער זיך געפילט גאָר אַנדערש. אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, אָפּגעלאָזט די נערווון, פאַרגעסן אָן אַלץ אין דער וועלט, וויגנדיק זיך אויפן פולן וואָגן האָלץ, אונטערן ריטם פון די פערדישע פיס, מיט צעשעקן ביים זייט. ווייל ווען ער וועמען וואָלט עס געקאָנט איינפאַלן, אַז דער יונגער שייגעצל, איינגעוויקלט אין דער סערמיאַגע, איז אַ פּאַרטיזאַן, און אַ נאַגאַן ליגט אים באַהאַלטן הינטערן בוזעם.

ער פֿאַרט דאָך גאָר מיטן טאַטן אין שטאָט אַריין האַלץ פֿאַרקויפֿן. אָפּגענאַרט די וועלט, זיך, אַ מחיה. אָבער אַז צעשעק האָט אים דערמאָנט די בריק, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן. די ערשטע זאַך האָט ער מיטן האַנט אָנגעטאַפּט דעם נאַגאַן. נאָך דעם האָט ער אָנגעקוקט די צוויי געשטאַלטן אין די שוואַרצע מונדירן, וועלכע האָבן געשפּאַנט מיט ביקסן אין די הענט, האַרט ביי דער בריק. און צום סוף האָט ער באַטראַכט צעשעקן מיט פֿערד. וואָס טוט מען, טאָמער פֿאַרהאַלט מען זיי, טאָמער קומט פֿאָר אַ קאָנטראָל. קיין דאָקומענטן האָט ער ניט. דעם איינציקן דאָקומענט וואָס ער קען זיי באַווייזן איז דער נאַגאַן. ס'וועט ווערן אַ שיסעריי, אַ מהומה. וואָס איז שולדיק צעשעק, דער פֿערד ביטער. צעשעק שווייגט. ער איז ווייזט אויס גרייט אויף אַלץ, פּונקט ווי זיין דאַליע וואַלט שוין פֿון פֿאַרויס געוועזן באַשטימט. ער, צעשעק, זעט אויס אַנטקעגן דער אַכזריותדיקער וועלט, ווי אַ שטילע אומבאַהאָלפֿענע בריאה, וואָס אומזעבאַרע געדאַנקען שווימען אויף איר געזיכט. געדאַנקען אָן אַ באַשייד, אָן אַ באַשלוס, אָן אַן אויספֿיר. דאַכט זיך, אַז צעשעק דרעמלט יעצט אונטער די פֿליגלען פֿון דער הייליקער מאַריע, אין דער לופֿטן, צווישן הימל און ערד.

— פֿאַרהאַלט דעם פֿערד! — האָט מיישקע אַ כאַפּ געטאָן די לייצעס. דער וואָגן איז שטיין געבליבן.

— קריך אַראָפּ!

אויסגלאָצנדיק אַ פּאָר אויגן האָט זיך צעשעק שווייגנדיק אַראָפּגעגליטשט פֿון וואָגן. מיישקע האָט זיך איבערגעזעצט פֿאָרויס, אָוועקגעלייגט די בייטש לעבן זיך, גענומען די לייצעס אין די הענט, באַקוועמער זיך אַריינגעזעצט צווישן די בינטלעך האָלץ און אויסגעשריען:

— וויאָ! די בריק וועסטו אַריבערגיין צופֿוס, נאָך מיר! — האָט ער אויסגערופֿן צו צעשעקן.

לאַנגזאַם האָט זיך דער סיוואָק גענומען אַראָפּלאָזן מיט דער ברוקירטער גאַס. ווי אויסגעוואַקסן וואָלט זי גאָר די בריק, גרויס געוואָרן און אירע פֿאַרענטשעס פֿון ביידע זייטן זיינען דאַכט זיך הויך געוואָרן, ווי תּפֿיסה־ווענט. און די צוויי פּאָליציאַנטן וואָס שטייען ביים ברעג, זעען אויס ווי די מאָנסטערס. אין זייט פֿון וועג־אָנשיט, האַרט ביים טייך, שטייט אַ וואַך־שטיבל און פּאָליציי זעט זיך דאָרט פֿול. אַ שרעק, אַן אימה.

די בריק איז לאַנג און ווייט; אַרום איר ציט זיך אַ געדיכטער צאַם פֿון שטעכל־דראָט, באַהאַנגען מיט קאָנסערוון־באַנקעלעך, ווי מיט גיפֿטיק־שטעכיקע פֿרוכט אויף די צווייגן פֿון אַ ווילדן בוים. די דראָטן מיט די באַנקעלעך ציען זיך האַרט איבערן וואַסער, און דראָענדיק מיט זייער געקלימפּעריי, הוידען זיי זיך אויפֿן ווינט.

— שטיי! האָט אויסגעשריִען דער פּאָליציאַנט, אויפהויבנדיק אַנטקעגן מיישקן דעם ביקס.

מיישקע האָט איינגעהאַלטן דעם וואָגן.

— ווּ פאָרסטו?

— אין ווילנע.

— וואָס פירסטו?

— האָלץ.

— חוץ די האָלץ?

— שוועמלעך, יאַגדעס.

צו צום וואָגן האָט דער פּאָליציאַנט איבערגעדרייט די אָנגעפילטע קערבלעך. די יאַגדעס און שוועמלעך האָבן זיך צעשאָטן איבערן וואָגן.

— פאָר! — האָט ער אויסגעשריִען, אָנקוקנדיק מיישקעס טאַמעוואָטן געזיכט.

דער סיוואַק קלאַפּט מיט די פּיס איבערן גרויסן הילצערנעם בריק, טעמפּ און הויל קלינגט אָפּ יעדער טראָט אין מיישקעס האַרץ. אַדורכגעפאָרן די וואַך, גלייבט ער זיך אַליין ניט. קוקנדיק אויפן מוטנעם וואַסער, וואָס שפּריצט און יאָגט זיך מיט ווייסן שוים אויף די שוואַרץ־שטעכיקע דראָטן מיט די האַלב פאַרזשאַווערטע באַנקעלעך. ווי גוט עס איז דאָס וואַסער, וואָס טראָגט זיך אַזוי פראַנק און פריי, פינקלענדיק אונטער די שטראַלן פון דער גאָלדיקער זון. שוואַרץ־ווייסע פאַסן שווינדלען פאַר די אויגן. פון אַנדער זייט בריק שטייט נאָך אַ וואַך־בודקע.

אַריבערגעפאָרן דעם בריק איז ער אַרויף אויפן שאָסיי, וואָס פירט דירעקט אין ווילנע. אין דער צווייטער בודקע איז קיינער ניט געווען. ווייזט אויס, אַז פון ביידע זייטן היט מען די בריק נאָר ביינאַכט.

יעצט דאַרף ער פאָרן לאַנגזאַם, צעשעק זאָל אים דערויאָגן. פון ווילייקע ביז ווילנע גייט דער גאַנצער וועג באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ — באַרג און טאָל — טאָל און באַרג.

ביז ווילנע איז שוין ניט ווייט, מען זעט שוין די קרייץ־בערג. ווער ווייסט ווי ער וועט אַריינפאָרן אין שטאָט, ווער ווייס וואָס דאָרט טוט זיך? אַ קאַשטאַן־ברוינער פערד געשפּאַנט אין אַ בריטשקע האָט פאַרבייגעשוועבט אויפן שטיינערנעם ברוק. צוויי פאַרשוינען זיינען געזעסן אין דער קאַרעטע און דאַכט זיך, אַז אַ געלער פלעק האָט אים ווי אַ שימער געטאָן פאַר די אויגן.

יידן, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, מסתמא יידן פון ווילנער געטאָ.

מיישקע קוקט צוריק, צעשעק איז נאָך ווייט. ניטאָ ווען צו וואַרטן. אַ צי מיט די לייצעס, אַ הויב מיט דער בייטש, און דער סיוואַק לויפט שוין מיט זיינע פיס איבערן שטיינערנעם וועג. דער שווערער וואָגן קרעכצט און טרייסלט זיך איבער

די שפּיציקע שטיינער, עס צעשיטן זיך די צוזאַמענגעבונדענע בינטלעך האָלץ, עס וואַרפט און עס קלאַפּט, און מען שטייט דאַכט זיך אויף אַן אָרט, ווייל ווי קומט אַזאַ שווערער וואָגן צו דריאָגן אַזאַ לייכטע בריטשקע.

זעסט, טראַכט מיישקע, פאַרזען אַזאַ געלעגנהייט. זיך פאַרשלאָפן, פאַרחלומט. יידן וואָלטן אים געקאָנט זאָגן ווי אַריינצופאָרן אין שטאָט. מיט יידן וואָלט ער אפשר געקאָנט אַריין אין געטאָ. אָט גייט אַ באַרג־אַרויף, אַ לאַנגער באַרג, אפשר וועט דער לייכטער פערד איינהאַלטן זיין גאַלאָפּ און אויפן באַרג וועט ער אים קענען דריאָגן. נאָר די בריטשקע טראָגט זיך אין אימפּעט און האַלט גאָר ניט איין דעם לויף. ערשט אין מיטן באַרג איז דער קאַשטאַן־ברוינער פערד פון שנעלן געלאַף אַריבער אין גאַנג.

יעצט, טראַכט מיישקע. יעצט. דער סיוואַק לויפט מיט דעם זעלבן טראָט, באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ. ער איז דאַכט זיך ווי געראָטן אין באַלעבאָס, ער פאַר־שטייט וואָס מען מיינט, אַפילו ניט אָנדייטנדיק מיטן וויאָ.

ערשט אויפן סאַמע שפּיץ באַרג ווען די קאַרעטע האָט אָנגעהויבן פאַר־שנעלערן דעם גאַנג, האָט זיך דער סיוואַק אויסגעגלייכט מיט דעם לייכטן פערד.

פאַרוווּנדערט האָבן די צוויי פּאַסאַזשירן אויסגעדרייט די קעפּ און מיט שטוינונג אָנגעקוקט דעם יונגן שייגעץ, וואָס טרייבט אַ פערד, געשפּאַנט אין אַ פולן וואָגן האָלץ, באַרג־אַרויף.

— וויאָ! — האָט איינער אויסגעשריען אַ הויב געבנדיק די בייטש.

— שטייט, שטייט, — האָט מיישקע אויסגעשריען — איך דאַרף אייך האָבן.

— וואָס דרייט ער אַ קאָפּ דער ערל, פּאַר! האָט אויסגערופן דער אָן דער בייטש צו דעם וואָס האָט געהאַלטן די לייצעס.

— איר זייט יידן פון ווילנער געטאָ, שטייט, איך דאַרף אייך האָבן.

— פּאַנאָטשעק, מיר ווילן גאָרניט קויפן. פּאָר! — האָט ער ווידער אונטער־געטריבן זיין פּאַרטנער.

— איך בין אַ ייד, אַנטלויפט ניט! — האָט מיישקע זיי נאָכגעשריען.

— היט זיך ביי די ראָגאַטקעס! — האָט דער וואָס געהאַלטן די לייצעס אויסגעשריען, אַ שמיץ געטאָן די פערד, און די קאַרעטע איז אַנטלאָפן.

זעסט, אייגענע יידן זיינען פאַר אים אַנטלאָפן. די שרעק האָט זיך שוין אַזוי איינגעגעסן אין זיי, אַז זי האָט זיי אין גאַנצן בלינד געמאַכט.

אָפּגעהאַלטן דעם פערד, האָט מיישקע אָפּגעוואַרט צעשעקן, וועלכער איז באַלד אָנגעקומען, און צוזאַמען זיינען זיי רואיק פאַרפאָרן ביז ווילנע.

פאַר ווילנע איז מיישקע אַראָפּגעקראָכן פון וואָגן, איבערגעלאָזט די סערמיאַ־גיע, זיך צוגעקעמט, באַטראַכט די שיך, די זאַכן, אָפּגעווישט זיך, געגומען ביי צעשעקן אַ פּאָר קערבלעך יאַגדעס מיט פּאַזימקעס, זיך מיט אים געזעגנט, — און אַוועק אין שטאָט, דורך זייטיקע וועגעלעך, ניט ווייט פון די באַן־ליניעס.

אין די שטאָטישע גאַסן האָבן די פאַרבייגייער געוואָלט קויפן זיין סחורה.

— ס׳איז שוין פאַרקויפט — האָט ער זיי העפלעך געענטפערט.

דאָ, אין דער גרויסער שטאָט, אויף די פול־געפּאַקטע גאַסן, ווו עס האָט געווימלט און געשווימלט פון מענטשן, האָט ער זיך דערשפּירט איינזאַם. ווי מעכאַנישע פיגורן, פרעמד האָבן אויסגעזען די מענטשן, וואָס האָבן זיך געיאָגט אויף די טראָטוואַרן. ווי אַ מוטנער וואַסער, וואָס ווייס ניט פון קיין פאַרב, פון קיין קאָליר, פון קיין היינט, פון קיין נעכטן און פון אַ מאָרגן.

און ווען ער האָט אויפן גאַס דערזען אַ גרופּע יידן מאַרשירן אין רינשטאָק, איז אים לייכטער געוואָרן אויף דער נשמה. זייער שנעלער טראָט, די ענג צוזאַמענגעטוליעטע ריי, זייער הילפסלאָזיקייט און געפּאַלנקייט, זייער שרעק און פחד, זיינען אים געווען מענטשלעך ליב און נאָענט.

אָנקומענדיק אין קייליס, איז ער שוין פאַרנאַכט געווען אין געטאָ.

## אין דער נאַכט ווו גבורה איז אויסגעטיישט געוואָרן אויף קדוש־השם

ס׳איז נאַכט אין געטאָ. די צייט פון שלאָפן. די געטאָ אָבער שלאָפט ניט. די געטאָ איז יעצט ווי אַ צעשטורעמט־באַלאַגערטע פעסטונג. און ווען זאָלסט אַרומגיין פון אינעווייניק אַרום אירע מויערדיק־פאַרקראַטעוועטע ווענט, זוכן אַ פּאָזיציע פון האַרמאַטן, נעסטן פון קוילנוואַרפערס, וועכטער באַוואָפנטע מיט ביקסן, וועסטו גאָרנישט ניט געפינען. ס׳איז שטיל אַרום, אַן אימהדיקע טויטע שטילקייט, פאַרזונקען אין אָפּגרונט פון געטאָ.

די געטאָ אָבער שלאָפט ניט, זי וואַכט.

ס׳איז אַ מלחמה אין געטאָ, אַ ביטערע מלחמה. פאַרפּייניקט, אויסגעמאַטערט און אויסגעמאָרדעט, און דאָך האַלט זי זיך אין ראַנגלען, שלאָגט זיך פאַרביסן, עקשנותדיק און איינגעשפּאַרט.

צייט ס׳האָט זיך אויף דער געטאָ־אַרענע, צווישן אַזעלכע קאַרפּן־קעפּ ווי מורער, ווייס און נויגעבאַוער, אַרויסגעשיילט די פיגור פון האַנס קיטעל, האָט מען אין געטאָ דערזען דעם לעצטן טראָפּן סם אין אָנגעפילטן בעכער ווייך.

קיטעל איז אַ ליקווידאַטאָר. קיטעל האָט ליקווידירט טאַלין, ריגע, קאָוונע, — קיטעל וועט ליקווידירן אויך ווילנער געטאָ.

אַלע מאַכינאַציעס און שווינדלערייען אומצוברענגען יידן האָבן שוין די דייטשן אויסגעפּרוווט, אויסגענוצט אַלע חכמות פון פאַרפירן און פאַרנאַרן, ווייל

קיין מאָל איז איין אַקציע ניט געווען ענלעך צו אַ צווייטער, ווייל אַלע מאָל האָבן זיי פאַר יעדער אַקציע געפונען אַן אַנדער אויסרייד, אַן אַנדער פאַרדרייעניש.

דאָס מאָל וועט זיך זיי אָבער ניט איינגעבן, זיי ווייסן דאָס, ווייל בשעת דער לעצטער אַקציע פון די פּראָווינצער געטאָס אויף פאָנאַר זיינען זיך אַ סך צעלאָפן, דאָס מאָל וועט מען זיי זיך ניט אונטערגעבן, זיי ווייסן דאָס. זיי ווייסן, אַז אין ווילנער געטאָ איז דאָ אַן אונטערגרונט־באַוועגונג, זיי ווייסן, אַז מען וועט זיך זיי קעגנשטעלן, זיי ווייסן דאָס פון ביאַליסטאָקער געטאָ, פון וואַרשעווער געטאָ, פון אַנדערע געטאָס.

האָט האַנס קיטעל באַשלאָסן אַדורכצופירן אַן אַלט־אויסגעפּרוּווטן מיטל, אַ מיטל וואָס ניט איין מרידה און ניט איין מדינה איז דורך דעם ליקווידירט געוואָרן. קיטעל האָט זיך דערוווּסט פון וויטענבערגן. וויטענבערג איז דער קאָמענדאַנט פון פ.פּ.אָ. וויטענבערג איז די קאָפּ פון ווידערשטאַנד, וועט ער ליקווידירן דעם קאָפּ.

און ער האָט געפאָדערט ביי גענסן, ער זאָל אים אַרויסגעבן וויטענבערגן. יעקב גענס, דער קאָמענדאַנט פון ווילנער געטאָ, געפינט זיך אין אַן אויסגאַנגס־לאַזער לאַגע, ער שטייט פאַר אַ ביטערן אויסוואַל: פון איין זייט געסטאַפּאָ, פון צווייטן זייט די פ.פּ.אָ. און אין מיטן די געטאָ. און יעקב גענס האָט באַשלאָסן וויטענבערגן אויסצוליפערן צו דער געסטאַפּאָ.

פ.פּ.אָ. האָט אָבער אָפּגעשלאָגן וויטענבערגן, ווען צוויי געסטאַפּאָ־אַגענטן האָבן אים געפירט אַן אַרעסטירטן.

קיטעל האָט גענסן געגעבן אַ באַדינג: וויטענבערג, אָדער די געטאָ. פינצטער. ווי צוויי בליצן קרייצט אין מיטן דער נאַכט איבער דער געטאָ דער פּאַראָל פון פ.פּ.אָ. — „ליזע רופט!‟

און יחידים זיינען אַרויס אויף דער גאַס, און פון די יחידים זיינען געוואָרן גרופּן, און פון די גרופּן אַ מחנה.

ווי אַ צעשטורעמטע לאַווע האָט זיך די מחנה פונאַנדערגעגאָסן איבער די שמאָלע געטאָ געסלעך, ווי אַ פייער־גלייקע מאַסע האָט זי זיך געטראָגן.

דאָס האָט דער יידישער צאָרן, יאָרן אַ פאַרשפּאַרטער און דערדריקטער אין מלכות געטאָ, זיך פונאַנדערגעוויקלט און אַרויס אויף דער גאַס. עס איז אַרויס אויף דער גאַס דער אָפּגעחויזעקט צעטראָטענער איך. צוויי טויזנט יאָריקער געראַנגל זעצט פאָר זיין המשך. פנימער פאַרצאָרנט, אויגן ווי פונקען און דאָס האַרץ ווי פייער.

דאָס גייט דער ייד פון יהודה און שומרון, פון ספרד און פון מיינץ, פון טולטשין און באָברויסק. דאָס גייען ווילנער יידן — זיי גייען אויסשרייען זייער לעצטן געשריי, הויך אַריבער די געטאָ־ווענט: מיר וועלן זיך שלאָגן, מיר וועלן זיך ניט אונטערגעבן — האָט הילכיק געקלאַפּט זייער טראָט אויף דעם שטיינערנעם ברוק.

ס׳איז נאַכט אין געטאָ. האַלבע נאַכט, און אַרום פון אַלע זייטן און שפּאַרונעס, פון אַלע לעכער און הויפן, קוקן אַרויס מידע פאַרשלאָפענע פנימער. זיי קוקן אויף דער מחנה וואָס מאַרשירט, און די אומבאַוווּסטקייט פרעסט די נשמה, וואָס איז דאָס, האַ?

צי איז דאָס די לעצטע געטאָ־ליקווידאַציע? די ליקווידאַציע אַן געלע, אַן ווייסע, אַן בלויען און אַן ראָזע שיינען, די ליקווידאַציע אַן פּראָוואָקאַציעס און הינטערגעדאַנקען. דער סוף פון אַלע סופן, דער ווידערשטאַנד, ווו אַלץ וועט זיך ענדיקן מיט אומקום.

ניטאָ אָבער קיין צוריק. אויף דעם האָט מען געוואַרט, צו דעם — איז מען געווען גרייט. מען האָט ניט געוואָלט דער מאָמענט זאָל קומען, מען האָט אָבער געוווּסט, אַז דאָס איז נישט צום פאַרמיידן, מען האָט געוווּסט, אַז ס׳וועט קומען.

ס׳איז די לעצטע שעה, אַפילו די פינף מינוט פאַר צוועלף איז שוין אַריבער. ס׳איז שוין נאָך צוועלף.

גייט די מחנה אין שורות דורך די געטאָ־געסלעך, ענג צוזאַמענגעדריקט, מיט איין טראָט, מיט איין געדאַנק, און ווי די געטאָ מויערן וואָלטן זיך פונאַנ־דערגערוקט און איינגעזונקען אין דער ערד, און זייער בליק צעשפּרייט זיך ברייט און ווייט צו איינסופיקע אומענדלעכקייטן. די מחנה טראָגט זיך איבערן געטאָ.

פּלוצלונג זיינען די ערשטע רייען שטיין געבליבן, זיך צוזאַמענגעפּרעסט און אָנגעהויבן אָפּצוטרעטן אויף צוריק, דריקנדיק אויף די הינטערשטע שורות.

די אָקערשט געשמידט מאַרשירנדיקע לאַווע האָט זיך צעכוואַליעט, זיך צעשאָטן און אָנגעהויבן לויפן צוריק.

וואָס איז געשען?

יידישע פּאָליציי אין גראַנאַט־מונדירן איז אַרויס אומדערוואַרט פון אַ הויף. אַקסל צו אַקסל. מיט אויפגעהויבענע שטעקענער און אין רייען געשמידטע, האָבן זיי אָנגעהויבן טרייבן די מחנה צוריק. דאָס האָט גאַנס זיי געשיקט בכדי ניט צו דערלאָזן פ.פּ.אָ. זאָל זיך פאַרפעסטיקן אין געטאָ.

אין מיטן דער פאַרלאָרנקייט, צווישן דער אָנגרייפנדיקער פּאָליציי און אַנט־לויפנדיקער מחנה, שטייט אַ מיידל. זי שטייט מיט אויפגעהויבענע הענט און די העלע האָר זיינען איר צעלאָזט אַרום. זי שרייט און איר קול הערט זיך קוים אין אַרומיקן געדראַנג.

— שטייט, ווו לויפט איר, צוריק! — און ניט וואַרטנדיק אויף קיינעם האָט זי זיך אַליין געוואָרפן אויף דער פּאָליציי.

בחורים זיינען שטיין געבליבן, פאַרשעמטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, זיך איבערגעקוקט, מיט טרייסלענדיקע הענט גענומען אָפּציען די שלעסער פון געווער.

— פאָרויס! פאָרויס! — האָט געשניטן דער שאַרפער מיידלשער קול די שווערע קיל־פאַרטאָגיקע געטאָ־לופט — פאָרויס!

דאָס איז סאָניע, סאָניע מאַדייסקער, די רעוואָלוציאָנערקע פון געטאָ.

דער עולם האָט זיך אומדרייסט, ניט זיכער צעשאָקלט, זיך צעכוואַליעט, זיך אַ הויב געטאָן און זיך געלאָזט לויפן נאָך סאָניען, אַנטקעגן די אויפגעהויבענע שטעקענער, אַנטקעגן דער שוואַרצער מאַסע, זיך אויסגעמישט מיט איר און איר פאַרגאָסן.

דאָס ערשטע מאָל, צייט קיינער לויפט ניט אין לעכער און מאַלינעס, דעם ערשטן מאָל צייט פּאָליציי אַנטלויפט.

פאַרשוויצטע, אויפגעברויזטע, צעיאַכמעטע אין אומאָרדענונג, ברייט שטעלנדיק דעם טראָט, איז די מחנה אָנגעקומען אויף סטראַשון גאַס 7, אין הויף, ווו ס'האָט זיך געפונען דער ווידערשטאַנדס־שטאַב פון פ.פ.אָ.

נאָך דעם ווי מען האָט ביים איינציקן קראַן צערעכט געמאַכט די קליידער, זיך אָרומגעוואַשן, זיך פאַרקעמט, — האָט מען זיך אַרומגעקוקט. אַלטע חברים, וואָס האָבן זיך שוין לאַנג ניט געזען, האָבן זיך פון שמחה און פרייד געדריקט די הענט, גליקלעכע, וואָס דווקא דאָ האָבן זיי זיך געטראָפן, וואָס דווקא דאָ האָט מען אין דער אָרומיקער געפאַלנקייט דערזען דעם חבר מיטן רייגעם געוויסן, דעם מענטש, דעם פריינט, מיט וועלכן מען האָט זיך געטרייסט אין די שווערע מינוטן פון געטאָ.

און כאָטש קיינער האָט ניט געוווּסט וואָס ס'טוט זיך אַרום, און אומקלאָרע ידיעות און השערות זיינען אַרומגעגאַנגען וועגן דער לאַגע אין געטאָ, האָבן זיך דאָך אַלע געהאַלטן מוגטער און האָפערדיק, ווי אַזעלכע וואָס האָבן אין דער שווערער צייט ניט פאַרלאָרן זייער מענטשלעכן פּנים.

מיישקע האָט זיך דאָ צווישן דער מחנה געפונען אומגעריכט. ערשט נעכטן איז ער געקומען פון וואַלד אין געטאָ און ער האָט זיך געוואָלט דערשלאָגן צום שטאַב. אָבער ערשט פאַר מיטאָג־צייט האָט מען אים באַוויליקט אויפצונעמען.

געפירט דורך קאָרידאָרן און הילצערנע טרעפּ ווו באַוואָפנטע וועכטער זיינען געשטאַנען און געהיט, האָט מען אים סוף סוף אַריינגעפירט אין אַ צימער, ווו עס האָט זיך געפונען דער שטאַב.

אַרום אַ גרויסן טיש זיינען געזעסן די מיטגלידער פון פ.פ.אָ. און פונקט ווי די שטימונג אין דרויסן איז געווען מוגטער און האָפערדיק, איז זי דאָ געווען דערדריקט און דערשטיקט.

אבא קאָוונער איז געזעסן אויבן אָן און די געדיכטע טשופּרינע האָר האָט אים געפלאָטערט צעשויבערט איבערן בלייכן געזיכט. אַלע איבעריקע מיטגלידער זיינען געזעסן אַרום צעשראָקן און האָפענונגסלאָז, פונקט ווי דער שווערסטער קלאַפּ וואָס האָט געדאַרפט קומען אויף דער געטאָ, איז געפאַלן אויף זיי.

— איך קום פון וואַלד, פון מאַרקאָוון, — האָט מיישקע געזאָגט.

— מיט וואָס פאַראַ אויפגאַבע? — האָט אים געפרעגט אבא קאָוונער.

— אַרויסצופירן יידן פון געטאָ אין וואַלד און אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט דער אונטערערדישער באַוועגונג אין שטאָט.

— בינסט געקומען אין דער ריכטיקער צייט, האָט זיך אַריינגעמישט יוסף גלאַזמאַן — מיר דאַרפן אַלע אַרויס אין וואַלד און וואָס גיכער, ווייל מיר געפינען זיך דאָ אין אַ געפאַר. גענס האָט אַרויסגעגעבן איציק וויטענבערגן צו דער געסטאַפּאָ. געסטאַפּאָ ווייס וועגן דער עקזיסטענץ פון פ.פ.אָ. און אויב וועלן זיי פאָדערן אויך אונדז, וועט גענס אונדז אַרויסגעבן.

— גוט, מיר וועלן אָרגאַניזירן גרופּן און אַרויס אין וואַלד, היינט — מאָרגן דאַרף קומען שיקע, איך בין מיט אים צוזאַמען געשיקט געוואָרן פון מאַרקאָוון, און אַזוי, גרופּנווייז וועט מען פאַרלאָזן די געטאָ.

— אוממעגלעך!

— וואָס הייסט?

— די פאַרבינדונג מיט דער שטאָט איז איבערגעריסן, אירע הויפּט־אָנפירער זיינען אַרעסטירט. מיר מוזן ראַטעווען די פ.פ.אָ. און אַרויסגיין אין וואַלד!

— ווען?

— אַפילו היינט ביינאַכט.

— וויפל מאַן?

— צווייהונדערט.

— צווייהונדערט מאַן פאַר אַ מאָל? עס איז אוממעגלעך אַרויסצופירן אַזאַ גרופּע פאַר אַ מאָל. זי וועט אַנטדעקט און ליקווידירט ווערן איידער זי וועט באַווייזן זיך צו דערשלאָגן צום ציל. אין קלענערע גרופּן איז לייכטער צו דערגיין ביז די וועלדער.

— אָדער אַלע — אָדער קיינער ניט.

— פאַרוואָס?

— ווייל גענס וועט ניט לאָזן. גענס וויל ניט מען זאָל גיין אין וואַלד. ער האָט צווישן אונדז שפּיאָנען און אַגענטן, ער ווייס אַלע געהיימע אַרויסגענג פון געטאָ, און אַז ער וועט זיך דערוויסן אַז אַ גרופּע איז אַרויס אין וואַלד, וועט ער אָפּשפּאַרן אַלע אַרויסגענג און מיר וועלן שוין מער ניט קענען גיין.

— גענס, גענס, וואָס האָט איר אַזוי מורא פאַר גענסן?

— ווייל גענס און געסטאַפּאָ איז אַלץ איינס.

— איך גיי צו גענסן!

— צו גענסן טאָרסטו ניט גיין, ווייל דאָס איז געפערלעך. גיין צו גענסן איז ווי צו גיין אין געסטאַפּאָ. מיר פאַרווערן דיר דאָס.

די לעצטע ווערטער, וועלכע האָבן געקלונגען פאַרצווייפלט און אויסזיכטלאָז, האָט שוין מיישקע געהערט פון יענער זייט טיר, אין קאָרידאָר.

אין געציילטע מינוטן אַרום איז ער שוין געווען אין יודן־ראַט, ביי גענסן.

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט גענס אויסגערופן דערזעענדיק אים אין קאָרידאָר.
— איך בין געקומען צו אייך.
— גיי אַריין אין מיין קאַבינעט. איך קום באַלד אַריין.
מיישקע זיצט און וואַרט. ס׳איז דער זעלבער צימער, ווו ער איז שוין אַמאָל געווען, נאָר אין דער טאָג־ליכט זעט אַלץ אויס בולטער און גראַמער. אָט איז דער פאָטעל ווו גענס זיצט, דער טעלעפאָן, דער פרייער רום פון אַנדער זייט טיש, ווו ער שפּאַצירט אַרום מיט אַ פאַרדרייטן קאָפּ. אין דער גראַמקייט און אָרדענונג פילט מען זיין שאָטן. דער שאָטן, וואָס האַלט די געטאָ אין שפּאַנונג. אין אַ פּאָר מינוטן אַרום איז גענס אַריין, זיך אַוועקגעזעצט און זיך פאַרטראַכט.
— איך האָב געוווסט, אַז וועסט קומען — האָט ער זיך אויפגעהויבן — נאָר פריער בינסטו געווען ביי זיי. איך ווייס דאָס. נו, צו וואָס האָבן זיי דיך געשיקט, האַ? אַוודאי אָנסטראַשענען מיר, איבערצייגן מיר אין זייער כוח, אין דעם, אַז זיי זיינען ניט אַליין, אַז זיי האָבן פאַרבינדעטע, אַז ס׳שטייט הינטער זיי דער וואַלד. פּונקט אַזוי ווי איך בין ביי זיי ניט אַליין און הינטער מיר, הינטער מיינע פּלייצעס, שטייט די דייטשע מאַכט, שטייט די געסטאַפּאָ. איך האָב זיך אָבער קיינמאָל ניט אונטערגעוואָרפן קיין פרעמדע באַפעלן. איך האָב שטענדיק געהאַנדלט ווי מיין געוויסן האָט מיר דיקטירט, און אַרויסגייענדיק פון שטאַנד־פּונקט פון דער געטאָ־סיטואַציע האָב איך געמאַכט מיינע אויספירן און געטאָן דאָס וואָס איך האָב געפונען פאַר נויטיק, דאָס צו וואָס דער שכל האָט מיר דיקטירט. צי ווייסטו, אַז נאָך דער אַקציע קאָוונע־פּאָנער האָבן די דייטשן ביי מיר געפאָדערט צוויי טויזנט מאַן קיין מינסק. איך האָב זיי אָפּגעזאָגט צו געבן, איך האָב זיך קעגנגעשטעלט. יעצט אָבער, אַז די געסטאַפּאָ האָט געפאָדערט וויטנ־בערגן, האָב איך אים אַרויסגעגעבן, און די פ.פ.אָ. האָט געפונען אויף מיר אַ זינד. איך בין ביי זיי אַ פאַרברעכער, אַ קאָנפידענט — איך האָב אַרויסגעגעבן וויטנ־בערקן. גענס איז ביי זיי אַ רוצח, אַ געסטאַפּאָוויעץ. איך האָב אָבער פאַר זיי קיין מורא ניט. ניט איך האָב אַרויסגעגעבן וויטנבערגן. וויטנבערג איז געפאַלן אַ קרבן אין קאַמף. ניט פון מיר האָט זיך געסטאַפּאָ דערוווסט, אַז אין געטאָ איז דאָ אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג, אַז אין געטאָ איז דאָ אַ וויטנבערג — נאָר פון זייערן אַ חבר, פון קאָזלאָווסקין. און אַז מען גייט קעמפן, דאַרף מען זיין גרייט אויף קרבנות, און ווען איך האָב געדאַרפט אויסקלייבן וויטנבערגן, אָדער די געטאָ — האָב איך אויסגעקליבן וויטנבערגן. זיי האָבן אים אָפּגעשלאָגן, און איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, איך האָב געמיינט, אַז זיי וועלן זיך קעגנשטעלן, קעמפן, שטעלן אַ ווידערשטאַנד, און אַ פונק פון נצחון האָט זיך פאַרגנבעט אין מיין האַרצן. ווען כ׳האָב אָבער געפאָדערט פון זיי וויטנבערגן און אַרויסגעשיקט מיין פּאָליציי אים צו כאַפּן, און ווען איך האָב געפאָדערט, אַז זיי זאָלן אים פרייוויליק אַרויס־געבן, און כ׳האָב זיך דערוווסט, אַז אָנשטאָט גרייטן זיך צום קאַמף, מאַכן זיי

באַראַטונגען, האָב איך דערזען, אַז איך האָב זיך אין זיי ניט גענאַרט, איך האָב זיי דערקענט פון ערשטן טאָג אָן, גאָרנישטן, טראָץ זיינען זיי געווען און געבליבן. איך האָב געוווּסט און געזען, אַז איך האָב צו טאָן מיט שרייבערלעך, דיכטערלעך, פּאָעטן, טרוימער — אויף דער פאָן פון געטאָ, אַדורכגעווייקטע פון בלוט, אין דער פאַנטאַזיע האָבן זיי זיך געמאָלט לאָרבער־קרענץ, זיך געזען אַלס גייסט און כוח פון געטאָ. מיר האָבן זיי געוואָלט דיקטירן, געבן עצות, אָנוואַרפן זייער מאַכט. גלאַזמאַן האָט געוואָלט ווערן איבער מיר דער טאָן־געבער, דער דעה־זאָגער. האָב איך אים געזאָגט: נאַ, נעם דו מיין בענקל, זעץ זיך אויף אים און פיר. גיי דו אין געסטאַפּאָ און רייד מיט זיי דאָרט, ווי דו רעדסט מיט מיר דאָ! אַ, דאָס ניט, פון דעם האָט ער זיך אָפּגעטרייסלט, אין געסטאַפּאָ זאָל איך גיין און ער וועט זיצן הינטער מיינע פּלייצעס. אויף אַזוי ווייט איז ער גרייט געווען צו גיין. אויפריכטיק האָבן זיי זיך מיט איין זאַך פאַרנומען אין געטאָ — מיט קונסט. און דאָס האָט זיך פאַר זיי געקלײדט. איך אַליין האָב זיי מיט דעם געהאָלפן, איך אַליין האָב זיך מיט דעם לייכטער געמאַכט אויף דער נשמה, איך האָב זיך אַליין מיט דעם גענאַרט. אָבער פאַר מיין סטראַטעגיע האָט זיך עס געפּאַסט, געשטימט, זיך צונויפגעגאָסן. און מיט וואָס האָב איך געקאָנט העלפן די געטאָ, אויב נישט מיטן ווירקליך פון זייער קונסט? אָבער זיי האָבן זיך געדאַרפט שלאָגן, די קעפּ זיך אַרונטערנעמען. איך האָב אויף דעם געוואַרט, געמיינט, אַז זיי וועלן זיך שלאָגן. זיי האָבן זיך אָבער אונטערגעגעבן און איציק וויטנבערג איז געפאַלן אַ קרבן. ער אַליין וואָלט אפשר געקעמפט. ער איז אָבער אַריינגעפאַלן אין אַ קרייז פון טרוימער, וועלכע האָבן אין די געדאַנקען געזען פאַר זיך רום און אָרעאָל, היסטאָרישן אָבערגלויבן — אַז ס׳איז אָבער געקומען צום געווער, האָבן זיי זיך פאַרלאָרן, פאַרקויפט וויטנבערגן צום דייטש, אַליין מיר אים געבראַכט. און ער האָט זיך געלאָזן — ווי אַ שעפעלע איז ער געגאַנגען. און ווייסטו פאַרוואָס? ווייל ער האָט געמיינט, אַז ער האָט חברים, ווייל ער האָט געמיינט, אַז ער איז אַרומגע־רינגלט מיט פריינט. נאַרישער וויטנבערג! אַ גאַנצן לעבן האָט ער זיך גענאַרט, אַ גאַנצן לעבן האָט ער געלעבט אין אילוזיעס, ניט זעענדיק דעם אַרום. מיר וועט מען אָבער ניט פאַרקויפן, מיר וועט מען ניט נאַרן, ווייל איך ווייס אַז איך האָב ניט קיין חברים, אַז איך האָב קיינעם ניט. ווייל איך ווייס, אַז איך בין אַליין. און ווער וואָלט זיך דאָס גאָר פאַרגעשטעלט, אַז זיי וועלן האַנדלען פונקט אַזוי ווי איך. דער אונטערשייד איז נאָר אין צאָל, דער אַקט איז אָבער איינער און דער זעלבער. און צי איז דען דאָ אַן אַנדער אויסוועג? האָבן דען דיינע פאַרטיזאַנער קאָמאַנדירן ניט געזאָגט, אַז אין וואַלד זאָלסטו ברענגען נאָר אַזעלכע, וועלכע האָבן געווער? מיר, פאַרשפאַרטע אין געטאָ, זאָלן שאַפן געווער פאַר פאַרטיזאַנער אין די וועלדער?! און וואָס וועסטו טאָן מיט די אומבאַוואָפנטע? אדרבא העלף זיי, גיב אַן עצה? צו מיר שרייט מען: פאַרעטער; ווען מען האָט אָבער געפירט

יידן אויף פּאַנאַר, האָבן זיי געשפּילט פּיאַנע. איך האָב דאָס געדאַרפט. איך האָב קיין אַנדער אויסוועג ניט געהאַט. איך האָב געמוזט פאַר זיי שפּילן. איך, וואָס איך שריי לעבן און אַריבערלעבן, גלויב אַמווינציקסטן אין מיינקע רייד. איך ווייס, איך זע, איך פּיל, אַז ס'איז זעלבסט־שווינדל. איך קען זיך אָבער מיט גאָרנישט העלפן. איך קען ניט לויפן אַזוי ווי דו היין און צוריק, פון וואַלד אין געטאָ און פון געטאָ אין וואַלד. איך בין פאַרשפּאַרט אין אַ טעמפּן ווינקל, פאַר־מויערט אין די געטאָ־מויערן, פאַרדראָטעוועט אין די שטעכל־דראָטן, פּונקט ווי די עדה יידן, וואָס געפינען זיך דאָ צוזאַמען מיט מיר! ווילסט אַרויספירן די יונגע, די באַוואָפנטע? נעם זיי, איך לאָז דיר, וואָס וועסטו אָבער טאָן מיט די איבעריקע? איך האָב ניט קיין עצה, איך האָב ניט!

נאָך אַ לאַנגן שווייגן האָט זיך מיישקע אָפּגערופן:

— איך וויל איר זאָלט מיר העלפן אַרויספירן די יוגנט אין וואַלד. איך האָב וועגן אייך גערעדט מיט מאַרקאָוון. ער זאָגט, אַז די איניציאַטיוו צו דערמעגלעכן אייער פאַרבינדונג מיט פאַרטיזאַנער דאַרף קומען פון אייער זייט.

— איך קען דיר ניט העלפן! און צו וואָס דאַרפסטו מיין הילף? אָט איז דאָ די פ.פ.אָ. — זאָלן זיי גיין.

— צי זייט איר גרייט זיך צו טרעפן מיט פאַרשטייער פון פ.פ.אָ. כדי צו באַזייטיקן געוויסע מיספאַרשטענדענישן און קעגנזייטיקן אומצוטרוי?

— איך בין מסכים, זיי קענען קומען.

## אויף שיידוועגן

ס'איז מיטאָג־צייט. סאַמע זומער. איבערן הייסן טראָטואַר שטעלט שיינע־לייקע אירע טריט און די פיס ברענען איר ווי פייער. זי ברענט דאַכט זיך אין גאַנצן; זי לייגט צו די האַנט צום שטערן און ס'דאַכט זיך איר, אַז זי האָט היץ. דער קאָפּ איז איר ווי בליי, און אין האַרצן פּוסט. גיין גייט זי ווי אַ פּריצטע, אין דער אמתן אָבער ווערט זי שיער ניט צעפּלאַצט פאַר ווייטיק. ערשט יעצט האָט זי איבערגעלאָזט אירע צוויי קליינע קינדער ביי אַ קריסט; ערשט יעצט האָט זי זיך מיט זיי געזעגנט, אויסגעהאַלדזט און אויסגעקושט, אויסגעטוליעט און אויס־געדריקט, זיך אין זיי אַזוי איינגעגעסן, פּונקט ווי זי וואָלט וועלן אויסזייגן און איינזאַפּן אין זיך אויף אייביק זייער גאַנצן קינדערישן טעם. זי פילט נאָך יעצט אויף אירע ליפּן זייערע צאַרטע פּנימלעך, זייערע קינדערשע הענטלעך, וועלכע

האָבן זיך געקלאַמערט און געוויקלט אַרום איר האַלדז; זי פילט דעם אומבאַ־האָלפן שטומען קינדערישן געשריי, ווען זי לאָזט זיי איבער אַליין.

שיינע־לייקע גייט איבער דער רוישיקער גאַס, אָבער מער ווי די קינדער זעט זי ניט. אין די אויערן קלינגט איר ליעניטשקעס שטים: מאַמע, ווען קומסטו צוריק? זי זעט דעם קינדערשן אויסגעבענקטן בליק, די קינדערשע אויגן, וואָס צווייפלען אַפילו אין דער אויפריכטיקייט פון דער אייגענער מאַמען. „איך וועל זיך אומקערן" — האָט זי געזאָגט — „איך וועל קומען" — ניט גלויבנדיק אַליין די אייגענע רייד.

אָט שטייט דער פינף־יאָריקער מיטעקל און האַלט די דריי־יאָריקע שוועסטערל ביי דער האַנט. ער שטייט ווי אַ גרויסער און זיין גאַנצער אויסדרוק אויפן פּנים רעדט: זעסט דאָך, מאַמע, אַז איך בין שוין אַ גרויסער, אַז מען קען זיך אויף מיר פאַרלאָזן. איך וועל שוין אויפפּאַסן אויף איר, אַכטונג געבן, האָב קיין מורא נישט.

נאָך אַ מאָל האָט זי אויף זיי אַ בליק געטאָן, נאָך אַ מאָל אַ קוק געטאָן און אַוועק.

איבערלאָזן קינדער מיט דער מעגלעכקייט, אַז זי קען זיי אַמאָל מער קיינמאָל ניט זען, דאַרף מען קענען. און מער האָט זי זיי שוין טאַקע ניט געזען, ווייל ניט זי האָט באַשטימט דעם גורל פון איר וועלט.

נאָר דערווייל גייט זי נאָך און די פיס טראָגן איר, און דער געוויסן פּייניקט איר: אפשר האָט זי געמאַכט אַ פעלער, אפשר זאָל זי זיך אומקערן און זיי צונעמען צוריק און זיך מער מיט זיי ניט שיידן?

ווי קען מען דען אָבער וויסן וואָס ס'איז בעסער, ווער קען דען וויסן אויף וועלכע וועגן ס'איז באַשערט געראַטעוועט צו ווערן? וויפל נעכט איז זי דאָס איבערגעקומען אַ וואַכיקע, איידער זי האָט באַשלאָסן אַוועקצוגעבן די קינדער. און וואָס האָט זי געזאָלט טאָן? אַן עצה זיך האַלטן האָט זי ניט געהאַט מיט וועמען. אַפילו אַז זי האָט דעם אייגענעם ברודער געפרעגט וואָס צו טאָן, האָט ער אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ און געשוויגן. זי האָט געוווּסט, אַז קיינער וועט איר דאָ ניט ראַטן, אַז קיינער וועט איר דאָ ניט העלפן, אַז נאָר זי אַליין דאַרף באַשליסן. און פון וואַנען האָט זי געקאָנט וויסן, אַז איר, אַ פרוי מיט צוויי קליינע קינדער, וועט דערקלערט ווערן קריג? פון וואַנען האָט זי זיך דאָס געקאָנט פאָרשטעלן?

זי האָט אָבער געוווּסט, אַז לויפן זיך ראַטעווען אין לעצטן מאָמענט וועט איר אָנקומען שווערער. איז שוין אפשר גלייכער אַזוי. אין האַרצן איז איר אָבער געווען פּוסט. די פיס זיינען איר געווען אונטערגעבראָכן, אַן אַנגסט האָט איר אַרויסגעשלאָגן איבערן גאַנצן קערפּער. ס'האָט זיך איר פאַרוועלט שרייען, רייסן קברים, איינרייסן וועלטן.

זי דאַרף אָבער גיין שטאָלץ, זי מוז האַלטן פּאַסאָן, ווייל זי גייט ווי אַן אַריערין

אויפן טראָטואַר. זי מוז מאַכן אַן אָנשטעל, ווייל אַ פאַרשוואַרצטער פּנים קען איר פאַראַטן. זי טאָר קיין קרעכץ ניט געבן, אַ טרער ניט לאָזן פאַלן, ווייל אַ קרעכץ איז אַ יידישע טבע, און אַ טרער — אַ טייל פון אַ יידישער נשמה. זי מוז גיין מיט פאַרביסענע ליפּן און לאַכן צו דער וועלט.

אַז זי האָט דערלעבט צו קומען אין געטאָ, אַהיים, האָט זי זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט און זיך ביטער צעוויינט — קיין אַנדער טרייסט איז פאַר איר ניט געווען.

אין דער יוגנט איז שיינע־לייקע געווען אַ בראַנד — נאָר די וועלט־רעוואָלו־ציע האָט זיך איר געוואָלט אַדורכפירן, און ווען די פוילישע אָכראַנע האָט זיך אָנגעשלאָגן אויף אירע שפּורן, איז זי אַנטלאָפן מיט אַ חבר אין רוסלאַנד. דעם חבר האָט זי פאַרלאָרן אין די נאָכווייעניש פון דער רעוואָלוציע און אַליין איז זי געבליבן מיט צוויי קליינע קינדער. צוריק אַהיים האָט זי זיך אומגעקערט אין ניין און דרייסיקסטן יאָר, ווען די רוסן האָבן פאַרנומען סוועטנציאַן. מען האָט גאָר ניט געקאָנט דערקענען די פריערדיקע שיינע־לייקע. פאַריגלט און פאַרמאַכט, פאַרשטומט און פאַרשלאָסן, שטילער פון וואַסער און רואיקער פון אַ טויב. אויס שרייערקע, אויס רעוואָלוציע. די ערשטע קלעפּ, וואָס זיינען געפאַלן אויף איר נאָכן אויסברוך פון דייטש־סאָוויעטישן קריג, האָט זי אויפגענומען מיט הכנעה, ווי אַ געשלאָגענע. זי האָט געזען ווי די דייטשן האָבן מיט זייערע אַנטי־יידישע פאַראָרדענונגען פונאַנדערגעבונדן די סטיכיע פון אומגעצוימטער יידן־שנאה, זי האָט געזען ווי באַדריקטע פעלקער לאָזן אויס דעם בלינדן צאָרן פון אייגענע מפּלות אויף יידישע קעפּ, און אַן אומבאַהאָלפענע איז זי געשטאַנען מיט אַלעמען אַנטקעגן דער כוואַליע פון אַלגעמיינער אויסראָטונג, אַנטקעגן דער מלחמה אויף יידן.

דער גערודפטער ייד וואָלט זיך אפשר פאַרשלאָסן אין שטוב, נאָר מען האָט אים פון דאָרטן אַרויסגעשלעפּט מיט געוואַלד. ער וואָלט אַנטלאָפן צו די חיות אין די וועלדער, נאָר דער וועג איז אים אומעטום געווען פאַרשטעלט. ער וואָלט זיך באַגראָבן אין דער ערד, נאָר די ערד האָט זיך פאַר אים ניט געוואָלט שפּאַלטן. און דער איינציקער וועג, וועלכן מען האָט פאַר די לעצטע פריי געמאַכט, איז געווען די געטאָ, און כאָטש די געטאָ איז פאַר זיך אַליין געווען אַ גזירה, איז דער ייד אַהין געלאָפן ווי אין אַ מקום־מקלט, ווו ער האָט זיך געקאָנט אויס־באַהאַלטן פון זיינע נאָכפאָלגער, הינטער וועמענס ווענט ער האָט זיך באַפרייט פון די אַרומיקע שונאים און געבליבן נאָר אַנטקעגן איינעם — דעם דייטש.

אין דעם פאַסיר־שיין האָט דער ייד דערזען אַ שטיקל זכות פאַרן לעבן, אין דעם טאָג אַרבעט האָט ער געזען אַ שטיקל אָנהאַלט פאַר זיין חיונה.

אין די ענג צונויפגעשפּאַרטע געטאָ־געסלעך האָט אויפגעוואַכט אַ שטראַל פון האָפענונג, אַ שטראַל פון נחמה. אין דעם צוויי־יאָריקן געטאָ־קאָשמאַר איז אָבער די האָפענונג צערונען. דערפאַר אָבער איז דער אַרום געוואָרן העלער. פאַרטיזאַנער

אין די וועלדער, און אַן אָפּשיין פון באַגינען האָט דורכגעשניטן די געטאָ־פינצטערניש.

פאַר דער צייט איז אין געטאָ אויסגעוואַקסן אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג, ס׳איז אָבער געווען איינגעוויקלט אין מאַנטל פון יידישער מסורה, פון קדוש־השם — און ווען מען ווילט זילט זיך שטאַרבן, אַז מען טראַכט פון לעבן.

אין 43־טן יאָר, ווען מען האָט ליקווידירט די סוועניציאַנער געטאָ, איז שיינע־לייקע פאַרוואָגלט געוואָרן אין ווילנע. דאָ האָט אין איר צוריק אויפגעוואַכט איר בונטאַרישע נאַטור. עס האָט פון איר גענומען אַרויסשרייען איר איגערלעכער פּראָטעסט. זי האָט גענומען איינרייסן ווענטן און געזוכט צו אַנטלויפן פון געטאָ.

— דו מוזט אונדז מיטנעמען אין פּאַרטיזאַנקע! — האָט זי אָנגעכאַפּט מייש־קען אין מיטן גאַס, — דו מוזט אונדז אַרויסנעמען פון געטאָ. די קינדער האָב איך איינגעאָרדנט ביי קריסטן, אַ רעוואָלווער האָב איך, נישטאָ קיין שום סיבה זאָלסט אונדז ניט וועלן מיטנעמען אין וואַלד. מיינס האָב איך שוין דורכגעווייטיקט, אָבער אַזוי שטאַרבן וויל איך ניט, איך וויל ניט! — צאַפּלט שיינע־לייקע פליס־טערנדיק די ווערטער — פאַר קיין שום פאַל ניט, איך האָב נאָך קינדער און וויל נאָך דערלעבן זיי צו זען.

נאָר מיישקע שטייט און זעט גאָר אַן אַנדערע שיינע־לייקע. ניט די צעבראָ־כענע שיינע־לייקע זעט ער, ניט די צאַפּלדיקע מאַמע זעט ער, נאָר שיינע־לייקען די איינגעשפּאַרטע און פאַרביסענע, מיטן שניידנדיקן בליק און אויסגעצויגענער האַנט — גייט! — האָט זי דאַן געשריען, וואָס דאַרפט איר דאָ? וואָס האָט איר זיך אָנגעטשעפּעט? אַ קינד נאָך אַן עופה׳לע, גאָט די נשמה שולדיק. גייט! — קלינגט אין זיינע אויערן איר בייסיקע שטים. גייט! — זעט ער פאַר זיינע אויגן איר באַפעלעריש אויסגעשטרעקט אַכזריותדיקע האַנט.

שוין צוויי יאָר פאַרביי, — אַ סך וואַסערן זיינען שוין אין ים אָפּגעפלאָסן. שטעט און שטעטלעך זיינען מיט דער ערד אויסגעגלייכט געוואָרן, וועלטן האָבן זיך איבערגעדרייט, אַ הריגה פון אַ פאָלק אַ גאַנצן. איז וואָס פאַראַ ראָל קאָן שוין שפּילן אַ פאַל, ווען אַ בחור פאַרפירט אַ מיידל. נאָר דאָס געדעכעניש פון אַ נשמה שוועבט אַרום ווי אַ גלגול און לאָזט זיך ניט פאַרגעסן. מיישקע דערמאָנט זיך דער מאַמעס האַרץ, וואָס איז פאַרשוואַרצט געוואָרן פאַר ווייטיק און פאַר שאַנדע, איר אומבאַהאָלפנקייט, די ציטערנדיקע ציינער, די אָנמעכטיק זיך טרייסלענדיקע אַראָפּגעהאַנגענע ליפּן און איר שוואַכע שטים: שיינע־לייאינקע, ווי קען מען דאָס? — נאָר שיינע־לייקעס האַנט איז דראָענדיק געווען אויסגעשטעלט צו דער טיר — גייט, ווער דאַרף אייך דאָ?! און ראַכמילינקע, איר יינגערער ברודערל, דער 22־יאָריקער עופה׳לה, נעבעך, אַ מעטער 86 די הויך, איז אַנטלאָפן קיין גלובאָק פאַר דער אַקציע פאַליגאַן, און זי, נחמקה, מיישקעס שוועסטער, די נאַר, די פערד, איז אים נאָכגעלאָפן מיט אַ קינד אונטערן האַרצן אין פינפטן מאָנאַט. נאָר איר

ציל האָט זי ניט דערגרייכט, אויפן וועג האָט מען איר געכאַפּט און געהרגעט. ער, ראַכמילינקע, האָט אויך קיין בעסערן סוף ניט געהאַט. אין גלובאָק האָט מען אים פאַרהאַלטן און אומגעבראַכט אין אַ לאַגער, צוזאַמער מיט רוסישע פּלעניקעס. די ערד האָט אַלץ אויסגעגלייכט, פאַרגלעט, נאָר די עדות שטייען. אירס האָט זי אויסגעפירט, אָבער וואָס האָט זי געוווּנען?

יעצט צאַפּלט זי, פּונקט ווי זיין מאַמע דאָן. זי רעדט ניט פון ליבע, זי רעדט ניט פון כבוד, זי וויל לעבן, זי וויל ער זאָל זי נעמען אין וואַלד. די צוויי קינדער האָט זי איינגעאָרדנט, זי וויל אַזוי ניט שטאַרבן. דאָס איז איר איינציקע ביטע, איר איינציקער ווונטש. נאָר אין וואַלד וועט ער איר ניט נעמען. זאָל זי גיין ווו זי וויל, זאָל זי גיין אַליין, זאָל זי גיין צו פ.פ.אָ. — ניט מיט אים. ערשט נעכטן האָט ער אַוועקגעפירט אַווראָם כוואָיניק, יאַנקל קאַפּלאַן, כיענע באַראָווסקי און אבא קאָוונער אין יודן־ראַט. דאָרט האָבן זיי זיך געטראָפן מיט גענסן און מיט דעס־לערן. דאָרט, אויפן צוזאַמענטרעף, זיינען אויסגעגליכן געוואָרן אַלע שטרייטן צווישן דער פפ.אָ. מיט די געטאָ־אָנפירער. גענס און דעסלער זיינען מסכים פ.פ.אָ. זאָל פאַרלאָזן די געטאָ. סוף סוף האָט אַ ריר געטאָן דער אייז — פפ.אָ. גייט אין וואַלד. זאָל שיינע־לייקע גיין מיט זיי, ער וועט איר ניט נעמען.

שיינע־לייקע איז ניט די ערשטע און ניט די לעצטע, וואָס וויל גיין אין וואַלד. שיינע־לייקען האָט ער טאַקע ניט געוואָלט נעמען, אָבער שמולינקען יאָ. איז דאָך אָבער אַ פאַרקערטע וועלט. איז גיי און קלייב זיך פונאַנדער אין אַ מענטשנס נשמה. אַפילע אין אַזעלכע וועלטן, ווו דער מלאך־המות מיטן אשמדאי זיינען די איינציקע בעלי־בתים.

— וואָס מאַכסטו, שמוליק? — פרעגט מיישקע, אָנטרעפנדיק שמוליקן אין געטאָ.

— איך לעב, — ענטפערט אים שמוליק.

שמוליק צייקינסקי — פּעסלס מוזיניקל. ווי געפּיעשטשעט ער איז דאָס געווען ביי זיין מאַמען. אַ קלייניקייט — מולינקע. שמוליק איז געבליבן אַ גרין צווייגעלע פון אַן אָפּגעהאַקטן בוים, אַ קינד נאָך, עלף יאָר אין גאַנצן, און אויס־געוואַקסן איז ער, קיין עין הרע, ווי אויף הייוון, ווי אויף צו להכעיס די שונאים — הויך און ברייט, פול מיט לעבן, אַ נחת אויף אים אַ קוק צו טאָן. ווער עס קען שמוליקן און טרעפט אים אין געטאָ, בלייבט שטיין אַ פאַרוווּנדערטער, פּונקט ווי אַ וואַנדערער, וואָס טרעפט אָן אין די מדבר־זאַמדן אַ גרינעם געוויקס.

שמוליק שיינט אַרויס מיט זיין גוף פון דער געטאָ ווירקלעכקייט. ער שטייט מיט אַ קאָפּ העכער פון גאַנצן אַרום. זיין גוף איז ווי אַ וועזן, אויף וועלכן די שטורעמס און ווינטן האָבן נישט קיין שליטה, — פאַרקערט, וואָס שטאַרקער דער

שטורעם, אַלץ מער צעוואַקסט ער זיך גאָר. שמוליק איז ווי דער יידישער נס, ווי די גבורה פון דער יידישער אייביקייט, און זיין נשמה איז נאָך מער אומפּאַר־שטעדלעכער ווי דער גוף. זי איז טיף ווי די ימען, גאָר ניט צו באַגרייפן.

— שמוליק, קום, איך וועל דיר נעמען אין וואַלד.

— מיר רופסטע אין וואַלד, האָסט שוין ניט געפונען וועמען צו רופן? — רופט אויס שפּאָטיש־שמייכלענדיק שמוליק.

שמוליקס פּנים איז עטוואָס אָפּגעצערט און בלאַס, די פּאָרמען — ווי אויס־געהאַקט פון שטיין, די אויגן — קוילן־שוואַרץ און טיף; און אַ מידקייט, וועלכע ער טראָגט שטאָלץ, שוועבט אַראָפּ פון זיין געזיכט.

— פאַרוואָס קענסטו ניט גיין אין וואַלד, וואָס האָסטו צו טאָן אין געטאָ?

— וואָס איך האָב צו טאָן אין געטאָ? איך בין ביי יאָכקעס קרובים, צוויי משפּחות, און אַז מען גייט עסן זעצן זיך אויס אַרום טיש צען קליינע פּיסקעלעך, ברעקלעך נאָך, — און פאַרדינער זיינען דאָ צוויי: איך און יאָכקעס קוזין. איך מיט אים זיינען די איינציקע ברויט־געבער. ווייסט וואָס דאָס הייסט? איין טאָג אַז מיר אַרבעטן ניט, איז ניטאָ וואָס צו עסן — קאַפּוט!

— וווּ אַרבעטסטו?

— ביים באַן.

— וואָס טוסטו דאָרטן?

— די סאַמע בכבודיקסטע אַרבעט: מען שלעפּט צוקער, זאַלץ, גרויפּן; הונ־דערט, הונדערט צוואַנציק, הונדערט פופציק קילאָדיקע זעק; און אַרבעטן אַרבעט איך דאָרטן מיט די גרעסטע פּני פון שטאָט, בעלי־עגלות, טרעגער, פּאַסער, גנבים, די פינפערלעך, די הונדערטערס, די גאַנצע אונטערוועלט. מיר לאָדן אויס און אָן סחורה פון און אין די וואַגאָנען; די גרעסטע שמוגלער, מיר האָבן געמאַכט די גרעסטע געשעפטן, ווען ניט מיר וואָלט די געטאָ שוין לאַנג אויסגעצויגן מיט די פיס. מיר פלעגן אַריינשמוגלען צו פינף, צו צען, צו פופצן, אַפילו צו צוואַנציק קילאָ פּראָדוקטן, ביז די טאָר־וואַך האָט זיך אָנגעזעצט אויף אונדז. די ערשטע צייט איז געווען ביטער, די חברה האָבן זיי פאַרשאָלטן, געוואָלט געבן צעריסן אויף שטיקער; נאָך דעם האָבן זיי זיך באַרואיקט, ווייכער געוואָרן. יעצט זיינען זיי פּאַר געבן גרייט צו גיין אין פייער און אין וואַסער; ער פירט אַריין אין געטאָ גאַנצע אויטאָס מיט פּראָדוקטן. זיי זאָגן, אַז ער איז אַ גרעסערער מאַרעוויכער פון זיי.

אָט אַזוי איז שמוליק געשטאַנען און זיך פאַרענטפערט. ער וואָלט געגאַנגען, נאָר ער קען ניט. צען פּיסקעלעך. ער זאָל אַוועקגיין, בלייבן זיי אָן עסן, שטאַרבן פון הונגער, עק וועלט, קאַפּוט.

*

מירעלע, מירעלע ליגומסקי — אַ העלער פלעק אין גרוי פון געטאָ. דער העלער מאַנטל צייכנט בולט איר שלאַנקע פיגור אין גרויען אַרום. זי גייט מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ. פאַר וועמען האַלט זי זיך דאָס אַזוי גרויס? נאָר אַזוי גייט מירעלע! אַ פנים פון אַלבאַסטער, אַ פּאָר לייכטנדיקע אויגן, אַ שטיק וועגוס אין געטאָ ווילנע. פאַרבייגייער שאַרן זיך אַראָפּ פון שמאָלינקן טראָטואַר אויף די מיטלעלטערלעכע געסלעך, ניט דערפאַר ווייל מען קען ניט דורכגיין, נאָר ווייל פון זייט איז מירעלען בעסער אָנצוקוקן. זי איז דאָ ווי אַ פרעמדע, זי פּאַסט זיך גאָר ניט אַריין אין טרויעריקן אַרום, אַ שרייענדיקער קאָנטראַסט צו זייער פינצטערן מזל. ווייל אַז מען קוקט אָן מירעלען, דערפילט מען דעם ריח פון וויינגערטנער און סעדער, פון גרינע לאָנקעס און בלומען, פון שלעסער און פּאַלאַצן — מען זעט גאָר אַן אַנדער וועלט. מירעלע — דאָס איז חוה מיט וועמען גאָט האָט געבענטשט אדמען. נאָר דער אַלגעמיינער גורל האָט איר ניט אויסגעמיטן, און אפשר האָט ער איר נאָך געטראָפן מער ווי אַנדערע.

אַז מען האָט יידן געטריבן אין געטאָ, האָבן אַלע געשלעפּט שמאָנצעס, זאַכן, בעבעכעס. מירעלע האָט קיין זאַך ניט גענומען, מירעלע האָט אין געטאָ אָנגעשלעפּט ביכער —אַ וועלט מיט ביכער. פון שטענדיק אָן איז זי געווען אַריינגעטאָן אין מעשי בראשית, געקריצט פון שוואַרצע אותיות אויף ווייסן פּאַפּיר. אין בוך האָט מירעלע געזוכט די נשמה, דעם גוף פון צלם-אלוקים, זיין אייביקן פּלאַם. און אַז מירעלע האָט אויפגעהויבן די אויגן, איז דיר געווען שווער צו טרעפן ווו איר בליק בלאָנדזשעט און וואָס זי טראַכט.

אין געטאָ האָט מיישקע ביי איר גענומען ביכלעך. פּערעצעס לידער, גאָרקיס „מוטער", שלום אַשס „קדוש השם", הוגאָס „93-טע יאָר", העס „ירושלים און רוים", „די פערציק טעג פון מוזאַ דאַג", „ספּאַרטאַק" און „זשאַן דאַרק". מירעלע אין וואַלד? מילא פון שונאים, אָבער מירעלע זאָל געשענדעט ווערן פון אייגענע — דאָס קער ער זיך ניט פאָרשטעלן. אָבער מירעלע איז דווקא געשענדעט געוואָרן פון אייגענע, פון שוכמאַנקען. ער לעבט נאָך אפשר ערגעץ דער מנוול, אַ רוח אין זיין טאַטנס טאַטן אַריין.

— דיר איז גוט, — זאָגט זי צו מיישקען— קענסט לעבן און שטאַרבן ווי אַ מענטש, איך אָבער בין אַ פאַרלאָרענע, אַ פאַרשאָלטענע.

און אַז מען זאָל אַלץ אויסדערציילן, וואָס מירעלע האָט דורכגעמאַכט אין געטאָ, וואָלטן דאַכט זיך שטיינער אויך צעריסן געוואָרן פאַר ווייטיק.

משה שוטאָן

# מאַשע

סאָניע מאַדייסקער, וואָס פאַרטרעט אין פ.פ.אָ. די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי; איז אויפגעבראַכט און צעטראָגן. זי, די פאַרקאָכטע פאַרטיי־אַקטיוויסטקע, איז צוגעווױנט צו שטרייטן און ויכוחים, נאָכגעבן און ניט נאָכגעבן, אָבער פירן אַ דיסקוסיע מיט אַ ייִנגל הלכות קאַמף און געראַנגל, האָט איר אויסגעזען אונטער איר כּבוד. אויב פאַרקערפּערט ווער אין געטאָ אַקטיוון קאַמף קעגן נאַציזם — און פאַשיזם, זיינען דאָס זיי. און דאָ קומט אַ ייִנגל, געשיקט צו זיי פון מאַרקאָוון און וויל זיך גאַרניט אונטערוואַרפן זייערע באַפעלן.

— ווו שטייט עס געשריבן — זאָגט מיישקע צו סאָניען — אַז איך דאַרף פירן אין וואַלד גאָר מיטגלידער פון דער פ.פ.אָ. אָרגאַניזאַציע? און וואָס זיינען ביי אייך די איבעריקע יידן פון געטאָ? איך וועל פירן די, וועמען איך וועל וועלן. איר קענט מיר ניט אָנווייזן. מער ווי צען מאָן וועל איך פון אייך ניט נעמען, די איבעריקע וועל איך פירן אייגענע.

— ווער ביינסטו דאָס, וואָס דו טראַכסט זיך, אַז דו קענסט טאָן וואָס דו ווילסט? בינסט ניט מער ווי אַ שליח!

— אַ שליח? ווען ניט איך מיט שיקען, וואָלט איר פון מאַרקאָוון קיין בריוו ניט באַקומען און זיינעם אַ שליח פאַר אייערע אויגן ניט אָנגעזען.

— אין בריוו שטייט געשריבן, אַז —איר זייט פאַרבינדלער געשיקט צו אונדז.

— ווי איר פאַרשטייט.

— דו ביסט אַ זעלנער און דו מוזט זיין דיסציפּלינירט, אויך מיר זיינען זעלנער און טוען ניט שטענדיק וואָס אונדז געפעלט!

— נו וואָס זאָל איך טאָן, אַז ביי מיר שטייען די געפילן טיילמאָל העכער ווי די דיסציפּלין.

— אַ קעמפער טאָר זיך ניט רעכענען מיט געפילן, אַ קעמפער דאַרף זיין דיסציפּלינירט.

— אויב אַזוי וועט איר שוין פון מיר קיין דיסציפּלינירטן זעלנער ניט מאַכן.

— אַנאַרכיע, הפקר אַ וועלט?

— הפקרות מיט דיציפלין פאַרענען זיך אָפּטמאָל גאַנץ גוט צונויף.

סאָניע האָט צוזאַמענגעצויגן די ברעמען.

— בינסט נאָך אַ ייִנגל און פאַרשטייסט נאָך בכלל ניט וואָס ס׳הייסט קאַמף.

— ווייס איך ניט.

— אייגנטלעך ווער זיינען דאָס די אַנדערע, וואָס דו ווילסט אַזוי מיטנעמען אין וואַלד?

— יידן: אַן עלטער־מומע מיינע, אַ שנור אירע מיט איר זון, אַ חברס צוויי

שוועסטער, צוויי שוועסטער־קינדער, מיינע אַ שוועסטער, חברים — ס'פעלט ניט, ס'איז דאָ!

ווי מען וואָלט סאַניען אַראָפּגעזעצט פון די ליכטיקע הייכן אויף דער פינצ־טערער ערד. זי, וואָס לעבט מיט אידעאַלן; זי, וואָס איז גרייט דאָס לעבן אַוועק־צוגעבן פאַר העכערע צילן; זי, וואָס איז זיך מוסר־נפש פאַר אַנדערע וועלטן, וואָס איז זיך גרייט מקריב צו זיין פאַר דער פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג פון אַלע פעלקער אויף דער וועלט — איר דערציילט מען מעשיות פון אַן עלטער־באָבען. זי האָט זיך אויף אַזוי ווייט פאַרלאָרן, אַז ס'האָט איר אָפּגענומען דער לשון. די אויגן האָבן זיך איר אָנגעפילט מיט טרערן — ניט דאָ אַפילו מיט וועמען צו ריידן.

— מיר וועלן נאָך זען! האָט זי אויסגערופן און אַוועק.

מיישקע קוקט נאָך סאָניען. וואָס האָט זי זיך אַזוי באַליידיקט, וואָס האָט זי זיך אַזוי צעראַסטראָיעט, וואָס לויפט זי דאָס אַזוי און ווּהינדען קען זי דאָס לויפן?

נישט שוין זשע זעט זי נישט, אַז מען שלאָגט יידן פּאַגאַלאָוונע, צי זיי זיינען רויטע צי ווייסע, לינקע אָדער רעכטע, איינגעפונדעוועטע באַלעבאַטים, אָדער אָפּגעריסענע אביונים. נישט שוין זשע זעט זי ניט, אַז מען אונטערשיידט דאָ ניט פון קיין קלאַסן און שיכטן, פון קיין פרומע און אַפּיקורסים, פון קיין משומדים און אָפּטריניקעס, צווישן יונג און אַלט. אַלע גלייך! אַלע פון איין גאָט! אַלע יידן!

אומפאַרשטענדלעך קוקט ער נאָך דער לויפנדיקער סאָניע. ווי זעט זי דאָס ניט? ווי פאַרשטייט זי דאָס ניט?! ווּ און צו וועמען קען זי דען לויפן?

ער וויל איר צוריקרופן, נאָכשרייען, נאָר סאָניע לויפט.

און מיישקע האָט דערזען שלום עליכמס מאַשע. מאַשען פון טויזנט ניין הונדערט פינפטן —יאָר, מאַשען פון דער רעוואָלוציע. אַ געפיל פון מיטלייד האָט זיך אין אים דערוועקט אויף דער באַליידיקט אַנטלויפנדיקער מאַשע, וואָס פלאַ־טערט אַזוי, אַפילו אין געטאָ, וואָס זעט די וועלט אַזוי ראָז, וואָס איז אַזוי ציטערנ־דיק־ראָמאַנטיש; וואָס איז אַזוי איינגעגלויבט אין איר אידעאַל און איז גרייט אַוועקצוגעבן פאַר אים איר לעבן.

נאָר ניין, ער וועט איר ניט נאָכגעבן, ער מוז איר ניט נאָכגעבן. אַזעלכע, וואָס זייער לעבן איז ניט געפלאָסן דורך די ראַמען און אונטער דער אויבער־השגחה פון אַ פאַרטיי, ווילן אויך לעבן, קענען אויך קעמפן! ער וועט איר ניט נאָכגעבן, ווייל ס'זיינען היינט נייע צייטן, גאָר אַנדערע צייטן. מאַשינקע. און יענע מאַשעס צייטן פון וווּנדערבאַרע חלומות זייגען ניט צוריקבאַר, ווי ס'זיינען ניט צוריקבאַר אַוועקגעגאַנגענע יאָרן.

משה שוטאַן

# אַ רעזולטאַט פון קעגנזייטיקע באַציאונגען אויפן גרונט פון אַן אָנגענומענעם כלל, אַז דער מענטש דעם מענטש איז אַ וואָלף

שיקע מיט חייקען זיינען שוין לאַנג אין געטאָ. ווען ער איז געקומען איז שוין אַלץ געווען באַשטימט, אָפּגערעדט, און ס'איז נאָר געבליבן צו וואַרטן פּ.פּ.אָ. ואָל אַרויסשיקן די ערשטע גרופּע אין וואַלד.

אויף מיישקען איז שיקע ניט לאַסקאַווע, הלמאי ער וואַרפט זיך ניט אונטער די באַשלוסן פון פּ.פּ.אָ. און וויל אָרגאַניזירן מענטשן אויף אייגענער האַנט.

— די שטעלסט מיר שאלות פאַרוואָס איך פיר ניט אַלע פון פּ.פּ.אָ. און וואָס זיינען ביי דיר די קרובים, חברים, ניע נאַשע, אַ מאַך טאָן אויף זיי מיט דער האַנט און פטור? דו אַליין עסט זיך גאַנץ גוט פאַר דעם, וואָס דו האָסט זיך ניט באַהאַלטן צוזאַמען מיט דיינע צוויי ברידערלעך, ווען מען האָט אַלעמען געפירט אין פּאָליגאָן, זיך באַקלאָגט. און יעצט רעדסטו מיר פון ריכטונגען, פון ליניעס, פון דיסציפּלין?

נאָר שיקע איז איינגעשפּאַרט און האַלט זיך ביי זייניקע. ער האָט זיך דאַכט זיך אָנגעשטעקט מיט די לאָזונגען און טראַנספּאָראַנטן, וואָס ער האָט געמאָלט פאַר די סאָוויעטן. ער גייט זיך גאָר פירן פּאָ פּלאַנו —און רעדט צו מיישקען פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, פון מעטאָדן, פון אַלגעמיינע פליכטן, פון מאַרקאָווס בריוו.

— דו רייד מיר ניט פון בריוו. איך האָב נאָך פאַר דיר געבראַכט צו זיי אַ בריוו, און אַז זיי האָבן ניט געוואָלט, זיינען זיי ניט געגאַנגען און אויב האָבן זיי יעצט באַשלאָסן צו גיין, איז דער וועג פריי. די פאַרבינדונג, וועלכע מיר האָבן זיי געגעבן, איז גענוג. דו פירסט אַלע פון זיי און איך נעם נאָר צען. זיי קענען גיין אַליין. די אָנווייזונגען, וועלכע מיר וועלן זיי געבן, זיינען גענוג. ניטאָ דאָ וואָס צו קומען מיט טענות. און ווייטער, וואָס וואַרטן זיי אַזוי לאַנג, וואָס שלעפּן זיי? יעדער טאָג איז דאָך אַ שאָד. פריער האָט ביי זיי געברענט און יעצט האָבן זיי געקראָגן צייט.

— זיי ווייסן וואָס זיי טוען, — האָט שיקע פאַריסן און ווי צווידייטיק געענטפערט:

*

מיישקע טראַכט און קען ניט פאַרשטיין וואָס קומט דאָ פאָר, וואָס האָט דאָ פּאַסירט און וואָס איז די סיבה, וואָס שיקע האָט זיך מיטאַמאָל אַזוי איבערגעביטן; צי איז דאָס דער זעלבער שיקע, וועלכן ער קען, וועמען ער איז דאָס אַלעמאָל אַזוי נאָכגעלאָפן; שיקע, וואָס איז געלאָפן ברענגען דעם ראַדיאָ; שיקע, וואָס איז אינמיטן העלן טאָג געקומען צולויפן אין אָכראָנקע מיט אַ שילד פאַר דער מילכעריי, צוגעגאַנגען צו די יאַטן, וועלכע האָבן דאָרט געאַרבעט, און געבעטן אַ ביקס, און אונטערן נאָז פון די דייטשן און ליטווינער אַרויסגעטראָגן דעם ביקס; צי איז דאָס

דער זעלבער שיקע, וואָס האָט ניט פאַרמאָגט אין זיך קיין ביסל סטאַיקייט, שיקע, וואָס איז אַרומגעלאָפן פונקט ווי זיין טאַטע, געברענט און געבראָטן! און דאָ, איז ער מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי רואיק, שטיל, געלאַסן. פאַר מיישקען איז פאַרבייגעשוווּמען דער באַראַנישקער וואַלד, דער וואַלד, ווו זיי האָבן זיך דעם ערשטן מאָל געטראָפן מיטן ערשטן רוסישן פאַרטיזאַן.

ווען זיי זיינען יעצט דעם לעצטן מאָל אַרויס פון נאַראָטשער וואַלד קיין ווילנע האָבן זיי זיך פאַרנומען אויפן פאָסטאַוו, איבערלאָזנדיק פאָסטאַוו און רעכטס, זיינען זיי אַוועק אין דער ריכטונג פון באַראַנישקער וואַלד. געגאַנגען זיינען זיי ניט אַליין, נאָר מיט אַ גרופע, וואָס איז אין דער געגנט פון פאָדבראָדז געגאַנגען אַראָפלאָזן אַ באַן.

אַרויס צום ברעג פון באַראַנישקער וואַלד, גייט וואַסקע דער קאָמאַנדיר דער ערשטער. ער גייט ביים ראַנד און די איבעריקע נאָך אים. מיטאַמאָל האָט ער געגעבן אַ צייכן מיט דער האַנט אַלע זאָלן אַריין אין וואַלד, און אַליין האָט ער זיך באַהאַלטן הינטער אַ בוים.

אַנטקעגן זיי זיינען פאַרטראַכט געגאַנגען דריי פאַרטיזאַנער.

— שטייט! ווער זייט איר?! — האָט וואַסקע אויסגעשריען.

אויף וואַסקעס אויסגעשריי האָבן זיי אַלע אויפגעהויבן די קעפּ מיט אַ מינע, ווי איינער וואָלט זיי געזאָגט גוט-מאָרגן. און אַז ער האָט אויסגעשטעלט אַנטקעגן זיי דעם אַוטאָמאַט, האָבן זיי אים אַנגעקוקט מיט פאַרווּנדערונג, באַקוקנדיק זיך איינער דעם צווייטן, ווי איינער זאָגט: וואָס איז דאָס פאַר אַ שאלה, ניט שוין זשע זעט מען דען ניט ווער זיי זיינען?

לגבי דעם ניט אַלגעמיין פאַרטיזאַנישן הולך, זיינען זיי געווען אַנגעטאָן אַריסטאָקראַטיש — אַלע אין די זעלבע קערזאָווע שטיוול, גאַנצע הויזן און רובאַשקעס, און טונקל געפּאַסטע רעקלעך. אויף די באַוואָפענונג זייערע איז געווען אַ יחוסדיקע — אַוטאָמאַטן, ברייטע רימענס, באַהאַנגען מיט רעזערוו-מאַגאַזינען, גראַנאַטן און פיסטאָלעטן — מיט איין וואָרט, ווי געבאָרענע אין גאָלדענע העמדלעך.

פון אַלע דריי האָט זיך אויסגעטיילט דער מיטלסטער, העכער פון מיטעלן וווּקס, אַ שטשופּלער, מיט אַ לענגלעך איינדרוקספולן אָפּענעם געזיכט.

ניט אַרונטערנעמענדיק דאָס געווער פון אַקסל, זיינען זיי אַלע דריי צו ביז וואַסקעס אָנגעשטעלטן אַוטאָמאַט.

— און ווער ביסטו? — האָט דער מיטלסטער געענטפערט, אַדורכנעמענדיק וואַסקען מיט אַ פאַר דורכדרינגלעך שוואַרצע קלאָרע אויגן.

וואַסקע איז אויף זיי מלא רציחה, ער פיבערט, ער וואָלט אַ צי געטאָן דעם צינגל און זיי אַלעמען אַוועקגעלייגט אויף אָן אָרט פאַר דער חוצפה אַרויפצוקריכן אַזוי אוויף זיין אָנגעשטעלטן אַוטאָמאַט, פונקט ווי ער וואָלט גאָר געהאַלטן אַ קאַטשאַלקע אין האַנט.

— ענטפערט, אַז מען פרעגט ביי איך! — האָט ער אויסגעשריען אַ בייזער, אַ צי געבבנדיק זיך אויף צוריק.

— באַרואיק זיך, ברודערל, און שריי ניט! — האָט אויסגערופן דער מיטלסטער מיט אַ רואיקן קול, — דו געפינסט זיך דאָ אין דער גרענעץ פון אַ פּאַרטיזאַנער באַזע, און אַז דו בינסט אַ פּאַרטיזאַן זע איך, ווייל קיין דייטשן וואָלטן דאָ אַזוי ניט קענען אַריינקומען.

— פון וואַנען בינסטו דאָס אַזוי זיכער?

— נו, מיר וועלן זיך יעצט ניט אַוועקזעצן לערנען פּאַרטיזאַנער־סטראַטעגיע. פון וועלכער בריגאַדע בינסטו?

פון הינטער די בוימער זיינען אַרויס די איבעריקע פּאַרטיזאַנער. וואַסקע שטייט און ווייס ניט וואָס צו טאָן. אַזאַ מין געשפּרעך האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געפירט, און ניט פאַרשטייענדיק דעם ענטפער און די פראַזעאָלאָגיע, האָט ער נאָכגעגעבן:

— פון מאַרקאָווס.

— פון מאַרקאָווס בריגאַדע? האָסטו דאָך גלייך געקאָנט זאָגן. מיר זיינען פון דער ליטווישער, און איך בין דער קאָמיסאַר פון אָטריאַד „ווילניוס". מיר שטייען דאָ צייטווייליק אין אין באַראַנישקער וואַלד, אַ פּאָר טריט פון דאַנען. איך ווייס ניט ווו איר גייט, נאָר אויב איר זייט מיד און האָט צייט, קען איך אייך איינלאַדן אַלעמען אויף מיטאָג. ס'איז פאַר מיר אַ כבוד מיט וואָס אָפּצודינען מאַרקאָווס פּאַרטיזאַנער.

אַלס אַ צייטווייליקער, איז דער לאַגער, צו וועלכן זיי זיינען אָנגעקומען, געווען ניט פון זיעמלאַנקעס, נאָר פון אויפגעשטעלטע ביידלעך, באַדעקטע מיט קאָרע און צווייגן. אין מיטן לאַגער איז ביי אַן אויפגעלייגטן פייער געזעסן אַ פּאַרטיזאַן און געדרעמלט. דערהערנדיק דעם גערודער פון די אָנגעקומענע, האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, זיך אויפגעשטעלט, און באַגריסט דעם קאָמיסאַר.

אין אַ זייט פון לאַגער האָט געברענט נאָך אַ פייער — די קיך — און אויפגע־שטעלט אויף ציגל איז געשטאַנען אַ קעסל, פון וועלכן ס'האָט געשלאָגן אַ פּאַרע. אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע איז ביים קעסל געשטאַנען אַ פּאַרטיזאַנער, און מיט אַ שטעקן זיך געפּאָרעט אין קעסל. ער איז געווען אַ הויכער, אַ דאַרער, און ווייזט אויס צוליבן עלטער שוין אַביסל איינגעהויקערט. דערהערנדיק דעם טומל פון די אָנגעקומענע, האָט ער זיך אויסגעדרייט. ס'איז געווען חיים יאַכאַי.

— חיים! — האָט אויסגעשריען שיקע.

אַ וואָרף געטאָן דעם שטעקן, מיט וועלכן ער האָט געמישט אין קעסל, האָט חיים אַ כאַפּ געטאָן אַ לאַנגן ביקס, וואָס איז געשטאַנען אין זייט, און זיך געלאָזט לויפן אַנטקעגן. זיי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט, זיך געדריקט די הענט, געווען אויסער זיך פאַר פרייד.

— קינדערלעך, וואָס טוט איר דאָ? ווי קומט איר אַהער? — פרעגט חיים אַ צאַפּלענדיקער, אָנקוקנדיק שיקען, מיישקען און חייקען.

— איר קענט זיך? — האָט זיך אַריינגעמישט דער קאָמיסאַר אַ פאַרוווּנ־דערטער.

— וואָס הייסט מען קען זיך? אויסגעהאָדעוועט זיך אויף מיינע הענט, מיט מיינע קינדער צוזאַמען אין וואַלד אַרויס, אייגענע, צוזאַמען אַדורכגעליטענע, אייך בלוט.

— נו, זעט איר, — רופט אויס אַ צופרידענער דער קאָמיסאַר — ניט אומזיסט געקומען, אַביסל פרייד געבראַכט אונדזער אַלטיטשקן.

— נו, דערציילט, וואָס האָט אייך דאָ אַהער פאַרטראָגן? — פרעגט חיים.

— מיר גייען אין ווילנע, — זאָגט שיקע.

— וווּ? — האָט דער קאָמיסאַר אונטערגעכאַפּט.

— אין ווילנע.

— די גאַנצע גרופּע?

— ניין, נאָר מירביידע.

— צו וואָס גייט איר אין ווילנע?

— אין שליחות, געשיקט פון מאַרקאָוון.

— אַ, דער ענין איז גאָר ניט אַזוי איינפאַך.

— פאַרוואָס?

— ווייל אין ווילנע איז די לאַגע אָנגעשטרענגט. די פאַרבינדונג, וועלכע מיר האָבן געהאַט מיט דער שטאָט, איז איבערגעריסן. אייך שליח, וועלכן מיר האָבן אַרויסגעשיקט, איז ניט צוריקגעקומען. מיר האָבן אַרויסגעשיקט אַ צווייטן און וואַרטן אויף אַן ענטפער; אין אַ דריי טעג אַרום דאַרף ער זיך אומקערן, וועלן מיר האָבן גענויע ידיעות וועגן דער לאַגע, וואָס קומט פאָר אין שטאָט.

— וואָס האָט פּאַסירט? — פרעגט שיקע.

— געסטאַפּאָ האָט אַנטדעקט די אונטערגרונט-באַוועגונג אין שטאָט, אַרעס־טירט דעם אָנפירער וויטאַסן, קאָזלאָווסקין און נאָך אַנדערע. פון די ידיעות, וואָס מיר ווייסן, האָט זיך וויטאַס אויפגעהאַנגען אין געסטאַפּאָ. וואָס ס'איז מיט די איבעריקע ווייסן מיר ניט. עס קומען פאָר אַרעסטן און רעוויזיעס, ניטאָ קיין פרייער אַריינגאַנג און אַרויסגאַנג, אַלץ ווערט באַוואַכט און קאָנטראָלירט, די שטאָט איז אָפּגעשלאָסן און פאַרמאַכט. גיין יעצט אין ווילנע, איז אַזוי גלייך ווי זעלבסטמאָרד. גוט וואָס איר האָט אונדז געטראָפן, וואַרט צו די פאָר טעג, מיר וועלן זיך דערוויסן גענויע פּרטים; מען וועט וויסן וואָס עס טוט זיך און דאַן וועט איר קענען באַשליסן וואָס צו טאָן, ווייל גיין יעצט אין ווילנע אויף בלינד, אין אַזאַ סומאַטאָכע, איז געפערלעך, און איך גלויב גאָר אַפילו ניט, צי איר וועט אין יעצטיקן מאָמענט זיך קענען מיט וועמען פאַרבינדן.

— וואָס וועסטו יעצט טאָן? — פרעגט וואַסקע שיקען.
שיקע שטייט פאַרטראַכט.
— איך ווייס ניט. — האָט ער אים געענטפערט.
— דער קאָמיסאַר איז גערעכט, ס'איז כדאַי צו וואַרטן — זאָגט וואַסקע.
אַלע האָבן זיך אַוועקגעזעצט אַרום פייער און דרעמלען, און שיקע, חייקע מיט מיישקען האָבן זיך אַוועקגעזעצט מיט חיימען.
— וואָס דערציילט איר, חיים? — פרעגט שיקע.
— וואָס זאָל איך אייך דערציילן? אַז איך זע אייך, גלויב איך זיך אַליין ניט מיינע אייגענע אויגן, — גלעט חיים חייקען איבערן קאָפּ. — ווען מען וואָלט מיר אָפּגעזאָלדט פון קאָפּ ביז די פּיס, וואָלט איך זיך גאָר קיינמאָל ניט געגלויבט, אַז איך מיט מיינע קינדער זאָלן אַלע איניינעם דאַרפן האַלטן מלחמה. דאַווידקע איז געבליבן אין די קאַזיאַנער וועלדער ביי סיעדיאַקינען, און בערקע, ווייסט איר דאָך מסתמא, איז געקומען צו מיר אין גאַרבאַרניע. געווען איז ער שרעקלעך צעטראָגן. דערציילט ווי מען האָט אייך אַבעזאַרוזשעט. טאַטע, זאָגט ער, ס'איז הפקר, נאָר קיין אַנדער ברירה איז ניטאָ, מען דאַרף גיין צוריק אין וואַלד. אָפּגעדרייט זיך מיט מאַטע־העסקען אַ שפּאָר ביסל צייט, האָבן זיי געקראָגן אַ ביקס. דערווייל האָט פערעצקע מיט יוסף פלעקסער זיך אָנגעטראָפן אויף איצקע רודניצקי. איצקע איז שוין געווען פאַרבונדן מיט די ליטווישע פּאַרטיזאַנער, האָט ער פאַרגעלייגט מען זאָל גיין מיט אים, און אַזוי זיינען מיר אָנגעקומען אין אַטריאַד „וויל־ניוס". מען האָט מיר געגעבן אַ ביקס, און איך בין געוואָרן אַ פּאַרטיזאַן מיט אַלעמען גלייך. מען האָט מיר איינמאָל אַפילו מיטגענומען אויף אַ זאַסאַדע, כ'האָב אויסגעשאָסן און די לופּע האָט זיך ביים עק פאַנאַנדערגעריסן. דער ווזוואָדנער האָט נאָך צו מיר געהאַט פּרעטענזיעס, געזאָגט, אַז איך האָב ניט געהאַלטן ריין דעם ביקס. בסך־הכל האָט ער מיר געגעבן אַן אַלטע אָפּגעקראָכענע האַלענדישע סטראַ־שידלע, נאָך פון נאַפּאָלעאָנס צייטן מסתמא, און איך בין נאָך ביי אים דער שול־דיקער? נאָט, גיט אַ קוק — ווייזט חיים די חברה דעם ביקס — איך שעם זיך אים צו טראָגן, האָלט איך אים מיט דער לופּע אַראָפּ. אַז די חברה זעען דעם ביקס, שמייכלען זיי זיך שטענדיק אונטער. שיסן פון אים קען מען נאָך, ער טויג אָבער אויף כפּרות. מיט איין זאַך טרייסט איך זיך: דער קאָמאַנדיר פון אַטריאַד האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר ער קריגט אַ ביקס, גיט ער מיר אַ צווייטן.
— וואָס טוט איר אויף דער באַזע? — איז מיישקע נייגעריק.
— אָט זעסטו דאָך, צוריק געוואָרן אַ ניקאָלייעווסקער סאָלדאַט. נאָר דאָרטן בין איך געווען אין אַרטילעריע, און דאָ האָט מען מיר געמאַכט פאַר אַ פּיע־כאָטיניעץ, כמעט צו די אינטענדאַנטסקע קענט איר מיר צורעכענען. איך קאָך, איך וואַש, איך שטיי אויף דער וואַך, נאָר דאָס איז ביי מיר גאָרניט, די גרעסטע צרות האָב איך פון די אַטריאַדנע בהמות.

חוץ דעם, וואָס פערעצקע גראַזול קריכט אַרום מיט די פּאַרטיזאַנער אויף זאַדאַניעס, איז ער נאָך דאָ געוואָרן דער גאַנצער פּאַרזאָרגער. פון אַלע דרערדן ברענגט ער צושלעפּן בהמות און איך דאַרף זיי פּאַשענען. ער לאַכט פון מיר, ווען ער זעט ווי איך יאָג זיך אַרום נאָך זיי. ביי אים גייען זיי ווי אויפן שטריקל. נאָך דער מלחמה, זאָגט ער, ווערט ער אויס פּאָדריאַדטשיק, ער וועט בייטן דעם פּאַך, ווייל די גאַנצע געגנט דאָ וועט בלייבן אָן בהמות. ער פירט מיט די דייטשן אַ געווער, ווער ס׳וועט אויסכאַפּן מער. סיי ווי נעמען די דייטשן זיי צו ביי די פּויערים, גיט ער מיר צו פאַרשטיין. שלעפּן זיי בייטאָג און ער ביינאַכט, און דער קרבן בין איך מיטן פּויער.

— ווו איז יעצט בערקע? — אינטערעסירט זיך חייקע.

— פרעגסט מיר אויף בערעלען? זיי זיינען דאָ אַלע ביי מיר ווי קינדער, נאָר ווער זעט זיי דען אָן? אָט זייט איר געקומען, האָט איר דען וועמען געטראָפן? ניט איצקען און ניט יוספן און ניט מאָטע-העסקען, ניט פערעצקען, ניט פייווקען און ניט בערקען. מען שמייעט אַרום. דער עיקר, זאָגט מען, האָבן זיי זיך אָנגעזעצט אויף די באַנען. בערקע, אַז ער פאַרקוועטשט מיט די ציינער אַ צינדער צו אַ מינע, איז ווי ער וואָלט איבערגעביסן ביי אַ דייטש דעם גאָרגל. מיט זיין שוויצן זאָל אָקערשט ניט פּאַסירן אַן אומגליק. ווייטער טראַכט איך איבער פון מיין לייבקען (חיימס מיטלסטער זון, וואָס איז אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד) ווער ווייס צי ער איז דערגאַנגען. נו און כאַסל מיט פּעסעלען, דער גוטער יאָר האָט זיי פאַרטראָגן אין ווילנע. ווען איך האָב זיי דאָ, וואָלט מיר שוין גאָרנישט געפעלט. איר הערט דאָך אָבער וואָס דער קאָמיסאַר דערציילט, ס׳איז דאָרטן אַ חורבן, מען הענגט זיך, מען טרינקט זיך, מען אַרעסטירט, מען לויפט. דער שליח, פון וועמען דער קאָמיסאַר האָט געהערט, איז קובע, כ׳האָב אים געבעטן ער זאָל זיך פאַראינטערעסירן, אפשר וועט ער וואָס הערן. וואַרט איך מיט אומגעדולד ביז וואַנען ער וועט זיך אומקערן. איך וואַרט בערקע זאָל קומען, וועל איך מיט אים איבעררײדן.. אַן איבערגעקערטע וועלט, מען קען גיין און שרייען חיי וקיים, איך רו ניט, איך טראַכט אַלץ איבער, איך שלאָף ניט קיין נעכט.

שיקע האָט זיך אַ הייב געטאָן.

— ער גייט!

— ווו גייסטו? — פרעגט חיים.

— אין ווילנע!

— וואָס לויפסטו? האָסט דאָך געהערט וואָס דער קאָמיסאַר האָט געזאָגט. מען דאַרף וואַרטן. — זאָגט מײשקע.

— אין ווילנער געטאָ ברענט ביי יידן די ערד אונטער די פיס, און דו זאָגסט, אַז מיר זאָלן זיך דאָ אַוועקזעצן און וואַרטן?!

— איידער סתם אַזוי צו ריזיקירן, איז בעסער צו וואַרטן און וויסן, אַז מען גייט אויף זיכער.

— מיישקע, מען דאַרף ראַטעווען יידן! איך גיי!

— גיי.

שיקע ברענט, די רויטע טשופּרינע האָר איז אים צעפּלאָטערט, די גרין־גרויע אויגן ברענען. ער לויפט אַרום לעבן פייער הין און צוריק און קאַכט; מיט די פיס הייבט ער ווי אַ געפּענטעטע נערוויסטער פערד, און חייקע שטייט שוין לעבן אים.

מיישקע זיצט. ער קוקט אויף שיקען און ווייס ניט, ווער ברענט דאָ מערער, צי שיקע צי דער פייער?

— אפשר וואָלט איר לאָזן שלאָפן און ווינציקער באַלאַקעט! — רופט אויס וואַסקע, זיך אויסדרייענדיק מיטן אַנדער זייט צום פייער.

— ער וויל ניט וואַרטן, ער וויל מיר זאָלן גיין! — רופט אויס מיישקע.

— וואָס? — פרעגט וואַסקע, זשמורענדיק מיט די פאַרשלאָפענע אויגן.

— וואָס ספּאָרעט איר זיך דאָ? — האָט זיך פאַנאַנדערגעטשוכעט דער קאָמיסאַר.

— ער וויל אַוועקגיין, — ענטפערט אים וואַסקע.

דער קאָמיסאַר קוקט אָן שיקען און פאַרטראַכטנדיק זיך מאַכט ער צו די אויגן.

— דו ברודער ברען ניט און זעץ זיך אַוועק. פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס. מען האָט דיר געשיקט אויף אַ זאַדאַניע און דו דאַרפסט איר אויספירן, אָבער מיטן מאָמענט, ווען דו האָסט די זאַדאַניע געקראָגן און בינסט אַרויס איר דורכפירן, בינסטו איבער איר דער באַלעבאָס, בינסטו פאַר איר פאַראַנטוואָרטלעך. פאַרשטאַנען?

— פאַרשטאַנען. — ענטפערט שיקע, דאַכט זיך אַפילע ניט הערנדיק וואָס מען רעדט צו אים.

— שטיי איין אַ ביסל! — זאָגט דער קאָמיסאַר צו שיקען, — שטיי איין אויף אָן אָרט און הער וואָס מען רעדט צו דיר. סיטואַציעס ענדערן זיך און דו אַליין דאַרפסט יעצט דעצידירן וואָס ס׳איז בעסער צו טאָן, און אַז איך ראַט דיר וואַרטן, מעגסטו וואַרטן.

— ניין, איך וואַרט ניט, — האָט שיקע געענטפערט, — און וואָס ס׳טוט זיך אין ווילנע וועלן מיר זיך אַליין דערוויסן. — און ער איז אַוועק, און חייקע נאָך אים.

— אויב ער איז אַוועק, קענען מיר דאָ אויך ניט בלייבן, — רופט אויס וואַסקע צום קאָמיסאַר, אויפהייבנדיק זיך פון פייער.

— אַפילו קיין מיטאָג ניט געגעסן! — רופט אויס חיים.

דער קאָמיסאַר האָט זיך אויפגעשטעלט, קוקט ווי שיקע לויפט פאָרויס און די איבעריקע נאָך אים.

— אַט אַ טייוול! — הייבט ער מיט די פּלייצעס און קען שיקען ניט פאַרשטיין. אַז מען זאָגט, אַז אַלע רויטע זיינען שדים, איז דאָס ריכטיק.

ער, אַן אָפיצער, ער, וואָס האָט געענדיקט אַ מיליטערישע שול, דורכגעמאַכט אַ דיוועריסאַנטן־קורס, ווו מען האָט שטודירט און געלערנט, אַז דער אויסשפּיר־דינסט איז דאָס אויג און אויער פון מיליטער, איז דער פאַרפלאַן צו יעדער מיליטערישער אַקציע און אָנגריף, אָן וועלכן קיין שום ערנסטער מיליטערישער שריט קען ניט אונטערגענומען ווערן, פאַר אים האָט שיקעס איבערגעכאַפּטע האַנדלונג אויסגעזען אַוואַנטוריסטיש און איבערגעטריבן; פאַר אים איז שיקעס איינגעשפּאַרטקייט און אומגעדולד געשטאַנען אין קעגנזאַץ צו יעטווידער מיליטערישער אויסגערעכנטקייט, אַ סתירה צו יעטווידער מיליטערישער טאַקטיק, קעגן מיליטערישער לאָגיק.

— דער טייוול זאָל עס נעמען! האָט ער אויסגערופן צו חיימען, באַליידיקט, פּונקט ווי שיקע וואָלט אים דאָ איבערגעדרייט זיין גאַנצע וועלט־אַנשויאונג, אָדער מען האָט אייך געפירט צום טויט ווי די שאָף, אָדער איר לויפט, אַז מען קען אייך גאָרניט איינהאַלטן.

ניט שוין זשע מוז מען דאָס אַזוי לויפן? — טראַכט חיים שטייענדיק לעבן קאָמיסאַר און נאָכקוקנדיק די אַוועקגייענדיקע גרופּע. אָט זיינען זיי געקומען, פאַרטריבן אַביסל דעם אומעט, דערוואַרעמט אַביסל די נשמה, און מיטאַמאָל זיינען זיי אַוועק, ווי די לעצטע פון די לעצטע. און דער אומעט האָט זיך אים אַוועקגעלייגט אויפן האַרצן, נאָך מערער ווי פריער.

— ווער איז ער? — האָט אויפהויבנדיק דעם קאָפּ און אָנווייזנדיק אויף די אַוועקגייענדיקע געפרעגט דער קאָמיסאַר ביי חיימען.

— איינער פון אַ משפּחה.

— וואָס הייסט דאָס?

חיים שטייט און שווייגט. ער האַלט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און ווייס ניט וואָס ס'דאַרף זיין דער ענטפער אויף אַזאַ שאלה.

— דאָס קען איך אייך מיט קיין ווערטער ניט געבן צו פאַרשטיין.

— טאָ ווי אַזוי זשע?

— דאָס, חבר קאָמיסאַר, איז אַזאַ זאַך, וואָס כדי דאָס צו פאַרשטיין, דאַרף מען דאָס פילן אויף דער אייגענער הויט.

דער קאָמיסאַר האָט אָנגעקוקט חיימען און זיך אַראָפּגעזעצט ביים פייער, אַרויסגענומען אַ ברענענדיקן צווייג און לאַנגזאַם פאַרטראַכט אָנגעהויבן איבערצודרייען די צעגליטע קוילן.

חיים האָט אַ נעם געטאָן די ביקס און אַ געבויגענער, מיט פאַמעלעכע טריט, אַוועק צו דער קיך. חיים מישט דאָס עסן און וואַרפט פון צייט צו צייט אַ בליק

אויפן קאָמיסאַר. דאַכט זיך, אַז ער האָט אים נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזוי פאַר־טראַכט ווי יעצט.

נו יאָ, וואָס קאָן ער דען פאַרשטיין? אַ דעסאַנטניק, קריכט אַרום, וואַלגערט זיך אין די וועלדער, קאָמאַנדעוועט, און ס׳קען גאָר זיין, אַז ער האָט נאָך אַפילו אַ דייטש פאַר די אויגן ניט אָנגעזען. ער, חיים, האָט אָבער געזען. אוי האָט ער געזען, אַז סע ווערט אים דאָ ביים פייער קיל און קאַלט אין אַלע אברים, אַז די בלוטן ווערן אים פאַרגליווערט. און ווען ער וואָלט זיך ניט געשעמט, וואָלט ער זיך אַזוי צעשריען, אַז פון דעם געדאַנק אַליין זיינען אים פאַרטויבט געוואָרן די אויערן, פון דער געוואַלד, וואָס ער וואָלט געמאַכט. און חיים האָט אָנגעהויבן מיט אַזאַ רציחה צו האַקן און מישן אין קעסל, אַז דער קעסל מיטן עסן האָט זיך באַלד איבערגעדרייט אויף אים.

— יעפּים! וואָס איז מיט דיר? — האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן דער קאָמיסאַר און צוגעלאָפן צו חיימען.

— פּאָליגאָן! פּאָליגאָן! דו ווייסט וואָס דאָס הייסט פּאָליגאָן?! — האָט זיך חיים אויסגעדרייט צום קאָמיסאַר — איך בין געווען אין פּאָליגאָן, מיט דער גאַנצער משפחה בין איך דאָרט געווען. שבת האָט מען אונדז אַלע צוזאַמענגענומען און אַוועקגעפירט אויפן מאַרק. ס׳איז געווען שפּעטער זומער, ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער האַרבסט, ביינאַכט זיינען שוין צוגעפאַלן פרימאַראָזקעס; האָט מען זיך אָנגעטאָן נאָך שמאַטעס, אַרויפגעצויגן אויף זיך נאָך אַ קליידל, נאָך אַ פּאָר הויזן, ווייל געלאָזט האָט מען נעמען מיט זיך וויפל מען קען נאָר שלעפּן. און וויפל קען אַ מענטש טראָגן? אַ גאַנצן טאָג האָט מען אונדז אָפּגעהאַלטן אויפן מאַרק. די גאַנצע שטאָט. ניט געגעסן, ניט געטרונקען. אַ גאַנצן טאָג איז מען געלעגן אויף די קני און זיך אַפילו אַ ריר ניט געקאָנט טאָן. ערשט באַנאַכט האָט מען אונדז אויפ־געהויבן. געפירט האָט מען אונדז אין ניי־סווענציאַן, פון ניי־סווענציאַן ווייטער, איבער דער זעמיאַנע, ביז מען האָט אונדז דערפירט צו אַ וואַלד. ס׳איז שוין געווען גוט פינצטער; אין וואַלד האָבן געברענט פייערן; אַרום אַ גערודער. די פּאָליציי טרייבט, שלאָגט; געוואַלדן ביז צו הימל, מען האָט געמיינט, אַז מען טרייבט גלייך אין פייער, ס׳איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע — מ׳וואָלט זיך צעלאָפן, נאָר ווו? כאַסל האַלט מיר פאַר אַן אָרבל, בערקע מיט דאָווידלען פון די זייטן און איך אַליין האַלט פעסעלען פאַר אַ האַנט, און ציטער איך זאָל איר ניט פאַרלירן אין דערפינצטער; איך אַליין ציטער.

אַריינגעטריבן האָט מען אונדז אין באַראַקן, איך שטיי אין באַראַק, קאַלט, פינצטער, צעטומלט אַ פריטשמעליעטער אינגאַנצן. איך קלייב זיך ניט פונאַנדער, וואָס דאָ טוט זיך, איך ווייס ניט ווו איך געפין זיך, איך ווייס פון גאָרניט.

ס׳איז אַריבער די נאַכט! אַז ס׳איז אָנגעקומען דער טאָג האָט מען זיך אַרומ־געזען — מען האָט דערזען דעם סוף.

די באַראַקן זיינען געווען אַרומגעשטעלט מיט פּולעמיאָטן און, אַז איינע איז אַרויס נעמען אַ קריגל וואַסער האָט מען איר דערשאָסן.

אַזוי זיינען אַריבער טעג און אַלץ אונטערן געווער. זקנים זיינען דאָרטן געשטאָרבן און קינדער געבאָרן, ווער ס׳האָט געהאַפּט אויף אַ נס, און ווער ס׳האָט געוואַרט אויפן טויט. מענטשן זיינען געווען אויסער זיך, מען איז אַראָפּ פון זינען.

איינער איז אַרומגעלאָפן פון איין ווינקל צום צווייטן און געשריען: יידן, עק וועלט! יידן, גיט זיך אונטער! יידן, אַן אַלגעמיינע קאַפּיטולאַציע; דייטשן, טשעכן, פראַנצויזן, בעלגיער, גאַנץ אייראָפּע, אַלע האָבן זיך אונטערגעגעבן היטלערן!

יידן, איר האָט געזען ווי די הימלישע אַרמיי איז געלאָפן צוריק אַ נאַקעטע אין די גאַטקעס, אַן אַלגעמיינע פּסיכאָזע! מאַכט זיך דעם טויט, איידער מען וועט אייך אים מאַכן! —

איך ווייס ניט, וואָס דער משוגענער האָט געטראַכט, ווען ער האָט געזען ווי מען פירט זיין ווייב מיט די קינדערלעך צום טויט. איך ווייס ניט צי ער איז געווען משוגע, אָדער נאָרמאַל, ווייל איך אַליין האָב גאָרנישט ניט געקאָנט באַגרייפן. און ווייסט ווער ער איז געווען?! זיין טאַטע! זעסט, אַז איך האָב אים דערציילט, אַז מיין ווייב מיטן קינד געפינט זיך דאָרטן אין גהינום אין געטאָ, האָט ער זיך אויפגעהויבן און געלאָפן. ניט איך בין געלאָפן, ניט דו, ניט מיינע קינדער, נאָר ער — טראָגט דיינע אַלע וואָרענונגען, נו, וועסטו אפשר זאָגן, אַז ער איז אויך משוגע, האַ?

איך האָב זיך געראַטעוועט, אָבער די איבעריקע האָט מען אַלע אומגעבראַכט, פון אַלע שטעטלעך אַרום. מען האָט זיך דערמאָנט, אַז מען דאַרף אַ גאַרבער, האָט מען מיר געבראַכט אין געטאָ.

אַזוי האָבן זיך געראַטעוועט נאָך אַ פּאָר צענדליק פאַכלייט מיט זייערע משפּחות.

אין געטאָ האָב איך געאַרבעט, געמאַכט לעדער, גענייט שטיוול און מיט די שטיוול איז מען געטראָטן איבער קינדערשע קעפּלעך.

איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, איך בין זיי מוחל, איך טראַכט פון גאָרניט, עס אַרט מיר גאָרניט, מענער, פרויען, אַלטע, יונגעלייט, אָבער קינדער?! דאָס קען איך ניט פאַרגעסן, איך קען ניט! און ווייסטו ווער? — האָט חיים אויסגעצויגן די האַנט צום קאָמיסאַר — דיינע...

— געזונט! — האָט אויסגעשריען דער קאָמיסאַר — געזונט! איך ווייס!

צווישן די בהמות, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער אַ צאַם, אַ פּאָר צענדליק מעטער ווייט פון דער קיך, האָט זיך צעווילדעוועט אַ בהמה, זי האָט אָנגעהויבן אַרומצושפּרינגען צווישן די איבעריקע בהמות, ווילד זיי קלאַפּנדיק מיט די הערנער און פיס. חיים האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שטעקן, אַריינגעלאָפן אין דער סטאַדע און אָנגעהויבן מיט אַזאַ רציחה צו האַקן איבער דער צעווילדעוועטער בהמה, אַז דער

שטעקן האָט זיך אָנגעהויבן צו שיילן און ברעכן אויף שטיקער, און חיים האָט געהאַקט און געהאַקט.

מיט פאַרביסענע ליפּן שטייט דער קאָמיסאַר און קוקט אויף דער ווילדקייט מיט וועלכער חיים האַקט איבער דער בהמה און דערזען דעם לויפנדיקן שיקע. — יאָ, האָט ער ערשט דאַן אָנגעהויבן צו באַגרייפן — אַזעלכע, אַז זיי צעיאָגן זיך, ווערסטו זיי שוין מיט גאָרניט איינהאַלטן.

*

נו און יעצט? שיקע שטייט אַנטקעגן מיישקען אַ קאַלט־בלוטיקער, אַ גלייכ־גילטיקער, די קאָפּ אַביסל פאַריסן און פאַרדרייט אָן אַ זייט, ניט קוקנדיק מיישקען גלייך אין פּנים אַריין. פון וועו אָן איז דאָס שיקע געוואָרן אַזוי שטיל, אַזוי גע־האָרכזאַם?

נאָר שיקע האָט זיך ניט געענדערט, געענדערט האָט זיך, נאָר זיין האַנדלונג צו מיישקען אונטער דער השפּעה פון פּ.פּ.אָ., וועמענס אידעאָלאָגיע ס'איז געווען געבויט אויפן באָדן פון חשד.

און פּ.פּ.אָ. האָט צעטיילט די צוויי יינגלעך, וועלכע האָבן, כמעט אַ גאַנצן לעבן געלעבט איניינעם.

און ווען אויף מאָרגן אינדערפרי איז מיישקע געגאַנגען זיך טרעפן מיט שיקען, האָט אים די באַלעבאָסטע פון דער קוואַרטיר אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערונג? — וואָס דו ווייסט ניט, היינט האַלב־פינף אַזייגער פאַרטאָג איז שיקע מיט אַ גרופּע פון פּ.פּ.אָ. אַרויס אין וואַלד.

## נאָך אַן אַקציע

צו פיר אין אַ שורע גייט אַן אַרבעטער־גרופּע. דער אויסזען פון זייערע פּענימער, איז ווי פון אַ קאָמפּאַניע סאָלדאַטן, וואָס האָבן יאָרן צוזאַמען אויסגע־טראָגן די לאַסט פון קריג. זייער טראָט איז אַ ברייטער, אַ שווערער, אַן איינהייט־לעכער. די זאַכן, וועלכע זיי טראָגן זיינען אַלט, צעפּליקט, אָפּגעטראָגן און ברייט ניט נאָך דער מאָס. יעדער מלבוש, וואָס יעדערער טראָגט, האָט זיך זיין אויסזען, זיין קנייטש, זיין דריי אין וועלכן מען שמוגלט אַריין דעם ניט געצאָלטן לויז, ווען מען קערט זיך אום צוריק אין געטאָ.

צווישן די שורעס וועט אַ געניט אויג באַמערקן אַן אויסנאַם — ער איז גרויס ווי אַלע, ברייט ווי אַלע, אָבער, דאָך ניט ווי אַלע; זיינע אויגן האָבן אַן אַנדער גלאַנץ און די קאָפּ האַלט ער פּאַריסן מיט גאווה. דאָס איז שמוליק — ער גייט מיט אַלעמען צו דער אַרבעט.

שמוליק האָט ליב דעם פּאַרטאַגיקן אַרויסמאַרש: דעם סטראַיענען זיך, דעם צעעפנטן טויער, דעם אַפּ! נאָך אַ נאַכט אין דער פאַרשטיקטער געטאָ, ציט ער די לופט, ווי אַ זאַיאַדלער רויכערער דעם רויך, שטעלנדיק לייכט אין דער שורע דעם טראָט. שמוליק האָט זיך איינגעוווינט צו גיין אין שורע. באַלד וועלן זיי אָנקומען צום באַן און ס׳וועט זיך אָנהויבן אַ טאָג פון שווערער פּראַצע געשפּאַנט מיט אימפּעט, שווייס און מי.

ביי אַלע אַרבעטער איז שמוליק דער וויכאָוואַנעק, נאָר קיינער וויל זיך דאָ ניט מאַכן פאַר זיין פּאַטראָן; זיי האַלטן אים אַלע פאַר אַ גלייכן, זיי האָבן אים אַלע ליב, פאַר זיין אַרבעטן און פאַר זיין שווייגן. שמוליק טוט אַלץ אויפן ווונק, ניט אויפן גאַנצן ווונק, נאָר אויף אַ האַלבן. האָבן אַלע הנאה. ער וועט נאָך זיין אַ לייט, וואַרפן זיך צווישן זיך איבער חברה אונטערוועלטניקעס און, אַז ס׳וועט קומען אַ צייט האָפּט נאָך יעדער אים צו האָבן אַלס פּאַרטנער.

אַמאָל, אין די ערשטע צייט פון געטאָ, האָט זיך די איינהייט געדעכנט פון די בעסטע: אַזוי ווי ה.ק.פּ., קייליס און פּאָרובאַנעק. אַז מען האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין די איינהייט איז מען געווען גליקלעך.

דאָס איז געווען די איינהייט פון די שטאַרקע. מען האָט געאַרבעט ווי די שדים מיט ברען, מיט שווונג, לייכט, מיט אַקראָבאַטיק, פלעגט אַראָפּפליען דאָס זעקל מעל, צוקער, גרויפּן, פּלאַצן, און זיך צעשיטן מיט אַ ווייסקייט אויף דער ערד. טרעגער פלעגן מאַכן ביידענע מינעס און די יעקעס פלעגן זיך צעשרייען מיט קולי־קולית און זיין צופרידן — סוף־סוף בלייבט דער גרעסטער חלק ביי זיי.

און אַזוי יעדן טאָג. און יעדן טאָג פלעגט זיך געפינען אַן אַנדער שלימזל ביי וועמען ס׳פלעגט אַראָפּפאַלן און זיך צעשיטן אַ זעקל פון פּראָדוקטן, און צוגעבן מוט צו דער אַרבעט. און אין דער אַרבעט האָט מען פאַרגעסן די צרות, זיך איבער־געוואָרפן אַמאָל מיט אַ ווערטל, און אַמאָל מיט אַ וויץ און אַמאָל סתם זיך געמאַכט פריילעך.

לעצטנס איז דער מוט ביי אַלעמען געפאַלן. נאָך דער אַקציע קאָוונע האָט שוין קיינער ניט געוווּסט, וואָס ס׳איז גוט און וואָס ס׳איז שלעכט.

נעכטן האָט מען זיך אין געטאָ געסודעט, אַז מען זאָל היינט צו דער אַרבעט ניט גיין, נאָר די שטאַרקע האָבן זיך פון דעם אויסגעלאַכט. פאַר זיי איז די געטאָ געווען אַ מין חד־גדיא, ווו ס׳קענען נאָר איינזיצן אָפּגעלאָזטע חיות, אָדער סתם גאָרנישטן. זיי האָבן ליב די פריי, זיי האָבן ליב צו זיין אויסערן געטאָ. חוץ דעם האָבן זיי אָפּשיי פאַר וולאַדזע און אַז וולאַדזע הייסט גיין, גייט מען. זיי, די שטאַרקע,

האַלטן פון דער מאַכט. גענעץ, זאָגן זיי, איז גענעץ, קענען גענעץ, ברודערקע, קענסטו זיך ניט שטעלן, אָדער ס׳געלינגט דיר אים אָפּצונאַרן אָדער ניט, אָבער זיך קעגנ־שטעלן, פּוסטע מעשיות.

פון קעגנשטעלן זיך די דייטשן האָבן זיי בכלל ניט געהאַלטן. אָט גיב איך אַ נעם אַ פּאָר דייטשלעך קאָפּ צו קאָפּ, זאָגט איינער, וואָס וועל איך מיט דעם אָבער אויפטאָן, וואָס קען שוין דאָס זיין פאַר אַ גבורה, אַז פאַר איינעם האַרגענען זיי טויזנטער. די וועלט, זאָגן זיי, ווערסטו ניט איבערמאַכן, און קיין חכם קענסטו ניט זיין, אין לעבן דאַרף מען זיך קענען קאַנטעווען און, אַז מען קען ניט ליגט מען אין דרערד; קאַנטעווען זיי.

אָט זיינען זיי אָנגעקומען צו דער סטאַציע, אויסגעסטראַיעט, גרייט זיך אַ נעם צו טאָן צו די וואַגאָנען. נאָר די סטאַציע איז פּוסט, ס׳זיינען געקומען נאָך איינ־הייטן, אָבער אויף דער סטאַציע איז קיינער ניטאָ, פּונקט ווי די יעקעס וואָלטן אַלץ איבערגעלאָזט און אַנטלאָפן אינמיטן דער נאַכט.

גייט מען פאָרט נאָך אַ קאָמאַנדע און די געלע לאַטעס פון די דערבייאיקע פּלייצעס קוקן אויף דיר ווי אַ בייז אייגל. דערמאָנען זיי זיך די נעכטיקע וואָרע־נונגען און עס פאַלט אַרויף אויף זיי אַ מרה־שחורה, און די שטאַרקע ווערט שוואַך אונטערן האַרצן. אַ בראַנד זאָל דאָס נעמען, אַז מען זעט ניט דעם שונא און דו ווייסט ניט פון וואַנען עס וועט אויף דיר קומען דער קלאַפּ. נאָר לאַנג וואַרטן האָט מען ניט געדאַרפט. פון אַלע זייטן אַרום, פון אַלע געביידעס און אַרויס־גענג, פון אַלע וואַגאָנען זיינען אַרויס באַגנעטן, שאַרפע, גלאַנציקע, פינקלענדיקע, פאַרהויבן, ווי אויף אַ פּאַראַד. עס גייען לאַטישן, עס גייען אוקראַינער, עס גייען ליטווינער, עס גייען עסטאָניער. אַ גדולה, זיי גייען אַנטקעגן די לעצטע, ווייל עמעצער האָט באַשלאָסן, אַז די וועלט דאַרף בלייבן אָן יידן.

— יידן, אַנטלויפט, ראַטעוועט זיך!!! — האָט זיך צעטראָגן אַרום אַ פּאָר־צווייפלטער אויסגעשריי.

ס׳איז געוואָרן אַ מיש־מאַש, מען לויפט, איינער זעט שוין ניט דעם צווייטן. יעדן דאַכט זיך, אַז ווו דער צווייטער לויפט איז בעסער.

שמוליק לויפט אויך. ערשט יעצט האָט אים אַדורכגעבליצט אין מוח רוווקע. (איינער פון זיינע עלטערע ברידער) רוווקע האָט געאַרבעט ביי חאלעצקן אין אימעניע מיט נאָך אַרבעטער ביים גראָבן קאַרטאָפל, אַז ס׳איז אָנגעקומען אַן אויטאָ מיט פּאָליציי האָט זיך אַ טייל געלאָזט לויפן. ניט ווייט פון אים איז געלאָפן שליימקע גינזבורג, שליימקע האָט געהאַט אַן איבערגעוואַקסענע פיגור, ווי אַ דראַנגאָן. דער דראַנגאָן איז געלאָפן איבערן פעלד קאַרטאָפל, ווי אַ בער, אומגע־לומפּערט, אָבער שנעל, און גלייך צום וואַלד. די ליטווינער האָבן דערשפּירט, אַז ער אַנטלויפט, אָט און ער פאַרשווינדט גלייך אין וואַלד, האָב זיי אים אָנגעהויבן נאָכצושיסן. שליימקע איז געבליבן ליגן מיט אויסגעצויגענע הענט און פיס,

פּונקט ווי ער וואָלט נאָך וועלן לויפן, אָבער ניט שליימקע, נאָר די קויל, וואָס איז אים אַדורך, איז פּאַר אים, אַריינגעפּלויגן אין וואַלד...

צו רוווקען האָבן די ליטווינער ניט געשאָסן, כאָטש רוווקע איז געווען שלאַנק, איז ער דאָסמאָל געלאָפן שווער, ווי אָנגעפּילט מיט בליי, ווייל די הענט און פיס זיינען אים געווען געשוואָלן (דאָס איז אַ מעשה פאַר זיך, ווייל רוווקע, האָט פאַר די דייטשן ניט געוואָלט פאַרבייגן אויף זיין שטאָלץ). און ער האָט ניט געקאָנט לויפן שנעל, און נאָך זיין לויפן האָבן די ליטווינער געזען, אַז זיי וועלן אים כאַפּן.

שמוליק לויפט, ער שפּרינגט, ביי אים זענען די הענט און פיס ניט געשוואָלן, ער וועט ניט לויפן, ווי זיין ברודער, רוווקע. ער וועט לויפן ווי דער דראַנגאָן, ער וועט אַנטלויפן. כל־זמן די קויל האָט ניט געטראָפן איז דאָ אַ שאַנס... שמוליק האָט זיך פאַרטשעפּעט אָן אַ שפּאַלע און געפאַלן, מיטן קאָפּ, אויף אַ גלייך־סטרונעדיקן גלאַנציקן, ווי די באַגנעטן, רעלס, און זיך מער ניט אויפגעהויבן...

איך אין וואַלד ?! — שמוליק איז געגאַנגען צו דער אַרבעט ; אין שטוב אַרום טיש זעצן זיך אַרום צען פּיסקעלעך, ברעקלעך נאָך, און פאַרדינער זענען דאָ צוויי ער און יאַכקעס קוזין. איין טאָג, אַז ער אַרבעט ניט, שטאַרבן זיי אַלע פון הונגער, עק וועלט, קאַפּוט !...

גענס האָפּענונג, אויפצוהאַלטן די געטאָ מיט אַרבעטס־פּיאַיקע מענער, איז זיך צערונען, מיטן רויך, וואָס האָט אַרויסגעשפּאַרט פון די לאָקאָמאָטיוון, וואָס האָבן די געכאַפּטע אַרבעטער אַוועקגעפירט אין עסטאָניע.

און צום צעטל אַקציעס איז צוגעקומען נאָך אַן אַקציע — אַקציע עסטאָניע.

## גרופּן גייען פון געטאָ אין וואַלד

לייקע האָט זיך אומגעקערט צוריק אַהיים. אַריין אין שטוב, האָט זי צוגעמאַכט די טיר און שטיין געבליבן. זי האָט באַטראַכט דעם צימער, דעם טיש, דעם ווינקל ווו זי איז געשלאָפן, די ליידיקע בעטן, נעכטן זיינען נאָך די בעטן געווען פאַרבעט, אָפּגעהיט, פאַרגלייכט מיט דאָס ביסל בעטגעוואַנט, וואָס זי האָט נאָך פאַרמאָגט. יעצט זיינען די בעטן געשטאַנען איבערגעקערט, איבערגעדרייט און פאַרלאָזט ; אויך זי איז אַ פאַרלאָזטע !

היינט אינדערפרי איז די מומע מיט דער שנור, מיטן זון, איביינעם מיט

מיישקען, וועלכער איז דאָ אויך געשלאָפן, אַוועק אין וואַלד און איר האָט מען ניט מיטגענומען. אַז מען האָט איר געזאָגט, אַז מען נעמט איר ניט מיט, איז זי שטיין געבליבן אָן לשון מיט אַן אויפגעמאַכט, פאַרגאַפטע מויל. אַ וואַקלענדיקע מיט אונטערגעהאַקטע פיס, האָט זי זיך קוים דערשלעפּט אַהיים.

לייקע שטייט אָנגעשפּאַרט ביי דער טיר און האַלט זיך קוים אויף די פיס. וועמען האָט זי יעצט ? קיינעם ניט. ווער דאַרף איר ? אויך קיינער ניט. זי איז גאָרניט ווערט !

לייקע איז געבליבן אַ יתומה, אָן אַ טאַטן, די מאַמען האָט זי פאַרלאָרן פאַרן געטאָ, האָט זי אין אַלגעמיינעם אומגליק געלעבט ווי אַלע — מיט האָפענונג.

אַז די מומע איז אַראָפּגעקומען מיטן זון און מיט דער שנור, האָט פאַר איר אויפגעוואַכט אַ פונק פון אַ היים. סוף־סוף האָט זי וועמען אויף דער וועלט. יעצט אָבער איז אַלץ פאַרלאָרן.

ווען דער פעטער וואָלט געלעבט, וואָלט ער איר ניט איבערגעלאָזן, אָבער זי, די מומיטשקע, איז דאָך אַ צוגעקומענע. איז זי געבליבן ווי אַ פינפטער ראָד צום וואָגן.

לייקע קריצט מיט די ציין, זי בייסט די ליפּן. יעצט איז איר אַלץ איבעריק: די שטוב, דאָס לעבן, די גאַנצע וועלט ! זי האָט זיך איינגעבראָכן און אַ פאַרקלעמטע פון ווייטיק, האָט זי אַזוי אָנגעהויבן צו שילטן און קאַרנייענען די מומען מיט איר געזינדל, אַז טאָמער זאָלן די קללות צו זיי אָנקומען, וועלן זיי שוין קיין תחית־המתים ניט אויפשטיין.

לייקע האָט געפּלאַמט, זי האָט ספּאַזמירט, זיך געריסן די האָר, זיך געשלאָגן די קאָפּ אָן דער טיר, געוויינט.

אַז ס'איז איר אַריבער די ערשטע ספּאַזמע, האָט זי זיך באַרואיקט, אָפּגעווישט פון די טרערן די אויגן און פאַרביילט די פויסטן: ניין, זי וועט זיך ניט אונטערגעבן, זי וועט זיי נאָך אַריבערלעבן, נאָך דערלעבן זייער מפּלה. און די צוויי־און־צוואַנציק יאָריקע העלדינע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד און געחלשט.

אין דער זעלבער צייט איז מיישקע מיט דער גרופּע געגאַנגען מיט אַ שמאָל זאַמדיק וועגל אין דער ריכטונג צו די ניעמענטשינער וועלדער. די שטאָט האָט די גרופּע שוין געהאַט הינטער זיך, אָבער ביז צום וואַלד איז נאָך געווען גענוג ווייט.

ס'איז געווען אינדערפרי. דער וועג מיט וועלכער זיי זיינען געגאַנגען האָט זיך געשניטן דורך אַן אָפענעם פעלד. זיינען זיי געגאַנגען שנעל מיט דער האָפענונג. וואָס גיכער אָנצוקומען צו אַן אָרט, וווּ מען זאָל זיך קענען באַהאַלטן פון אַ בייז אויג, ביז פאַרנאַכט. דערווייל אָבער, איז מען געגאַנגען אויף בלינד און דער פּופּיק האָט געציטערט.

פון געטאָ איז די גרופּע אַרויס, ווען ס'איז נאָך אָנגעגאַנגען די אַקציע עסטאָניע.

פון צוואַנציק טויזנט יידן האָבן אין ווילנער געטאָ געדאַרפט בלייבן נאָר צען טויזנט. די אַרבעט אויסערן געטאָ איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. דאָך האָט גענס איינגעשטימט אַרויסצולאָזן מיישקעס גרופּע, אַלס אַרבעטס־איינהייט. פון פּ.פּ.אָ. האָט מיישקע קיינעם ניט געפירט. פּ.פּ.אָ. האָט זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אין וואַלד. אַזוי, אַז די גרופּע איז באַשטאַנען פון אייגענע. באַקאַנטע און אַזעלכע וועלכע די באַקאַנטע האָבן רעקאָמענדירט.

צווישן די רעקאָמענדירטע האָט זיך געפונען אַן אויסנאַם — זאַלקינדזאָן. רעקאָמענדירט האָט אים שורקע קאַצענבויגן, וועלכן מיישקע האָט מיטגענומען אין וואַלד. שורקע זאָגט, אַז זאַלקינדזאָן איז אַ גרויסער מאַטעמאַטיקער, אַן אַסטראָנאָם, אַן עלוי, אַ גאון. ער האָט אָנגעשריבן אַ גרויסע מאַטעמאַטישע ווערק. ער קען זיך אויס אויף אַלע שטערן און פּלאַנעטן, דער גאַנצער וועלט־אַל ליגט ביי אים, ווי אויפן פּלאַך פון דער האַנט. ער קען דיר אויסרעכענען, נאָך די שטערן, די מינוט מיט דער סעקונדע, ס׳איז ניט קיין מענטש, נאָר אַ ריז.

צום טויער, האָט האָט שורקע דעם ריז געבראַכט פאַר אַ האַגט.

אויפן וועג האָט ער אין אים אַריינגעטענעט ער זאָל איבערלאָזן אַלע הימ־לישע געשעפטן, ניט זיין פאַרחלומט און צעשטרייט, ער זאָל זיך אויפירן ווי אַן אַרבעטער, וואָס גייט צו דער אַרבעט, ער זאָל ווערן אַ נוציקער יודע, ער זאָל זיך ניט אַרומדרייען און זיך ניט וואַרפן אין די אויגן, נאָר זיך האַלטן ווי אַלע איבעריקע; ער זאָל ניט האַלטן דעם קאָפּ אין הימל, נאָר גיין מיט דעם קאָפּ אויף דער ערד און ווערן אַ מענטש.

נאָר וואָס איז זאַלקינדזאָן געווען שולדיק אין זיין הולך, אויסזען און פיזיאָנאָמיע.

ער איז געווען הויך און שלאַנק, אויסגענאָגט ביז צום מאַרך פון די ביי־נער, ניט דערעסן און ניט דערשלאָפן. דער לאַנגער געקראַטעוועטער טונקעלער מאַנטל איז אויף אים געהאַנגען, ווי אַ זאַק און ווען דו שטעלסט אים אַריין אַזוי גייענדיק און שטייענדיק אין אַ גאָרטן, וואָלסטו דיר געהאַט אַ פאַרטיקע סטראַשידלע.

דער פנים איז ביי אים געווען בלייך און ניט דערשלאָפן, ווי ביי אַ ישיבה בחור, וואָס זיצט גאַנצע טעג און נעכט איבער אַ בלאַט גמרא, די אויגן זיינען ביי אים געווען גרויסע, קיילעכדיקע, טיף איינגעשניטן, אין וועלכע ס׳האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די שאַרפקייט פון זיין פאַרשטאַנד אַזוי, אַז אַ געניט אויג וואָלט אין אים גלייך דערקענט אַ דענקער. אַפילו דאָס היטל, וואָס ער האָט געטראָגן שטאַרק אויף אַראָפּ, איז געווען צו קליין צו פאַרשטעלן דעם הויכן לומדישן שטערן.

די שיך זיינען ביי אים געווען אָפּגעטראָגן און פאַרלאָזט, ווי ביי אַ משולח, וואָס פליט אַרום איבער דער וועלט ניט מיטן קאָפּ, נאָר מיט די פיס.

אַלע האָבן זיך איינגעאָרדנט אין דער ריי, נאָר זאַלקינדזאָן קען זיך ניט געפינען קיין אָרט. ער דרייט זיך אַרום פון איין עק גרופּע צו דער צווייטער און קען זיך ניט אָפּגעפינען אַ פּאָר.

— מען דאַרף זיך היילן — זאָגט שורקע צו מיישקען — זי קען נאָך אָנקומען.

מיישקע שטייט אין טאָר־וואַך און קאָנטראָלירט די לעצטע חברה, ער נעמט צו אַלע דאָקומענטן און אַלץ, וואָס ס׳האָט אַ שייכות צום ווילנער געטאָ און גיט עס איבער לעוואַסן.

די ריי איז שוין גרייט.

— זי גייט! — האָט שורקע אויסגעשריען.

צו דער גרופּע האָט געהיילט, שנעל שטעלנדיק די פיס, מיט אַ דריבנעם טראָט, אַ נידעריקע עלטערע פרוי. דעם פּנים האָט זי געהאַלטן בייז אויף אַראָפּ און די לעצטע טריט איז זי כ׳מעט ווי דערלאָפן, זיך אַרומגעקוקט און גלייך צו זאַלקינדזאָנען.

ווען זאַלקינדזאָן האָט איר דערזען איז ער אַריינגעקראָכן אין דער גרופּע און זיך אויסגעדרייט צו איר מיט דער פּלייצע. אָבער ניט ביי איר. זי האָט אים גלייך דערטאַפּט. אָנגעכאַפּט פאַר אַן אַרבל, האָט זי אים אָנגעהויבן צו שלעפּן צו זיך.

פון אָנהויב האָט זיך זאַלקינדזאָן פּרובירט קעגנשטעלן, אויסשטעלנדיק צו שורקען אַ פּאָר בעטנדיקע, רחמנותדיקע אויגן.

ער האָט זיך פּרובירט קעגנשטעלן דעם אָנגריף פון דער אַלטער מומע, וואָס האָט זיך אין אים איינגעגעסן ווי אַ פּיאַווקע.

נאָר אין זיין ווידערשטאַנד, איז געווען מער אויסדרוק פון הילפסלאָזיקייט, איידער ווידערשטאַנד. די מומע האָט אים ווי מיט צוואַנגען געהאַלטן מיטביידע הענט, אַרויסשלעפּנדיק אים מיט געוואַלד פון דער גרופּע, שטרענג קוקנדיק אויף אים פון אונטן אַרויף, מיט אירע בייזע איינגעפּרעסענע אויגן.

שורקע שטייט און סקריעט מיט די ציין. גיי טו וואָס, אַז ביים אָפענעם טויער שטייט די ליטווישע פּאָליציי.

טראָט נאָך טראָט האָט זיך זאַלקינדזאָן נאָכגעשלעפּט נאָך דער אַלטער מומע,, דערוויטערנדיק זיך פון טויער מיט אַן אַרונטערגעלאָזטן קאָפּ און גע־בויגענער, פּלייצע. און די מומע איז שוין לעבן אים געגאַנגען פון זייט ווי אַ העלדינע, אַ פּאַריסענע, און זיכערע. און דער גרויסער מאַטעמאַטיקער, וואָס האָט געקענט אַלע שטעגעלעך און וועגן אין הימל, האָט אויף דער ערד, אַליין, ניט געקאָנט שטעלן קיין איינציקן טראָט.

און פּונקט ווי שורקע האָט אים פאַר אַ האַנט געבראַכט צום טויער, אַזוי האָט אים די אַלטע מומע פון דאָרט אַוועקגעפירט צוריק.

מיישקע מיט דער גרופּע גייט איבער די ווילנער גאַסן. די פּאַרצוימטע געטאָ איז אויסער זיי. לייבל פּאַלאַנט איז דער בריגאַדיר און אַבראַשע פּאַטאַשניק פירט די גרופּע דורך די גאַסן און געסעלעך, איידער מען פאַרלאָזט די שטאָט. די עלטסטע אין דער גרופּע איז די עטלעך און פופציק יאָריקע מומע, דער יינגסטער עזריאלינקע טייץ.

זיי זיינען שוין אויסערן שטאָט. לאַנג גייענדיק מיטן אָפענעם פעלד, זיינען זיי ענדלעך דערגאַנגען צו אַ קליינעם קוסטאַרניק.

— אַראָפּ פֿון וועג. — קומט דער ערשטער באַפעל, מען מוז, וואָס ווייטער אַוועק פון וועג, וואָס ווייטער.

זיך פאַרקליבן טיפער אין קוסטאַרניק איז מען געבליבן שטיין.

יעצט געזעגנט מען זיך מיט דאָס לעצטע, וואָס ס'איז נאָך פאַרבליבן פון געטאָ. לייבל נעמט אראָפּ דעם אָרעם־באַנד און אַלע איבעריקע — די געלע לאַטעס. מען באַגראָבט זיי אין דער ערד.

— מען זאָל שוין אַזוי באַגראָבן אַלע יידישע שונאים. — זאָגט די אַלטע מומע אַ קללה, באַגראָבנדיק איר געלע לאַטע, מיט אַזאַ פרומקייט, ווי זי וואָלט בענטשן ליכט.

אין שפּאַנונג שטייען אַלע פאַרטראַכט און שווייגן, פּונקט ווי מיטן באַגראָבן די געלע לאַטעס, וואָלטן זיי דעקלאַרירט זייער אומאָפּהענגיקייט און אויפגעהויבן די פאָן פון ווידערשטאַנד. מיט זאָרג באַטראַכט מען די זעקס פּיסטאָלעטן.

אין דער פאַרמויערטער געטאָ, אַז מען האָט געקראָגן אַ רעוואָלווער, האָט זיך געדאַכט ניט אנדערש, אַז דו האָסט אונטער דיין דיספּאָזיציע ניט ווייניקער ווי אַ פּאָלק סאָלדאַטן, ערשט יעצט, דאָ אויף דער פריי, האָט מען דערזען, אַז ס'איז גאָרניט. און צום קליינעם קוסטאַרניק האָבן אַלע מער צוטרוי ווי צום גאַנצן געוועהר.

— טאָקע באַהאַלטן, אָבער דאָך אויף דער פריי! — רופט ווער אויס.

— בעסער ווי אין געטאָ!

— בעסער פון אַ לאַגער!

— ניטאָ וואָס צו פאַרלירן!

— אַ כפרה אַלץ פאַר דער פרייהייט!

— מען קען גיין ווו מען וויל! — ריידן אַלע אין אַ כאָר.

— איז געגאַנגען! — רופט אויס מיישקע.

פאָרויס גייען צוויי אויסשפּירער, הינטער זיי אויף אַ דיסטאַנץ די גאַנצע גרופּע.

גייענדיק האָט מען באַמערקט אַ פאַסטעכל. ער זיצט אונטער אַ קוסט און שניצט אַ שטעקן, אַרום אים פּאַשענען זיך עטלעכע שעפסן.

צוואַנציק העלדן טרעטן אין אימה צוריק פאַרן קליינעם פאַסטעכל און מ׳דאַנקט גאָט, וואָס ער האָט זיי ניט באַמערקט.

ניט ווייט אין אַ זומפּיקן פּלאַץ, האָט מען זיך אַוועקגעלייגט, איבערוואַרטן דעם טאָג.

אַ גאַנצן טאָג האָט זיך דאָס פאַסטעכל אַרומגעדרייט מיט זיינע שעפּסן ניט פילנדיק, אַז עמעצער באַהאַלט זיך אויס הינטער זיינע פּלייצעס.

פאַרנאַכט איז ער אַוועק.

חברה האָבן זיך אָנגעהויבן צו רירן, מען האָט פרייער אָפּגעאָטעמט.

— אונדזער ציל זיינען די נאַראָטשער וועלדער. די אָזיערע נאַראָטש ליגט צווישן די צוויי שטעטלעך מיאָדזל און קאָבילניק. אויב פּאַסירט, וואָס אויפן וועג און מען צעשיידט זיך, זאָל יעדער איינער זען זיך צו דערשלאָגן אַהין מיט די אייגענע כוחות. דער מהלך — ביי אַ צווייהונדערט קילאָמעטער. די ריכטונג מזרח.

אַז ס׳איז געוואָרן גוט פינצטער, איז מען אַרויס אין וועג. מען איז געגאַנגען נאָכן קאָמפּאַס, מען איז כ׳מעט געלאָפן.

שורקע האַלט זיך די גאַנצע צייט לעבן מיישקען, ער רייסט זיך דער ערשטער. דער לעצטער גייט לייבקע גורוויטש און היט קיינער זאָל ניט אָפּשטיין.

גייענדיק דורך אַ וואַלד, האָט מען זיך ענדלעך דערשלאָגן צו אַ וואַלד־וועג. דער וועג פירט זיכער צו די באַן־ליניעס, וועלכע מען דאַרף אַריבער.

אַריבערגיין די באַן־ליניעס איז לעצטנס געוואָרן אַ גאַנצער עסק.

לעצטנס היטן די דייטשן שטאַרק די באַן־וועגן צוליב די איבערפאַלן פון פאַרטיזאַנער.

מיטאַמאָל איז מיישקע שטיין געבליבן, אָנכאַפּנדיק שורקען ביים אַקסל.

— הערסט?

שורקע שפּיצט אָן די אויערן:

— מען פאָרט!

— אַראָפּ פון וועג — טראָגט זיך פון מויל צו מויל אַ באַפעל.

סקריפּענדיק אין זאַמד פאָרן פורן. דער לעצטער וואָגן איז שטאַרק אָפּגע־שטאַנען און דער פויער, גייענדיק צופוס, שטופּט דעם וואָגן מיט די גאַנצע כוחות.

— שטיי! — רופט אויס מיישקע מיט אַ שטילער שטים.

דעם פויער טרייסלט, אַנטקעגן אים זיינען אָנגעשטעלט צוויי פּיסטאָלעטן, שורקעס און מיישקעס.

אויף שפּראַכן האָט שורקע אַ קיילעכדיקן צונג.

— ווי ווייט איז צו די באַן־ליניעס? — פרעגט ער אויף פויליש.

— אַ פּאָר טריט. — ענטפערט דער פויער.

— מ׳היט ?

— כ׳האָב דאָרטן קיינעם ניט געזען.

— אַן אמת ?

— אַן אמת, פּאַנאַטשעק.

— איך בין דיר ניט קיין פּאַנאַטשעק, נאָר אַ פּוילישער אָפּיצער, סקורווי סין !

— טאַק יעסט, פּאַניע אָפּיצעזשע !

— פאַר !

שורקע, מיישקע און לייביטשקע זיינען אַוועק צו די באַן־ליניעס און די גאַנצע גרופּע איז איבערגעבליבן אויף אַן אָרט וואַרטן.

הונדערט מעטער פון ביידע זייטן באַן־ליניעס זיינען אָפּגעזעגט די בוי־מער. לעצטנס האָבן די דייטשן אויסגעהאַקט די בוימער פון ביידע זייטן באַן־ליניעס, כדי די פּאַרטיזאַנער זאָלן לייכט ניט קענען צוקומען צו זיי.

קריכן צווישן די בוימער, קנאַקן די צווייגן ; גיין מיטן וועג, בינסטו אַ פּאַרטיקער, אויב מען היט. שטייען זיי מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס און ווייסן ניט, וואָס צו טאָן. אין זייט פון וועג, האַרט לעבן די ליניעס ווייסט זיך אַ הויכע באַן־ביידל. אויב איז דאָרט ווער דאָ, וועט ער זיך סוף־סוף אַרויסגעבן.

זיי וואַרטן לאַנג.

לייבקע איז אַוועק ברענגען די גאַנצע גרופּע.

ווי צוויי נאַכט־וואַנדערער זיינען די ערשטע צוויי אַריבער די ליניעס. אין ביידל איז קיינער נישטאָ. פאַרזיכטיק, אויסגעצויגן אין אַ ריי, איז אַריבער די גאַנצע גרופּע.

מ׳איז אַריין אין די ניעמענטשינער וועלדער. דעם געפערלעכסטן אָפּשניט האָט מען שוין דאַכט זיך דורכגעמאַכט, נאָר ווי זאָגט אַ ווערטל : זאָג ניט האָפּ ! מ׳גייט ווייטער.

ענדלעך האָט מען זיך דערשלאָגן צו אַ כוטאָר, מ׳וויל טרינקען. מ׳האָט מזל, קיין הונט בילט נישט, מען איז אַריין אין הויף. דעם פּויער וויל מען נישט וועקן. עטוואָס אין זייט שטייט אַ ברונעם. קיין שטאַנג אַרויסצושלעפּן דאָס וואַסער איז ניטאָ.

לייביטשקע האָט אין ווינקל אין ברונעם דערטאַפּט אַ שטריק. אודאי איז צו איר צוגעבונדן אַן עמער. ער שלעפּט די שטריק און פילט אַן עמער וואַסער צוגעבונדן צום צווייטן עק. ס׳איז ניט קיין עמער, ס׳איז אַ קרוג. ניט קיין קרוג מיט וואַסער, נאָר אַ קרוג מיט מילך. לייביטשקע קערט איבער דעם גאַנצן קרוג גלייך אין האַלדז און גלייך, אים אַ כאַפּ געטאָן צוריק.

—סמעטענע ! — שרייט ער אויס — חברה סמעטענע !

ווי היישעריקן האָבן זיך אַלע אַרויפגעוואָרפן אויפן קרוג און אין איין אויגנבליק אים פאַרצוקט.

יעצט שטייט מען און מען באַלעקט זיך. מ׳ווישט זיך די מיילער מיט די הענט און מען באַלעקט די פינגער. בסך־הכּל איז מען אַרויס פון געטאָ צו בלייבן אויף דער וועלט און דאָ האָסטו גאַר סמעטענע.

אָנגעפילט די אלומינענע פלעשער מיט וואַסער, איז מען אַוועק.

— ניט קיין שלעכטער אָנהויב. — רופט אויס לייביטשקע.

— דאָס טראַכט נאָר פון פרעס.

— עסן איז דאָס לעבן און שטאַרבן איז דער טויט.

— אַבזשאָרע! (אַ רוסישער זידל וואָרט — פרעסער).

— קענסט זיך, נאָך אַליין אָרומלעקן די מאָרדע!

— ניט ריידן!

נאָר לייבקע איז הונגעריק. שלעפט ער פון קעשענע שטיקער ברויט, שטופט אין מויל און קייט.

אפשר זאָל ער איבערלאָזן אויף שפּעטער טראַכט ער און אַזוי טראַכ־טנדיק זיינען אים פאַרבליבן ליידיקע קעשענעס. יעצט גייט ער. ניט טראַכטנדיק.

די גרופּע געפינט זיך אין סאַמע וואַלד. באַלד דאַרף אָנהויבן צו טאָגן. אַוועק עטוואָס ווייטער פון וועג, האָט מען באַשלאָסן אויף דעם פּלאַץ איבער וואַרטן דעם טאָג. אויסגעשטעלט פון אַלע זייטן וואַכן, זיינען די איבעריקע אַוועקגעפאַלן שלאָפן אונטער די שטאַמען פון די בוימער.

ביז פאַר מיטאָג איז געווען רואיק. שורקע און מיישקע ליגן איבער דער מאַפּע און שטודירן דעם ווייטערדיקן וועג. די מאַפּע איז אַ טאָפּאָגראַפישע און מ׳דאַרף זען ניט צו פאַרבלאָנדזשען.

— אַ פויער איז פאַרביי! — קומט צו אַ וועכטער.

— ווען? — פרעגט מיישקע.

— יעצט.

— ער האָט אייך געזען?

— יאָ.

מיישקע לויפט צום וועג, נאָר טרובע.

— פאַרוואָס האָסטו אים ניט פאַרהאַלטן?! — בייזערט ער זיך אויפן וועכטער.

דער וועכטער הויבט מיט די פּלייצעס.

— אויפהויבן זיך! — קאָמאַנדעוועט מיישקע. — צונויפנעמען אַלע זאַכן און ניט איבערלאָזן קיין שום שפור!

מיישקע גייט צווישן די בוימער און די גאַנצע גרופּע נאָך אים.

זיי געפינען זיך ניט ווייט פון וואָראָניאָן און אין וואָראָניאָן שטייט איין אַ ליטווישער גאַרניזאָן.

אַפּגייענדיק אין דער טיף פון וואַלד ביי אַ דרייהונדערט מעטער, איז מיישקע געבליבן שטיין.

— גאָרניט אויסטאָן! גאָרניט אַוועקלייגן. ליגן גרייט און שווייגן.

ניט אַלע באַגרייפן, וואָס דאָ קומט פאָר, נאָר אַלע ליגן איינגעלייגט.

אין אַ שעה אַרום האָט אין וואַלד אָפּגעהילכט אַ שיסעריי פון דעם אָרט פונוואַנען זיי זיינען אַוועק. וואָס ווייטער האָט זיך די שיסעריי דערנענטערט.

מען ליגט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן.

אויפגעהויבן זיך איז מען אַוועק ווייטער. אַפּגעגאַנגען ביי אַ האַלבן קילאָמעטער האָט מען זיך ווידער אַוועקגעלייגט.

ס'האָט ניט גענומען לאַנג און די שיסעריי האָט אָפּגעהילכט, אפשר צוואַנציק מעטער פון זיי. מען האָט זיך אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבן לויפן.

נאָך אַ האַלבן קילאָמעטער איז מען ווידער געבליבן שטיין.

אַ טייל וויל גיין ווייטער.

— ליגט אויף אָן אָרט! ס'איז גאָרניט. — רופט אויס מיישקע.

— ביי דיר איז גאָרניט און ביי מיר דאַרף מען אויסדרייען די רעטונג. — באַקלאָגט זיך גיטקע.

אַ גאַנצן טאָג האָט מען זיי פאַרפאָלגט, אַ גאַנצן טאָג איז מען איבערגעגאַנגען פון איין פּלאַץ צום צווייטן.

ערשט פאַרנאַכט איז שטיל געוואָרן.

מ'איז אַרויס ביז צום ראַנד פון וואַלד.

אויסערן וואַלד איז נאָך ליכטיק. מען וואַרט ס'זאָל ווערן פינצטער.

די נאַכט וועלכע שטייט פאָר איז אַ שווערע, מען דאַרף דורכגיין אַ געגנט אָן וועלדער. חוץ דעם, דאַרף מען אַריבער די ווילִיע און פון טייך ביז צו די נאָענטסטע וועלדער איז ביי אַ צען קילאָמעטער. צוזאַמען איז דאָס אַ מהלך פון איבער פערציק קילאָמעטער. אויסער דעם, האָט מען געדאַרפט גיין מיט פעלדער אָן וועגן און די נאַכט אין אויגוסט איז אַ קורצע.

מ'גייט שנעל. מען לויפט כ'מעט.

ערשט אַרום צוויי אַזייגער איז מען אַרויף אויף אַ וועג מיט וועלכן מען האָט זיך אָנגעצייכנט צו גיין.

דעם וועג האָט שורקע און מיישקע גוט אויסגעשטודירט אויף דער מאַפּע, ווייל מען האָט זיך געדאַרפט היטן ניט אַרויפצוקריכן אויף אַ גוט. לעצטנס באַפאַלן פאַרטיזאַנער פריצישע הויפן, נעמען אַלץ צו און, וואָס מען קען ניט צונעמען פאַרברענט מען. היטן דעם גוט קליינע גאַרניזאָנען פּאָליציי. אויף דעם וועג מיט וועלכן זיי זיינען געגאַנגען, איז קיין גוט ניט געווען.

שטיל הערט זיך דער שאָרך פון די טריט. מען גייט פאַרביי בערגלעך, קוסטעס און אַמאָל אויך רייען פון בוימער. האַרט ביים וועג, וואַקסן אין אַ לאַנגער שורה הויכע, גלייכע יאָלקעס. אין שאָטן פון די בוימער איז די נאַכט פינצטערער.

טראַך! האָט מיטאַמאָל אויפגעלויכטן אַ שטיק פייער. האַרט לעבן מייש־קעס קאָפּ. מ׳האָט אויסגעשאָסן פון אַ ביקס. ס׳האָבן אָנגעהויבן שיסן נאָך ביקסן.

— צעשפּרייטן זיך וואָס ברייטער, אַראָפּ פון וועג! — לויפט מיישקע דער לעצטער, אונטערטרייבנדיק די אָפּגעשטאַנענע.

צום גרויסן מזל דאַרף מען לויפן באַרג אַרויף.

די פרויען סאָפּענען שווער. מ׳איז אַרויפגעלאָפן אויפן באַרג. ס׳האָט זיך צערעדט אַ קוילן־וואָרפער.

מ׳איז שטיין געבליבן. מען ציילט זיך אָפּ. צוויי מאַן פעלן.

— די מאַמע! —שרייט אויס לייבקע.

עס פעלט די אַלטע מומע און אַ יונגער בחור פון ווילנע דאַווידקע.

קיינער האָט זיי ניט געזען פאַלן, קיינער האָט זיי ניט געזען לויפן.

מען זוכט די פאַרפאַלענע, מען רופט, מען שרייט, מען הערט גאָרניט, חוץ די שיסערייען, וועלכע הערן ניט אויף. אַראָפּ צוריק דעם באַרג אויס־געגישטערט די געגנט און גאָרניט געפונען. ניט קיין לעבעדיקע און ניט קיין טויטע, פונקט ווי אין דרערד אַריין.

מ׳גייט לויפנדיק. דבורהקע טייץ האָט געחלשט. איידער מען האָט איר אָפּגעמינטערט איז אַוועק צען מינוט, מ׳שטייט ביי דער ווילִיע, דער אַראָפּ־גאַנג צום טייך איז אַ משופּעדיקער. פון צייט צו צייט גייט אַרויס אַ האַלבע לבנה און פאַרשווינדט אונטער די וואָלקנס.

דער טייך פינקלט אויף און ווערט פאַרטונקלט. עס הערט זיך דאָס שטראָמען פון וואַסער.

פון אַנדער זייט טייך, עטוואָס מער אויף רעכטס, אַז עס גייט אַרויס די לבנה, בלייכט אַ דאָרף.

אַז די לבנה איז אַרונטער אונטער די וואָלקנס, איז מיישקע, שורקע און לייבקע אַרונטער צום טייך אַנטקעגן דאָרף.

זיי ליגן און הערן זיך צו.

בדרך־כלל גיט זיך אַ פּאַטראָל, אַדער אַ וואַך אַרויס.

ווי מ׳זאָל זיך ניט היטן, גיט זיך ווער אַ דריי, וואַרפט זיך ווער אַרויס מיט אַ וואָרט, אַדער מ׳פאַרייכערט גאָר אַ פּאַפּיראָס.

מען הערט גאָרניט.

זיי גייען לענג אויס אַ ליידיקן זאַמדיקן ברעג.

אפשר וועט מען זיך אָנשלאָגן אויף אַ לאָדקע, אָדער געפינען אַ קאָ־רעטע. ס׳איז גאַרניטאָ.

ביים שיין פון דער לבנה האָט איבערן טייך אַ גלאַנץ געטאָן אַ דינער פינקלענדיקער פאַס. אַ דראָט האָט זיך געצויגן איבער דער ברייט פון טייך.

לייבקע איז שוין אין וואַסער. אַ האַלב־נאַקעטער שווימט ער לענג אויס דעם דראָט, ביז מען פארלירט אים פון אויג. מ׳וואַרט מיט אומגעדולד. אין אַ ווײַלע אַרום זעט מען, איבערן וואַסער אַ סילועט — לייבקע שטייט אויף וואָס, ציענדיק דעם דראָט.

ווען ער איז אַראָפּגעשפּרונגען אויפן ברעג האָט מיישקע מיט שורקען דערזען אַ מין פּאַראָם צונויפגעקלאַפּט פון עטלעכע ברעטער און קלעצער, צוגעבונדן מיט אַ שטריק צום דראָט. אין עטלעכע מאָל האָט זיך די גרופּע אַריבערגעפּעקלט איבערן טייך.

צוליב די אַלע פּאַרפּאַלן און שטערונגען האָט מען פּאַרלאָרן אַ האַלבע נאַכט, ביז צו די נאָענסטע וועלדער איז ביי אַ צען קילאָמעטער און אויף מזרח האָט זיך באַוויזן אַ העלער פּאַס ליכט.

אַריין אין דאָרף, האָט מיישקע באַשלאָסן צו שפּאַנען פערד. שטיל קלאַפּט ער אָן אין אַ טיר. שורקע און לייבקע שטייען פון זייט.

אַ פּויער האָט געעפנט די טיר.

מיט אַ באַטערייקע באַלייכט מיישקע די שטוב. צעשראָקענע טוליען זיך דריי קינדער אין אַ בעט, אַ צעשראָקענע ליגט אַ פּויערטע אונטער אַ קאָלדרע.

— פערד! — האָט מיישקע אויסגעשריען.

דער פּויער ציט זיך צוריק און זעצט זיך לעבן דעם ווייב. די קינדער ציען די קאָלדרע איבער די קעפּ.

— איך פאָר ניט! — זאָגט ער.

— שפּאַן שוין דעם פערד און געפאָרן.

— איך וועל ניט פאָרן!

— איך שיס דיר ווי אַ הונט!

דער פּויער זיצט.

מיישקע ווייס נישט וואָס צו טאָן און קנאַלט אויס אַ קויל צום באַלקן.

— קענסט מיר האַרגענען־איך פאָר ניט!!!

די פּויערטע טרייסלט זיך, די קינדער וויינען און מיישקע שטייט אַ הילפסלאָזער און ווייס ניט וואָס צו טאָן.

— איך גיב דיר צוויי מינוט צייט!

לייבקע איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

— קום! — לויפט מיישקע צו צום פויער און הייבט אים אָן צו רייסן.

דער פויער ווערט זיך. זיין ווייב שרייט. די קינדער וויינען. באַלד ווערט זיך פון טומל אויפהייבן דער גאַנצער דאָרף.

— קום! הערט ניט מיישקע אויף צו שרייען.

— איך וועל ניט גיין! — ווערט זיך דער פויער נאָך מער פאַרעקשנט.

לייבקע איז אַריינגעלאָפן אין שטוב.

— איר וואַרט נאָך?!

— מען מוז פערד! — שרייט מיישקע.

— צו שפאַנען אַ פערד דאַרף איך אים האָבן?

אַלע זיינען אַרויסגעלאָפן פון שטוב. אין הויף פאַרציען נאָך חברה די רימענס. לייבקע קאָנטראָלירט דעם געשפאַן.

— אַרויף! — שרייט ער אויס.

— דאָס ציימל! —שרייט ווער.

לייבקע שטייט אינדערהייך, האַלטנדיק שוין די לייצעס. חברה האָבן זיך אַריינגעקייקלט אין וואָגן, מיישקע מיט שורקען האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט פון הינטן.

דער פערד איז אַדורכגעלאָפן דעם אָפענעם טויער.

— טשעקאַיצע!!" — שרייט, נאָכלויפנדיק דער פויער דעם וואָגן.

— וואַרט, זאָל ער מיטפאָרן! — שרייט מיישקע.

— זאָל ער לויפן! — שרייט לייבקע האַקנדיק איבערן פערד מיט אַ שטעקן.

— טשעקאַיצע!!! — טראָגט זיך פון הינטן איבערן גאַנצן דאָרף אַן אויסגעצויגענער געשריי.

פירן פורן יאָגן זיך, שוין פאַר ליכטיק, ווי די משוגעים, פון דאָרף.

לייבקע טרייבט דעם פערד, אַז ס׳גייט אַ רויך און די איבעריקע פורן האָבן זיך געיאָגט פון הינטן. עס וואַרפט, עס שאָקלט, עס טרייסלט. מ׳איז שוין אויסערן דאָרף. ביי די לעצטע הייזער זעט מען אַ קליינע פיגור מיט אויפגעהויבענע הענט צום הימל.

— הערסט אַ מעשה? זאָל ער ריידן צו גאָט! — זאָגט לייבקע — שריי פויערל, שריי! — דרייט ער דעם קאָפּ אויף הינטן, הויבנדיק העכער דעם שטעקן.

נאַסע, פאַרשוימטע און אויסגעשוויצטע זיינען די פערד אַריינגעלאָפן אין וואַלד.

די איבעריקע פויערים בעטן זיך מען זאָל זיי אָפּלאָזן צוריק אַהיים. מיישקע וויל אָפּילו ניט הערן.

אין זעלבן אימפּעט איז מען אין וואַלד אָפּגעלאָפן נאָך פינף קילאָמעטער.

צוויי שעה איז מען געגאַנגען צופוס און דערגייענדיק צום ראַנד פון וואַלד, האָט מען זיך געלייגט אָפּרוען.

מיישקע ליגט מיט שורקען און באַטראַכט די מאַפּע. זיי באַקוקן אויף דער מאַפּע דעם וועג, וועלכן זיי האָבן די נאַכט דורכגעמאַכט.ביידע שטייען און פינטלען מיט די אויגן. אויף דעם וועג מיט וועלכן זיי זיינען געגאַנגען שטייט שוואַרץ אויף ווייס געשריבן דער גוט ריזגאַרי. ווי האָבן זיי דאָס פריער ניט באַמערקט? ביידע האָבן געקוקט און ביידע האָבן געזען אַ קרענק.

— אויף מיר סטראַשעגן — זאָגט לייבקע ניט קענענדיק זיך שענקען, וואָס ער האָט פאַרלאָרן די מאַמען. — ביז איצט האָב איך איר אויסגעהיט און צוליב אייערע בלינדע אויגן האָב איך איר פאַרלאָרן! (דער גורל האָט געוואָלט אַנדערש, די מומע לעבט אין ישראל און קלאָגט נאָך ביז היינט איבער איר זון, וואָס איז געפאַלן אין וואַלד).

אויסגעלערנט זיך די מלאכה פון ראַבעווען פערד, איז מען ביז דער נאַראָטשער אָזיערע געפאָרן אויף פורן. ביי דער אָזיערע גייט מען צופוס. זיי גייען דורך טשערעמשטשיצע. דער דאָרף טשערעמשטשיצע, ווען ס'איז געווען באַשערט צו האָבן פאַר אַ שכן דעם וואַלד, ליגט האַלב פאַרברענט נאָך דער ווינטערדיקער בלאָקאַדע, וועלכע די דייטשן האָבן דורכגעפירט דאָ אין וואַלד קעגן די פאַרטיזאַנער.

אין וואַלד האָט זיי פאַרהאַלטן דער ערשטער סעקרעט. זיי זיינען שוין אויף דער באַזע. מען ליגט אונטער אַ בערגל און מען וואַרט. פינף טעג איז אינגאַנצן אַריבער, זייט זיי האָבן פאַרלאָזט די געטאָ. יעצט רוט מען און מען איז גרייט אָנצוהויבן אַ ניי אַרט לעבן , אַ לעבן פון פאַרטיזאַנער.

## דער יידישער אָטריאַד

פון טראַנספּאָרטן און גזירות, פון מאַלינעס און באַהעלטענישן, פון לאַגערן און געטאָס, האָבן זיך רעשטלעך יידן פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך געקליבן אין די נאַראָטשער וועלדער. ס'זיינען דאָ געווען אַפילו איינצלנע אָפּגעראַטעוועטע פאַמיליעס. אויך פּאַליאַקן האָבן אָנגעהויבן קומען אין וואַלד, מערסטנטייל אין גרופּן און באַוואָפנטע.

די פאַרטיזאַנער אָנפירערשאַפט פון מאַרקאָווס בריגאַדע האָט איינגעשטימט צו דער עקזיסטענץ פון אַן אויטאָנאָמער פוילישער איינהייט אין דער זאָנע פון דער

בריגאַדע. אין מאַרקאָווס בריגאַדע איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ יידישער אָטריאַד „נקמה״.

דער קאָמאַנדיר פון אָטריאַד איז געווען דער קאַפּיטאַן־דיוועסאַנט פון דער ליטווישער בריגאַדע, בוטיענאַס און אַלס שעף פון שטאַב איז באַשטימט געוואָרן יוסף גלאַזמאַן.

ווען שיקע איז אַוועק פון ווילנער געטאָ מיט דער גרופּע פון פּ.פּ.אָ. אין וואַלד, האָט ער זיך גערעכט אַלס וועג־ווייזער און יוסף גלאַזמאַן אַלס דער קאָמאַנדיר.

ביים אַריבערגיין דעם לאַוואַרישקער בריק איבער דער ווילענקע, איז די גרופּע אַרויף אויף אַ דייטשער לויערונג און פון דרייסיק און עטלעכע קעמפער זיינען געבליבן ביי אַ פופצן. די גרופּע האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. אין דעם קאַמף זיינען געפאַלן די צוויי ברידער העלדן לייבקע און הירשקע גאָרדאָן.

שיקע, חייקע און נאָך צוויי מאַן, זיינען אַליין אָנגעקומען אויף דער באַזע. די איבעריקע מיט יוסף גלאַזמאַן זיינען אָנגעקומען, נאָך לאַנגע וואָגלענישן, אַ סך שפּעטער.

בוטיענאַס אַלס קאָמאַנדיר, כאָטש פון נאַטור איז ער געווען אַ באַשיידענער, האָט זיך געהאַלטן פון די פּאַרטיזאַנער פון ווייטן. יוסף גלאַזמאַן, וועלכער האָט אַליין דורכגעמאַכט דעם דייטשישן גהינום איז פאַר די פּאַרטיזאַנער געווען אַ סך נענטער.

אַז עס קומט אַ ייד אין וואַלד, פרעגט אים גלאַזמאַן ניט קיין שאלות, צי ער האָט יאָ געוואָר צי ניט און נעמט אים גלייך אַריין אין יידישן אָטריאַד. צום יידישן אָטריאַד געהערן אויך די עטלעכע משפחות.

אין פּאַרטיזאַנקע פירט זיך, אַז אַלע פּאַרטיזאַנער באַזונדער און יעדער אָטריאַד האָט אַ קאָנטאָ. און דער יידישער אָטריאַד האָט שוין אַ קאָנטאָ, וועלכע האַלט אין איין וואַקסן. יידן גייען אויף אויפגאַבן, רייסן טעלעפאָן־דראָטן, באַן־רעלסן, באַפאַלן ליטווינער און דייטשן.

די גרעסטע שמחה איז אָבער אין יידישן אָטריאַד, ווען ס׳קומען אָן נאָך יידן. מיישקע, וועלכער איז מיט דער גרופּע אָנגעקומען פון ווילנע, איז טאַקע גלייך אַריין אין יידישן אָטריאַד.

גלאַזמאַן פאַרמירט דעם אָטריאַד און באַגריסט די ניי־געקומענע. זיין ווונטש איז, אַז די צאָל יידישע קעמפער זאָל זיך פאַרגרעסערן פון טאָג צו טאָג. ער וווּנדערט זיך, וואָס איז מיישקעס גרופּע איז ניטאָ קיין איינער פון פּ.פּ.אָ. און איז אַנטוישט, וואָס פּ.פּ.אָ. האָט געענדערט דעם אָנגענומענעם באַשלוס אַרויס־צוגיין אין וואַלד.

— אויב האָט מען אָנגענומען אַזאַ באַשלוס — זאָגט גלאַזמאַן — האָט מען זיך אָן אים געדאַרפט האַלטן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט שורקע קאַצנבויגן פאַרגעשלאָגן מיישקען צו

גיין צוריק אין געטאָ און ברענגען נייע גרופן. מיישקע אָבער וויל ניט גיין. עס זיינען אים דערעסן די אומדערפאַלגרייכע אונטערהאַנדלונגען מיט די ווילנער קאַמפּס־גרופּן צו גיין אין וואַלד. ער וויל בעסער ווי אַלע חברים בלייבן אין וואַלד און גיין אויף אַקציעס. ער טרעפט באַמקע באַיאַרסקי. באַמקע האָט זיך פאַר דער קורצער צייט, וואָס ער איז אין וואַלד אַרויפגעאַרבעט און דערגרייכט דעם פּאָסטן אַלץ פאַרטרעטער פון קאָמאַנדיר פון „סוואָראָווסקי" טאָריאַד. מיישקע פאָרט מיט אים אויף אַקציעס.

שורקע וויל זיין פּלאַן ניט אויפגעבן. מיט מיישע־יודקע רודניצקי און חיים גילמאַן גייט ער צוריק אין ווילנער געטאָ.

אין וויינקער ווי דריי וואָכן איז ער געקומען צוריק מיט אַ גרופּע פון פ.פּ.אָ. אין עטלעכע טעג אַרום איז אויך אָנגעקומען מיישע־יודקע רודניצקי און נאָכדעם גילמאַן. די גרעסטע צאָל געקומענע זיינען מיטגלידער פון פ.פּ.אָ. „ברוכים הבאים".

מיט מיישע־יודקען זיינען געקומען די צוויי יידישע שרייבער אברהם סוצקעווער און שמערקע קאַטשערגינסקי.

אַלע גרופּן זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן אין יידישן אָטריאַד..

אָט ווי דער וואַלד וואָלט אויפגעלעבט.

קלייבן זיך אין די אָוונטן פּאַרטיזאַנער פון דער באַזע און מיד־געקומענע פון אַקציעס ביים צעלייגטן פייער אָנצוואַרעמען אַ ביסל די נשמה. אַלע קלייבן נחת פון וואָלאָדזקען, אַ פּאַרטיזאַן, וואָס זינגט און שפּילט אויף אַ גיטאַרע.

ער זינגט מיט האַרץ און די גיטאַרע לעבט ביי אים אין די הענט.

הילכן צווישן די בוימער רוסישע, אוקראַינישע, טאַטאַרישע, איטאַליענישע, שפּאַנישע און אַפילו יידישע לידער — אַריעס און סאָנאַטן, פאָלקס־לידער און קאַמפּס־מוזיק.

וואָלאָדזקע זינגט און אַלע הערן.

יעצט אָבער, אַז שמערקע קאַטשערגינסקי איז געקומען אין וואַלד, האָט ער איבערגענומען די קאַפּעליע.

שמערקע שטייט אויבן אָן און דיריגירט מיט אַלע, וואָס האָבן נאָר אַ שטיקל טאַלאַנט. אויף געוואַלד שלעפּט ער אַרויס פון יעדן דעם „לאַ". יעצט הערט מען שוין נייע שטימען. און יעדן אָוונט קומען ביי אים צו נייע טאַלאַנטן. ביי שמערקען זינגט מען ניט נאָר סאָלאָ, ביי שמערקען זינגט מען אויך אין כאָר.

שמערקע רייסט אַלעמען מיט מיט זיין טעמפּעראַמענט און ענערגיע. עס הילכן אין וואַלד לידער פון ווילנער געטאָ. עס הילכט אין וואַלד דאָס ליד פון הירש גליק, דער הימן פון די ווילנער יידישע פּאַרטיזאַנער. אַפילו די רוסישע

פּאַרטיזאַנער שטייען צו צום ניגון און שטורמען: „זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג".

שמערקע שטייט אינדערמיט דער שיין פון פייער וואַרפט אַ בראַנזענע ליכט אויף זיין פּנים. ער זעט אויס ווי אַ לעגענדאַרע געשטאַלט. אַלעמען האָט ער מיטגעריסן אין זיין ברען. ביי שמערקען זינגען אַלע אַרום. עס זינגען ביי אים אַפילו די בוימער, דער גאַנצער וואַלד. ערשט דאָ בליצט אויף זיין טרוים, זיין חלום. עס דונערט אויף זיין ליד, וואָס צעטרייסלט דעם אַרום. עס הילכט זיין ליד: „שטורעמט יוגנט מיט געזאַנג!".

## אויס חלום

אויסגעשטעלט אין אַ ריי שטייען צוויי אָטריאַדן — דער „קאָמסאָמאָלסקער אָטריאַד" און דער יידישער אָטריאַד „נקמה"

די קאָמאַנדירן פון די אָטריאַדן, די קאָמאַנדירן פון די אָפּטיילונגען, די גרופּן קאָמאַנדירן און די פּאַרטיזאַנער. אַלע שטייען אויף זייערע פּלעצער. אַנטקעגן זיי, אויף אַ דיסטאַנץ, שטייט מאַרקאָוו מיטן גאַנצן שטאַב פון דער בריגאַדע.

וואָלאָדזקע דער בריגאַדע־שעף לייענט אַ פּריקאַז: „דער קאָמסאָמאָלסקער אָטריאַד" ווערט צוזאַמענגעגאָסן מיטן יידישן אָטריאַד „נקמה". פוןביידע אָטריאַדן ווערט פאַרמירט איין אָטריאַד — דער „קאָמסאָמאָלסקער".

אַלע מענער און פרויען פון אָטריאַד „נקמה", וועלכע האָבן ניט קיין געווער, ווערן אויסגעשלאָסן פון אָטריאַד.

פון די אַ אַלע אומבאַוואָפנטע ווערט געשאַפן אַ ווירטשאַפטלעכע גרופּע, וועלכע וועט דורך ווירטשאַפטלעכער הילף באַדינען די פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן.

אַ געמורמל איז אַריבער אין די אויף אַכטונג אויסגעשטעלטע רייען.

— פּאַרטיזאַנער קעמפער — זאָגט מאַרקאָוו — נויטיקן זיך אין אַ ווירטשאַפט־לעכער איינהייט. די ווירטשאַפטלעכע גרופּע וועט זיין אַן אינטעגראַלער טייל פון דער בריגאַדע. זי וועט זיך פאַרנעמען מיט באַקן ברויט, באַזאָרגן די פּאַרטיזאַנער מיט קליידונג און נייען שיך.

די גרעסטע מערהייט פון יידישן אָטריאַד זיינען געווען אָן געווער.

באַליידיקט, פאַרשעמט, ווי אַן איבעריקער עלעמענט, שטייען יידישע יינגלעך און מיידלעך מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ אין דער ריי. דאָ אין וואַלד, אין פּאַרטיזאַנקע, האָבן זיי געהאָפט צו קריגן געווער און קעמפן קעגן שונא.

דאָס איז געווען זייער חלום, דאָס איז געווען זייער טרוים. יעצט איז אַלץ צערונען געוואָרן, די קעפּ זענען געבויגן אַראָפּ און די אויגן טיף איינגעגראָבן אין ד׳רערד. „נייען שיך״! — ס׳דערמאָנט אָן דער געטאָ.

פּלוצלונג איז פון די רייען אַרויס אַ מיידל. זי גייט נערוועז, אַ ביסל צעשטרייט, אָבער שטאָלץ. אירע לאַנגע שוואַרצע האָר זיינען עטוואָס צעוואָרפן און פאַלן גלייך, ביז צו די אַקסלען. אירע צוויי שוואַרצע אויגן פלאַמען — מירקע בערנשטיין.

— מיר זיינען ניט געקומען אין וואַלד נייען שיך, מיר זיינען ניט געקומען אין וואַלד קאָכן, מיר זיינען געקומען קעמפן!

מיר האָבן דאָס רעכט צו קעמפן מיט אַלע גלייך! געווער? וועלן מיר זיך איינשאַפן!

די אויף אַכטונג אויסגעשטעלטע רייען האָבן זיך אַ שאָקל געטאָן און צעוויגט.

מאַרקאָוו איז בלייך געוואָרן. וואָלאָדזקע האָט פאַרשטשירעט מיט די ציין.

— ווירטשאַפטלעכע אויפגאַבן אין די ראַמען פון דער בריגאַדע, זיינען וויכטיק ווי דער קאַמף אַליין.

די ווירטשאַפטלעכע הילף פאַרן פאַרטיזאַנער קעמפער איז אומבדינגט נויטיק, ווי דאָס געווער, וואָס ער טראָגט!

מיר מיינען קיינעם ניט צו באַליידיקן און דערנידעריקן.

פונאַנדערגיין זיך! — האָט מאַרקאָוו אויסגעשריען, אָפּגעבנדיק זיין באַפעל.

פון די רייען האָבן זיך צעשאָטן די נישט יידישע פאַרטיזאַנער.

די יידן זיינען נאָך געשטאַנען אין דער ריי. פאַרלאָרענע און באַשמוצטע. זיי ווילן זיך ניט פונאַנדערגיין, פונקט ווי מיטן פונאַנדערגיין זיך וואָלטן זיי פרייוויליק אַריבערגעגאַנגען און באַשטעטיקט זייער נייעם קאָמפּראָמיטירנדיקן שטאַנד.

## די בלאָקאַדע

עס קומען אָן ידיעות, וואָס פאַרנעפּלען דעם וואַלד, מאַכן געדיכטער די וואַלד־לופט. דייטשיש מיליטער האָט זיך אַרויסגעזעצט אין אַלט־ווילייקע. דייטשיש מיליטער איז אָנגעקומען אין סוויר, דייטשיש מיליטער אין קאָביל־ניק. יעדע מינוט, ברענגען פאַרטיזאַנער־אויסשפּירער נייע ידיעות.

פון אָנהויב האָט פון די נייעס געוווסט נאָר דער שטאַב, אַז ס׳איז אָבער

קלאָר געוואָרן, אַז די דייטשן גרייטן אַ בלאָקאַדע, האָבן שוין אַלע פון דעם גערעדט אָפן.

אויסגעליידיקט פון אָטריאַדן ווערט דער וואַלד.

פאַרשווונדן איז די באַוועגונג אויף די פּאַרטיזאַנער־שטעגן. די לעצטע אויסשפּירער טראָגן זיך פאַרביי און ווילדן גאַלאָפּ מיט פאַרזאָרגטע פּנימער.

ווי אָפּגעווישט מיטן האַנט איז פאַרשווונדן פון וואַלד די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג. ס׳זיינען אויסגעלאָשן געוואָרן די שייטערס, ס׳איז פאַרשטומט געוואָרן דער הילכיקער געזאַנג.

נידעריק איבער די בוימער דרייען זיך דייטשע אויספּיר־אַעראָפּלאַנען, ווייזנדיק ווער ס׳איז דאָ באַלעבאָס.

דער בריגאַדע־שטאַב איז שוין לאַנג ניטאָ.

פון די לעצט געבליבענע אָטריאַדן אין וואַלד איז דער „קאָמסאָמאָלסקער" אָטריאַד, דער שפּיטאָל מיט די שווער פאַרוווּנדעטע, אונטערן אויפזיכט פון אַ פעלדשער און עטלעכע באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנער, און די ערשט געשאַפענע ווירטשאַפטלעכע גרופּע, וועלכע באַשטייט נאָר פון יידן; מענער פרויען און כמעט קינדער.

עס קומען אָן די לעצטע ידיעות: דער וואַלד איז אַרומגערינגלט, אַלע אַרויסגענג זיינען געשלאָסן, די דייטשן גייען אויפן וואַלד.

ס׳איז אינדערפרי. אין אַ נערוועזער שטימונג, שטעלט אויס דער קאָ־מאַנדיר פון „קאָמסאָמאָלסקן" אָטריאַד זיינע פּאַרטיזאַנער.

אַלע זיינען פאַרזאָרגט, באַנעמענדיק די ערנסטקייט פון דער לאַגע.

דאָס מאָל גייט דער קאָמאַנדיר אַליין. רייע נאָך רייע, שורע נאָך שורע און קאָנטראָלירט דאָס געווער. אַ ביקס אָן אַוטאָמאַט אַ רעוואָלווער, אַלץ איז גוט. אָט הייסט ער איינעם פאַרלאָזן די ריי, נאָך איינעם — ס׳זיינען יידישע יינגלעך אָן געווער. די ניט יידן אָן געווער לאָזט ער איבער.

ער בלייבט שטיין ביי מיישקען.

— ווו איז דיין געווער?

פאַר דער בלאָקאַדע איז אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער פון „קאָמסאָמאָלסקן" אָטריאַד אַרויס אויף אָן אויפגאַבע איינצושאַפן זיך פערד, כדי צו פאָרמירן אַ רייטער־אָפּטיילונג. מיישקע האָט זיין נאַגאַן צייטווייליק אויסגעליען אַ צווייטן פּאַרטיזאַן.

דער קאָמאַנדיר אָנערקענט ניט דעם פאַל.

— אַרויס פון דער ריי! — באַפעלט ער.

די אַרויסגעשטעלטע פון דער ריי שטייען און הערן, וואָס דער קאָמאַנ־דיר רעדט צום אויסגעשטעלטן אָטריאַד:

— אין צען מינוט אַרום פאַרלאָזן מיר דעם וואַלד. היינט, אָדער העכס־

טגס מאָרגן וועלן דאָ זיין די דייטשן. די בלאָקאַדע וועלן מיר זיך מוזן אַדורכ־רייסן מיט קאַמף. מיר מוזן זיין גרייט אויף אַלץ; קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ.

— און וואָס וועט זיין מיט אונדז? — פרעגן די וועלכע ער האָט אַרויסגעוואָרפן פון דער ריי.

— ראַטעוועט זיך ווי איר קענט. מיר גייען סיי ווי אויפן טויט — ציט דער קאָמאַנדיר מיט די אַקסלען.

אויף דיווירטשאַפטלעכע גרופּע און דער שפּיטאָל באַקומען ניט קיין שום אַנווייזונגען.

ס׳איז געוואָרן אַ מהומה.

— זיי אַנטלויפן און אונדז לאָזט מען אויף גאָטס באַראָט!

— זיי ווייסן די וועגן און ווילן אונדז ניט מיטנעמען.

— מיר זיינען דאָ פרעמדע פאַרלאָרענע! — רופן אין פאַרצווייפלונג שטימען.

דער אָטריאַד שטייט אויסגעשטעלט. עס פאַלן די לעצטע באַפעלן, ער מאַרשירט אָפּ און פאַרלאָזט די באַזע.

כ׳מעט הונדערט יידן זיינען געבליבן אויף דער באַזע. מ׳דרייט זיך אַרום ניט וויסנדיק, וואָס צו טאָן. איינער, נאָכדעם אַ צווייטער און נאָכדעם אַלע הייבן צוביסלעך נאָכלויפן דעם אַוועקגייענדיקן אָטריאַד.

דער קאָמאַנדיר דערזעט עס, בלייבט שטיין און הייסט ניט נאָכגיין. אָבער, אַז דער אָטריאַד האָט זיך אַ ביסל דערווייטערט, גייט מען ווידער נאָך, ניט וועלנדיק אויפגעבן די לעצטע האָפענונג זיך צו ראַטעווען.

אַ דענערווירטער איז דער קאָמאַנדיר אַנטקעגנגעלאָפן די נאָכגייענדיקע.

— ניט נאָכגיין! — שרייט ער ווילד.

ס׳העלפט אָבער ניט. ווי נאָר ער דערווייטערט זיך, אַזוי טרעטן די איבער־געלאָזטע, ווי אַ סטאַדע אויסגעהונגערטע וועלף ניט אָפּ.

— כ׳וועל שיסן! — צעשרייט ער זיך און אַ סעריע אַווטאָמאַטן־קוילן צעטראָגט זיך איבערן וואַלד. מיט אַ געוואָיעריי פליען די קוילן איבער די קעפּ און אונטערגעשניטענע צווייגלעך פון די בוימער פאַלן פאַר די פיס.

עס ווירקט, פון די אייגענע פאַרטיזאַנער שטייט דער טויט פאַר די אויגן.

— נישטאָ פון זיי וואָס צו דערוואַרטן!

— אין אַ סכנה האָט מען אונדז איבערגעלאָזט און אַליין אַנטלאָפן.

— אַפילו די אייגענע פאַרוווּנדעטע האָבן זיי ניט מיטגענומען.

— מ׳האָט אונדז דאָ איבערגעלאָזט אויף הפקר.

רעזיגנירטע האָבן זיך אַלע צוביסלעך אומגעקערט צו דער באַזע.

מײשקע שטײט בײם װעג און װײס ניט, װאָס צו טאָן. מיט אַלעמען איז ער נאָכגעגאַנגען דעם אָטריאַד. מיט אַלעמען האָט ער זיך אומגעקערט צוריק.

ס'פאָרט אַן אַ װאָגן מיט פּאַרטיזאַנער.

— באַמקע! — שרײט אױס מײשקע, דערזעענדיק אים אױפן װאָגן. — מען האָט מיר אַרױסגעװאָרפן פון אָטריאַד און אַלע איבעריקע איבערגעלאָזן אויף הפקר!

— קריך אַרױף אױפן װאָגן! — קאָמאַנדעװעט באַמקע. פאַרנדיק, דער־צײלט ער מײשקען, אַז זײער שטאָב שטײט נאָך דאָ אײן, ניט װײט פון דער באַזע, ער װעט רײדן מיטן קאָמאַנדיר, אפשר װעט מען אים אַרײננעמען אין אָטריאַד.

פון שטאָב איז באַמקע אַרױס מיט צעשפּרײטע הענט.

— גיב מיר כאָטש אַ גראַנאַט!? — רופט זיך אָפּ מײשקע.

באַמקע ציט אַרױס פון אונטערן רימען אַ דײטשישן גראַנאַט מיט אַ לאַנגן הילצערנעם הענטל.

אומגעקערט זיך צוריק אױף דער אַלטער באַזע, זיצט מײשקע אונטער אַ בוים. פאַרלאָרן דרײען זיך אַלע אַרום צװישן די בוימער. עס געפינען זיך דאָ אַזעלכע, װאָס האָבן שױן דורכגעמאַכט די בלאָקאַדע פון װינטער אין 42 יאָר. װינציק װער ס'איז געבליבן לעבן, זאָגן זײ.

װוּ לױפט מען? פרעגט יעדער און װײס ניט װוּ.

אױך די רוסישע פּאַרטיזאַנער, װעלכע זײנען געבליבן מיטן שפּיטאָל זײנען פאַרצװײפלט.

אין געיעג לױפט אַרײן אױף דער באַזע אַן אױסשפּירער און גלײך צום שפּיטאָל. און אַ װײלע אַרום פאַרשװינדט ער.

עס גײט אַרױס דער קאָמאַנדיר פון שפּיטאָל און הײסט זיך אַלעמען אױסשטעלן.

אַ באַפעל פון שטאָב: דער שפּיטאָל, די װירטשאַפטלעכע גרופּע און די, װאָס האָבן ניט קײן געװער גײען אױפן „אינדזל". דער „אינדזל" איז אַ קלײן בערגל אין מיטן װאַלד אַרומגערינגלט אַרום און אַרום מיט גרױסע ניט דורכגאַנגבאַרע בלאָטעס.

אױפגעמונטערט מיט אַ ביסל האָפענונג, האָט מען זיך געלאָזט אין װעג. אױף טראָג־בעטלעך פון געפלאָכטענע צװײגן, טראָגט מען די שװער פאַר־װוּנדעטע פּאַרטיזאַנער.

ביז די בלאָטעס איז מען דערגאַנגען אָן שװעריקײטן, אָבער װײטער איז דער װעג געװאָרן אומדערטרעגלעך.

די עטלעכע פורן מיט װעלכע מען האָט געפירט דעם פּראָװיאַנט האָט מען געמוזט איבערלאָזן און די פול אָנגעפּאַקטע זעקלעך האָט מען אַרױפגע־

לייגט אויף די אויסגעשפּאַנטע פערד. שפּעטער האָט מען אויך די פערד געמוזט איר איבערלאָזן און דעם גאַנצן פּראָוויאַנט געמוזט שלעפּן אויף זיך.

מיט גרויס מי, העלפנדיק איינער דעם צווייטן מיט וועגן און אומוועגן איז מען אָרום נאָך מיטאָג, מידע אויסגעמאַטערטע און הונגעריקע אָנגעקומען אויפן אינדזל.

פונאַנדערגעלייגט די זאַכן, אָוועקגעלייגט די פאַרווונדעטע, האָט דער קאָמאַנדיר פון שפּיטאָל, אַליין אַ דערשלאָגענער געמאַלדן, אַז דאָ, דאַרף מען האָפן, וועט מען פאַרמיידן די בלאָקאַדע. ער בעט מען זאָל זיך פאַרהאַלטן רואיק און מיט געדולד.

צעטיילט אין גרופּן זיצן אַלע פאַרזאָרגט.

אַ ווייטער אָפּקלאַנג פון קוילנוואַרפערס דערגייט צום אינדזל. מיטאָמאָל דערהערט מען אַ שיסעריי ניט ווייט און פון אַ צווייטער ריכטונג, פון אַ דריטער, פון אַ פערטער. דער גאַנצער וואַלד דונערט די בוימער רוישן ווי אין אַ שטורעם.

ווער ס'איז געלעגן האָט זיך אויפגעכאַפּט, מען זיצט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן.

אַ בלאַסער שטייט דער קאָמאַנדיר פון שפּיטאָל אַנטקעגן די אויסגעשטעלטע יידישע מענער און פרויען. אויך געפינען זיך דאָ ביי אַ צענדליק אומבאַוואָפנטע יונגע שקצים, ערשט געקומענע אין וואַלד.

— איך גלויב ניט — זאָגט ער — אַז מיר וועלן דאָ קענען אויסמיידן די בלאָקאַדע. איך לייג פאָר מען זאָל זיך איינטיילן אין קליינע גרופּן און מיט אייגענע מעגלעכקייטן זען זיך אַרויסצורייסן פון דער בלאָקאַדע.

מיישקע מיט נאָך פופצן מענער און פרויען שטייען לעבן פיר יונגע שקצים, וועלכע זיינען ערשט געקומען אין וואַלד. זיי זיינען פון דער געגנט אָרום, זיי ווייסן די וועגן, טראַכט מיישקע, באַשליסנדיק זיך צו האַלטן לעבן זיי.

די סטיכיע אַרבעט איניינעם מיטן אינסטינקט. מיישקע מיט דער גרופּע פאַרלאָזן דעם אינזל. די שקצים גייען פאָרויס און די יידן יאָגן זיך נאָך זיי.

אין זייט פון וועג צווישן די בוימער האָט מיישקע באַמערקט מירקע גאַניאַנסקי, זי שטייט איינער אַליין, קוקט אויף דער לויפנדיקער גרופּע און קען זיך צו גאָרנישט באַשליסן.

— מירקע, וואָס טוסטו דאָ ? !

מירקע קען נאָך מיישקען פון פריער. מיט אַ פלאַטער איז זי צוגעלאָפן צו דער גרופּע.

איין שייגעץ האָט שוין ווייט אַוועקגעשפּאַנט פאָרויס, דער צווייטער שטייט אָפּ פון אים אויף אַ פּאָר צענדליק מעטער, דער דריטער איז גענוג ווייט פון די ערשטע צוויי און דער פערטער נאָך ווייטער.

די גרופּע האַלט קוים נאָך דעם לעצטן שגץ.

די שקצים גייען ניט, זיי לויפן. ס'איז זיי שווער נאָכצוהאַלטן. דער ערש־טער האָט זיך שוין פאַרדרייט מיט דעם וועג צווישן די בוימער, מען זעט אים שוין ניט, באַלד פאַרשווינדט דער צווייטער. די דיסטאַנץ צווישן דריטן און פערטן ווערט נאָך גרעסער. אַלע לויפן ווי אונטערגעשאָסענע.

מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם איז מיישקע, וועלכער איז געגאַנגען דער ערשטער אין דער גרופּע, שטיין געבליבן.

— וואָס איז געשען? — פרעגט מען אים — וואָס ביסטו שטיין געבליבן.

— קום שנעלער! — רופט אויס כאַצקעלע קאַלטון — מיר וועלן זיי דאָך באַלד פאַרלירן.

מיישקע שטייט און שווייגט.

אַלע פאַרזאַמלטע שטייען מיט אומגעדולדיקע בליקן און קוקן אויף אים, און אין דער ריכטונג וווהין די שקצים זיינען אַוועק.

די שיסעריי, וועלכע איז די גאַנצע צייט אָנגעגאַנגען אין וואַלד האָט זיך פאַרשטאַרקט.

— ווער ס'וויל זיי נאָכלויפן און וויל גיין מיט זיי, קען גיין! — רופט אויס מיישקע.

— וואָס איז ער משוגע? יעצט איז דאָ צייט צו טראַכטן, איצט ווען מען געפינט זיך צווישן לעבן און טויט?!

עטלעכע מאַכן אַ פּאָר טריט פאָרויס, נאָר זעענדיק, אַז זיי זיינען אַליין, האָבן זיי זיך אומגעקערט.

— ס'ווערט שפּעט! — רופט ווער אויס אין פאַרצווייפלונג.

— איך גיי ניט מיט זיי! — רופט אויס מיישקע.

— פאַרוואָס?

— ווייל איך גיי ניט!

— מיר ווייסן דאָך אָבער ניט דעם וועג!

— איך ווייס אויך ניט.

— טאָ קום מיט זיי כל־זמן ס'איז נאָך דאָ צייט.

— מיט וועמען ווילט איר גיין? איר זעט דען ניט, אַז זיי לויפן און קוקן אַפילו ניט איינער אויפן צווייטן. וועלן זיי דען קוקן אויף אייך?

— זיי זיינען דאָך געווען איינשטימיק אונדז מיטצונעמען, זיי זיינען דאָך פון דער געגנט, זיי ווייסן דאָך אַלע וועגן.

— יעצט זיך רעכענען מיט געפילן, פירן קאַפּריזן, אַז דאָס לעבן שטייט אין קאָן?

מיישקע שמייכלט מיט אַן איראָנישן שמייכל.

— איר ווילט לעבן? איך אויך, וועמען ס'איז דערעסן דאָס לעבן קען

גיין מיט זיי — ווייזט ער אָן אין דער ריכטונג וווהין די שקצים זיינען פאַרשוווּנדן. — און ווער עס וויל גיין מיט מיר האָט אויך ניט, וואָס צו דערוואַרטן אויף בעסערס. ווער ס'וועל גיין מיט זיי זאָל גיין, איך ניט! — רופט אויס מיישקע אַנטשלאָסן, אָנקוקנדיק די אַרומיקע.

— פאַרלאָרן אַזאַ געלעגנהייט, אַזאַ שאַנס!

— נישטאָ קיין שקצים, געשטאָרבן! — ווייזט ער אָן אין דער ריכטונג ווו מען זעט שוין קיינעם ניט.

— טאָ וואָס זאָלן מיר יעצט טאָן?

— אָ, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. — ענטפערט ער, און מיט אַ געהיימניספולער באַוועגונג רוקט ער אַריין די האַנט אין קעשענע און שלעפּט אַרויס אַ מאַפּע.

די מאַפּע האָט ער שטענדיק געהאַלטן גוט באַהאַלטן, אויף דעם קאָמ־פּאַס האָט ער שוין פון לאַנג אַראָפּגענומען פון האַנט און ניט ווי אַנדערע פּאַרטיזאַנער זיך געטראָגן מיט אים פון אויבן אויף.

ער ווייס, אַז דאָס זיינען צוויי פריינד, וועלכע וועלן דיר קיינמאָל, אין דער ערגסטער סיטואַציע אָפּילו, קיינמאָל ניט פאַראַטן. לאַנגזאַם לאָזט ער זיך אַראָפּ אויף דער ערד. ציט זיך אויס און צעשפּרייט פאַר זיך די מאַפּע. ער לייגט אַרויף אויף איר דעם קאָמפּאַס און דרייט זיך מיט איר צוזאַמען ביז ער שטעלט איר אָפּ אין איר נאַטירלעכער לאַגע.

יעצט הייבט ער אויף דעם קאָפּ, באַטראַכטנדיק אַלעמען מיט אַ זיגערישן שמייכל.

אַלע שטייען מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס און וואַרטן.

מיישקעס בליק האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט מירקעס און אַ שמייכל איז אים אַריבער איבערן פּנים.

מירקעס אויגן ציען זיך עטוואָס צונויף און שמייכלען. צי איז דען נאָך דאָ בעסער ווי קוקן אין מירקעס צוויי בלויע אויגן. אירע אויגן זיינען אַזוי טיף און בלאָ — בלויער און טיפער ווי דער הימל. אַז דו דרינגסט אַריין אין זיי, איז ווי דו וואָלסט דערזען דעם הימלישן רייך. ס'ווערט דיר אַזוי ליכטיק פאַר די אויגן, ס'ווערט פאַר דיר אַלץ אַזוי קלאָר און העל. מ'זעט אַ וועלט.

מיישקע גיט אַ בליק אויף דער מאַפּע און אַ בליק אויף מירקען. ער ווייס אַליין ניט ווו צו קוקן, צי אויף דער מאַפּע, צי אויף מירקען.

ער הערט ניט די קוילן, וואָס פליען איבער די ביימער, ער הערט ניט דעם וואַלד שטורמען און רוישן, ער זעט ניט די גרופּע אַרום, ער זעט גאָרניט.

— דאָ איז אונדזער סוף! — רופט אויס כאַצקעלע קאַלטון.

— באַגראָבן לעבעדיקערהייט!
— זע ווי זי האָט אים פאַרכשופט!
— נעמט איר צו פון אים!
— גזלן, האָב רחמנות?!

און מיישקע קוקט אויף מירקען און קען ניט אַראָפּנעמען פון איר די אויגן.

ענדלעך האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אַריינגעקוקט אין דער מאַפּע, און דערזען... מאַטעלע גילינסקי, מאַטעלען, דעם לערער מאַטל, דעם באַטשקע.

— אַי, ווען דער לערער מאָטל וואָלט דאָ יעצט געווען.

מאָטל האָט אין וואָלד ניט געוואָלט גיין. נו, ווי זאָל איך גיין האָט ער זיך פאַרענטפערט פאַר מיישקען, ווי קען איך איבערלאָזן זיסעלען. (זיסעלע זיין פרוי האָט געהאַט אַ קורצערן פוס).

מאָטל, אָט שטייט מאָטל. ס'איז אַ לעקציע פון געאָמעטריע און מאָטל שטייט אין קלאַס ביים טאָוול. מיט איין האַנט ציט ער אויף אַרויף די הויזן, וואָס האַלטן אים אין איין אַרונטערפאַלן און מיט דער צווייטער האַנט צייכנט ער אויפן טאָוול ליניעס, צייכנס, קרייזן, מאגישע פיגורן, וועלכע מען דאַרף פאַרשטיין, וועלכע מען דאַרף טרעפן און לייזן זייער באַשייד.

די קינדער זיצן און ברעכן די קעפּ און מאָטל אונטערהייבנדיק די הויזן פאַר די קעשענעס, קוקט אויף די שילער און רעדט, ער גיט זיי צו פאַרשטיין:

— כ'די צו לייזן געאָמעטרישע אויפגאַבן, טענהט ער אין זיי אַריין, מוז מען ניט נאָר די פאָרמעלעך וויסן, מען דאַרף אויך האָבן פאַנטאַזיע, אַ קליין ביסעלע פאַנטאַזיע. — רעדט מאָטל, פליסטערנדיק די רייד.

און די פאַנטאַזיע ביי מיישקען אַרבעט יעצט. דער וואָלד איז זיך פאַר אים פונאַנדערגעוואַקסן אין זיין גאַנצער לענג און ברייט פון זיינע פיר־הונדערט קוואַדראַט קילאָמעטער. צעוואָרפן זיינען זיינע שטחים אין סדר־לאָזע פיגורן.

אָט זיינען זיי דאָ לעבן אינדזל, ווו זיי געפינען זיך יעצט. אָט איז די אַלטע באַזע, וועלכע זיי האָבן ניט לאַנג פאַרלאָזן, אָט איז די אָזיערע נאַראַטש, דאָס טייכל נאַראַטש, וואָס פאַלט אַריין אין דער אָזיערע, די גרויסע בלאָ־טעס אויף מערב פון וואַלד, די טרוקענע וואַלד שטחים אין מזרח.

דאָ ערגעץ ווו אַרום געפינט זיך דער דייטשער שטאַב. עס זיצן דאָר־טן אָפיצערן איבערגעבויגן איבער גרויסע שטאַב־מאַפּעס. זיי טייטלען מיט די פינגער, זיי מערקן אָפּ קייקעלעך, פירן דורך צייכנס, שטריכן, רויטע, גרינע, שוואַרצע, זיי פּלאַנירן די בלאָקאַדע.

דאָס מאָל וועלן זיי ענדיקן מיט די פּאַרטיזאַנער. טויזנטער וועלן זיי כאַפּן און מאַכן פון זיי אַ סוף. ניט אומזיסט האָבן זיי אַ כוח פון פיר דיוויזיעס, חוץ די אַרטיקע כוחות, אַראָפּגעבראַכט אין דער געגנט. זיי וועלן פאַרמאַכן אַלע וועגן, אַלע זייטן, זיי וועלן אַרומנעמען דעם גאַנצן וואַלד אין אַ געפּאַנצערטן רינג, אין אַ פּעטליע. די פּעטליע וועלן זיי צונויפציִען אַלץ מער און מער, פאַרציִען און צונויפציִען, ביז זיי וועלן אַלע פּאַרטיזאַנער אויס־כאַפּן. אין אַן אָפענער שלאַכט האָבן זיי פאַר זיי קיין מורא ניט. זיי זייַנען אין טויזנטער מאָל שטאַרקער פון זיי און אין טויזנטער מאָל בעסער באַוואָפנט. זיי לאַכן זיך אויס פון זיי.

מיישקע זעט אַלע וועגן און שטעגן פול מיט דייטשן. ער זעט ווי זיי באַוועגן זיך, ער זעט דעם געשלאָסענעם רינג, ער פילט ווי די פּעטליע פאַר־ציט זיך אַלץ מער און מער, ער פילט איר אין גערויש פון די וואַיענדיקע קוילן, וואָס טראָגן זיך איבערן וואַלד, איבער זייערע קעפּ.

טויזנטער וועלן זיי כאַפּן, טויזנטער, טייטלען דראָענדיק די פינגער אויף די מאַפּעס און די פינגער פילסטו דאַכט זיך אויפן האַלדז.

און ערגעץ ווו, באַגראָבן אין אַ בונקער, אָדער פריי אונטער געדיכט געוואַקסענע בוימער זיצט דער פּאַרטיזאַנער־שטאַב. אויך דאָרט זיצט מען ניט מיט קיין פאַרלייגטע הענט. אויך דאָרט זיצט מען איבער מאַפּעס. מען פּלאַנירט, מען קאָמבינירט, מען קאָאָרדינירט. פּאַרטיזאַנער אויסשפּירער טראָגן זיך ווילדערהייט דורך די געדיכטעניש פון וואַלד. מען יאָגט זיך, ווער וועמען ס'וועט אַריבעריאָגן, ווער וועמען ס'וועט איבערכיטרעווען, ווער וועמען ס'וועט אָפּנאַרן, די דייטשן זיי, אָדער זיי דעם דייטש. שנעל שטעלן זיי צו די לעצטע ידיעות אין פּאַרטיזאַנער־שטאַב. דייטשן דאָ, דייטשן דאָרט, דייטשן אומעטום. און ווי די מאַגישע פיגורן, וועלכע מאָטל האָט געמאָלן אויפן טאָוול, קרייצן זיך ביי מיישקען אין קאָפּ, פּאַרטיזאַנער־אויסשפּירער, פּאַרטיזאַנער־שטאַבן, דייטשע שטאַבן, דייטשע האַרמאַטן, מאַשינען און סאָלדאַטן. פינגער, ליניי־קעס, ליניעס, רויטע פינטעלעך, שוואַרצע. דייטשן קאָלטבלוטיק אין מונדירן און פּאַרטיזאַנער אויף פּליענדיקע פערד. דער גאַנצער וואַלד דרייט זיך אין איין גרויסן מיש־מאַש, עס מישן זיך צייכנס אויף דער מאַפּע, וואַלד, בלאָטע, טייך און אָזיערע אַלץ צוזאַמען דרייט זיך און שווינדלט פאַר די אויגן און מיטאַמאָל... מיטאַמאָל איז אַלץ שטיין געבליבן אין אַ סדר, אַזוי דייט־לעך און פאַרשטענדלעך, אַזוי קלאָר און ליכטיק, ווי מירקעס טיפע, שיינע, הימל־בלויע אויגן.

מיישקע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אים צוריק אַראָפּגעלאָזט. זיין בליק איז שטיין געבליבן איבער אַ קליינעם פונקט אויף דער מאַפּע. אַ פּיצעלע, אַ ברעקל, אַ גאָרניט, אַנטקעגן די פירהונדערט קוואַדראַט קילאָמעטער.

אַ קליין בלאָטקעלע קוים אַ קוואַדראַט קילאָמעטער די גרויס, פון איין זייט אָפּגעשניטן פון וואַלד מיטן טייך, פון אַנדער זייט דער דאָרף טשערעמ־שטשיצע, ווו די דייטשן באַלעבאַטעווען שוין אייניקע טעג און פון דריטן זייט דער וועג, וואָס פירט צום וואַלד, מיט וועלכן דאָס דייטשע מיליטער האָט זיך באַוועגט. פאַרמאַכט און געשלאָסן איז דאָס בלאָטקעלע ווי אין אַן אייזערנעם רינג. קיין שום משוגענער פּאַרטיזאַנער קאָמאַנדיר וועט ניט אַריינפירן זיינע אָטריאַדן אין דאָס געשלאָסענע בלאָטקעלע. ער וועט בעסער גיין אויפן טויט, ער וועט בעסער גיין אין אָפענעם קאַמף דורכצורייסן די בלאָקאַדע, איידער קריכן אַליין, דאַ, דעם וואָלף אין מויל אַריין, פונוואַנען ער קען דאָ, קיין שום אויסזיכט אויף קיין רעטונג ניט האָבן.

אָט דאָ טאַקע האָט מיישקע באַשלאָסן אַריינצוגיין מיט דער גרופּע. דאָ וועט ער קיין פּאַרטיזאַנער ניט טרעפן, דאָ וועלן די דייטשן זיי ניט זוכן.

צונויפגעלייגט די מאַפּע, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, איר אַריינגעלייגט אין קעשענע און מיט אַ שמייכל באַטראַכט די גרופּע.

— געגאַנגען! — האָט ער אויסגערופן און מיט אַ זיכערן טראָט אַוועק פאָרויס, ניט אויף גלייך וווהין די שקציס זיינע אַנטלאָפן, נאָר אויף לינקס אין אַ גראָדער ליניע, גלייך צום טייך.

אונטער דער מוזיק פון די שיסערייען, וועלכע פאַרשטאַרקן זיך אַן אויפהער, גייט מען!

ביז פינצטער איז נאָך ביי אַן אַנדערהאַלבן שעה. פאַר ליכטיק מוז מען באַווייזן אַריבערצוגיין דעם טייך. דער טייך איז דאָ טיף און ברייט, ניט אַלע קענען שווימען, מען וועט אים אָבער מוזן אַריבער.

פלוצלונג האָט אַ סילועט אַ שלייך געגעבן צווישן די בוימער.

מיישקע איז שטיין געבליבן.

פון הינטער אַ בוים איז אַרויס אַ צוועלף־יאָריקער שגצל און מיט פאַר דאַכט און שרעק אַנגעקוקט די גרופּע.

— ווער בינסטו?! — האָט מיישקע אויסגערופן אַרויסשטופּנדיק די בויך מיטן גראַנאַט.

—דאָס שגצל קוקט אויף דער גרופּע און ווייס ניט צי דאָס איז סתם אַ באַנדע אָדער אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער, און נאָך לאַנגע וואַקלענישן האָט ער אויסגערופן:

— איך גיין אויפן „אינזל".

— נאָך וואָס?

— איך געהער צו די ספּאַרטאַקאָווצעס און קום יעצט פון דאָרף ווו איך ווין.

— פון וועלכן דאָרף?

— פון טשערעמשטשיצע.

טשערעמשטיצע טראַכט מיישקע, ס׳איז דאָך פון אַנדער זייט טייך.

— ווי בינסטו אַריבער דעם טייך ?

— ס׳איז דאָ אַ פּלאַץ, וווּ מען קען אַריבער.

— הער — רופט אויס מיישקע — קיינער איז שוין אויפן אינזל ניטאָ, אַלע זיינען זיך פון דאָרט פונאַנדערגעגאַנגען, כדי אויף אייגענער האַנט זיך אַרויסצורייסן פון דער בלאָקאַדע. איך בין דער קאָמאַנדיר פון דער גרופּע, אויב דו ווילסט ניט בלייבן אַליין, טאָ קום מיט אונדז.

דאָס שגצל קוקט מיט זיינע קינדערשע העלע אויגן, קווענקלט זיך און רופט אויס:

— גוט, איך גיי מיט אייך.

— ווי הייסטו ?

— דאַנקע.

— הער דאַנקע, פיר אונדז צום טייך.

— פון אַנדער זייט טייך געפינען זיך דאָך די דייטשן ?

— נאָר אין דאָרף.

— יאָ.

— מיר וועלן זיך באַהאַלטן ניט ווייט פון דאָרף !

— זיי קענען דאָך אָבער דאָרטן קומען ?

— זיי וועלן ניט קומען !

— פון וואַנען ווייסטו ?

— איך ווייס.

דאַנקע גייט דער ערשטער און נאָך אים די גאַנצע גרופּע.

פאַר אַ האַלבע שעה זיינען זיי געווען ביים טייך.

— ווו איז דער אַריבערגאַנג ? — פרעגט מיישקע

— דאָ ניט ווייט.

מ׳גייט לענג אויס דעם טייך.

— אָט דאָ ! — זאָגט דאַנקע, אָנווייזנדיק מיט דער האַנט צום טייך — דאָ איז דער אַריבערגאַנג !

— מ׳זעט דאָך גאָרניט ?

— אונטן, אונטערן וואַסער.

ביי אַ דרייסיק סענטימעטער אונטערן וואַסער ליגן עטלעכע בעלקעס אין דער גאַנצער לענג פון טייך.

דאַנקע גייט פאָרויס.

לאַנגזאַם, לאַנגזאַם ניט אויסצוגליטשן זיך, צו צוויי, האַלטנדיק זיך פאַר די הענט זיינען אַלע אַריבער דעם טייך.

ביי אַ צוויי הונדערט מעטער פון טייך, אַנגעשניטן אין די בלאָטעס, ליגן צונויפגעלייגט הויכע סטאָגן היי. אַריינגעקראָכן אין היי, האָט מען באַשלאָסן איבערצונעכטיקן די נאַכט.

עס הייבט אָן ווערן טונקל.

פאַרשטעקטע אין היי, זיך דערוואַרעמט, ווילן אַלע שלאָפן.

מיט אַ מאָל איז דער הימל געוואָרן צונטער רויט.

אין אימה האָבן זיך אַלע אויפגעכאַפּט.

עס ברענט.

עטלעכע יאָטן זיינען אַרויפגעקראָכן אויף די בוימער און אָן אַ אימהדיקער בילד האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר זייערע אויגן. ניט ווייט, ווינציקער פון אַ קילאָמעטער האָט געברענט דער ניט דערברענטער דאָרף טשערעמשטשיצע אַוועקגייענדיק מיטן רויך. געשרייען פון בהמות און מענטשן האָבן זיך געטראָגן איבער דער בלאָטע. אין דער בלאָטע ווו זיי האָבן זיך געפונען איז געוואָרן ליכטיק ווי בייטאָג. די שריפה און די געוואַלדן האָבן ביי אַלעמען אָפּגענומען דעם שלאָף. פון איין זייט האָט מען געפילט דעם שונאס האַנט אין פלאַקערנדיקן הימל מיט די געוואַלדן, וואָס זיינען דערגאַנגען ביז צו זיי, פון צווייטן זייט דער גערויש פון מאַשינען, וועלכע זיינען כמעט ביז פאַרטאָג געפאָרן מיטן וועג אין וואַלד, פון דריטן זייט די שיסערייען אין וואַלד פון יענעם זייט טייך.

אין דער פרי האָבן זיך די שיסערייען אין וואַלד פאַרשטאַרקט. די דייטשן זיינען דערגאַנגען ביז צום ברעג פון טייך, אַריבערגעשאָסן און אויפן צווייטן זייט ניט אַריבער. צו ביסלעך האָבן זיך די פייערן אַרום איינגעשטילט און דערווייטערט. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיך דייטשע אויספיר־אַעראָפּלאַנען אַרום־געדרייט איבער די בוימער. פויערם מיט צוגעבונדענע בינטלעך היי איבער די פּלייצעס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין דער בלאָטע.

פון קיינעם ניט באַמערקט זיינען זיי אין היי איבערגעלעגן דעם טאָג.

ביינאַכט האָט מיישקע באַשלאָסן אַריבערצוגיין די וועג און אַריינגיין אין די בלאָטעס, וועלכע האָבן זיך אויף צענדליקער קילאָמעטערס געצויגן אויף מערב פון וואַלד.

נאָכדעם ווי עס איז פאַרבייגעפאָרן אַ קאָלאָנע מיט מאַשינען, זיינען זיי אַריבער דעם וועג. זיי גייען מיט אַ פרייען פעלד ניט ווייט פון די בלאָטעס.

אַרום האַלבע נאַכט, האָבן זיי אָנגעטראָפן אַ כוטאָר. אינעווייניק איז פינצטער און קיינער איז ניטאָ.

דער אויוון אָבער איז וואַרעם.

אַוועקגעשאַרט די זאַסלינקע, האָט מען אָנגעהויבן טאָפּן אין אויוון. און דער־טאָפּט אַ גרויסן טאָפּ מיט עסן. ווי היישעריקן זיינען אַלע באַפאַלן דעם וואַרעמען טאָפּ געקאָכטן באָרשטש, אַרומגריזשענדיק די ניט דערקאָכטע ביינער.

גייענדיק ווייטער, האָבן זיי באַמערקט אַ פּייערל. ס׳איז געווען אַ הייזל, מיישקע מיט מירקען זיינען צו צום הייזל און אַריינגעקוקט אין די פענצטער.

אינעווייניק זיינען געזעסן באַוואָפנטע מיליטער־לייט אין גרינע מונדירן. זיי האָבן געטרונקען, געגעסן און זיך געמאַכט פריילעך. מיישקע ווייס ניט צי דאָס זיינען אוקראַינער וואָס גייען מיט דייטשן, אָדער מיט די פּאַרטיזאַנער.

פון אַ צווייטן צימער איז אַרויס אַ פּאַרטיזאַן ציוויל געקליידעט. ס׳איז געווען וואַסקע, דער קאָמאַנדיר פון דער גרופּע מיט וועלכן שיקע, מיישקע און חייקע זיינען דעם לעצטן מאָל געגאַנגען אין ווילנע.

וואַסקע גלויבט זיך ניט, אַז מיישקע לעבט, ער אַליין איז פון יענער אויפגאַבע, מיט דריי קוילן, קוים אַרויס מיטן לעבן. פון דער בלאָקאַדע איז ער אַרויס נאָך איידער די דייטשן האָבן אַרומגערינגלט דעם וואַלד. אַלע אָטריאַדן זיינען אַזוי אַרויס און יעצט, זאָגט ער, איז דאָ אַ באַפעל זיך אומצוקערן צוריק אין די נאַראָטשער וועלדער, ווייל די בלאָקאַדע איז שוין פאַרענדיקט.

געזעגנט זיך מיט וואַסקען האָט מיישקע פאַרלאָזט די שטוב מיט ברויט און קאַרטאָפל, וועלכע וואַסקע האָט אים מיטגעגעבן פאַר דער גאַנצער גרופּע.

נאָך צוויי טעג וואָגלענישן זיינען זיי צוריק אָנגעקומען אין די נאַראָטשער וועלדער.

## דער פּחדן

דער וואַלד לעבט ווידער אויף. עס קערן זיך אום די אַוועקגעגאַנגענע אָטריאַדן.

נאָך אַ קורצן איבעררייס הייבן ווידער אָן צו אַרבעטן די שטאָבן. דער קאַמף קעגן די דייטשן ווערט נאָך מער פאַרביסענער, מען קעמפט יעצט מיט נאָך מער מוט און גלויבן אין נצחון.

פון אַן אָנגריפס־קריג זיינען די דייטשן אַריבער צו אַ פאַרטיידיקונגס־מלחמה. די פאַרבינדונג פון די פּאַרטיזאַנער מיט דער צווייטער זייט פון דער פראָנט־ליניע ווערט רעגלמעסיקער. די פּאַרטיזאַנער בויען אַעראָדראָמען. ס׳קו־מען אַעראָפּלאַנען, פאַרזאָרגן די פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג מיט געווער, אינס־טרוקטאָרן און ראַדיאָ־זענדערס. צוריק נעמען זיי די שווער פאַרוווּנדעטע.

די פּאַרטיזאַנער איינהייטן ווערן אַלץ מער אונטערגעוואָרפן דעם הויפּט־שטאַב פון דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג פון יענער זייט פראָנט־ליניע.

אַ גרויסן איבערוויכט אין די כוחות־פאַרהעלטענישן האָבן די פּאַרטיזאַ־

נער געקראָגן מיטן איבערגיין פון ראַדיאָנאָווס אַרמיי אויף דער זייט פון די פּאַרטיזאַנער.

די ראַדיאָנאָווצעס האָבן געהערט צו דער רוסישער אַרמיי, וועלכע האָט געקעמפט צוזאַמען מיט די דייטשן קעגן דער סאָוויעטן־מאַכט. מיט די דייטשן האָבן זיי צוזאַמען דורכגעפירט די בלאָקאַדע, געשטאָכן, געהרגעט, געבערענט די דערפער אַרום. נאָך דער בלאָקאַדע זיינען זיי אַריבער צו די פּאַרטיזאַנער. מען האָט זיי געלאָזן אַלס זעלבסשטענדיקע איינהייט. די פּאָליאַקן פון דער געגנט, וועלכע האָבן געשאַפן אַ פּאַרטיזאַנער־איינהייט אין מאַרקאָווס געגנט האָט מען אַנטוואָפנט און די פירער צעשאָסן, די ראַדיאָנאָווצעס האָט מען זייער פּאַראַט מוחל געווען.

ווידער ווערט אויסגעשטעלט דער „קאָמסאָמאָלסקער" אָטריאַד, דאָסמאָל שטעלט זיך מיישקע מיט אַלעמען אין דער ריי ער האָט צוריקבאַקומען זיין פּיסטאָלעט. דער שעף פון שטאַב וואָלאָדזקע הייסט זיך אָפּציילן. ער באַטראַכט דעם אָטריאַד און זיין בליק פאַלט אויף מיישקען, וועלכער שטייט אין דער פאָדערשטער ריי.

לעבן מיישקען שטייט אַ יונגער שגץ, וועלכער איז ערשט נאָך דער בלאָקאַדע געקומען אין וואַלד.

— גיב אים אָפּ דיין רעוואָלווער! — רופט אויס וואָלאָדזקע צו מייש־קען, אַנווייזנדיק אויפן שגץ.

מיישקע ציטערט אויף, די האָר שטעלן זיך אים קאַפּויער.

— פאַרוואָס נעמט איר צו מיין געווער?

וואָלאָדזקע שטעכט מיישקעס פּנים מיט זיינע קליינע אייגעלעך, וועלכע לויפן ביי אים אַרויף און אַראָפּ.

— ווייל ניט צום קעמפן בינסטו געקומען אין וואַלד, נאָר זיך צו באַהאַלטן הינטער זיינע פּלייצעס.

— איך וועל דעם רעוואָלווער ניט אָפּגעבן: — האָט מיישקע אויסגע־שריען, ארויסכאַפּנדיק אים פון הינטערן רימען.

וואָלאָדזקע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן צום מאַוזער,

— גיב אָפּ דאָס געווער!

— איך גיב ניט!

פון זייט שטייט אַ הויכער, ברייטער סיביריאַק, אַ גרופּן־קאָמאַנדיר, ערשט אַ געקומענער אין וואַלד, אַן אַנטלאָפענער פון געפאַנגנשאַפט.

מיט אַ שפּרונג פון זייט האָט ער אָנגעכאַפּט מיישקען פאַרן האַנט און אין אייניקע סעקונדן, נאָך אַ קורצן געראַנגל, איז דער פּיסטאָלעט געווען ביי אים אין האַנט.

— אַרויס! — שרייט וואָלאָדזקע — פאַר ניט אויספירן דעם באַפעל,

ווערסטו אויסגעשלאָסן פון אַטריאַד! וואָן; איך זאָל דיר מער פאַר די אויגן ניט אָנזען! טרוס, ניעגאַדיאַי, אַרויס, אַז דער טייוול זאָל דיר פאַרטראָגן אויף אַלע פיר עקן פון דער וועלט!

ס'איז וואָלאָדזקע, וואָס האָט צוגענומען ביי די יידישע גרופּן, וועלכע זיינען געקומען אין וואַלד, די פּיסטאָלעטן, די פינגערלעך, די זייגערלעך. וואָלאָדזקע דער שעף פון דער בריגאַדע.

אַרום שטייען די יידישע פּאַרטיזאַנער און ציטערן. באַלד הונדערט יידן זיינען אומגעקומען אין דער בלאָקאַדע.

מירקע בערנשטיין, וואָס איז אַרויסגעטראָטן קעגן מאַרקאָוון ביים פאַר־מירן די ווירטשאַפטלעכע גרופּע. משה בראַווע מיט זיין פרוי, חיה־אסתרקה, משה־יודקעס שוועסטער, גיטקע לייפער, פּינקע שולגייפער און זיין שוועס־טער שיינע־לייקע, וועלכע איז געקומען אין וואַלד און נאָך געוואָלט דערלעבן צו זען אירע צוויי קליינע קינדער ליעניטשקן און מיעטעקלען. יידן פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, דאָווידקע גוטערמאַן און יוסף גלאַזמאַן מיט דער גאַנצער גרופּע פון פּערציק מאַן, פון וועלכע נאָר איינע, יולקע גאָלד־בערג, האָט זיך געראַטעוועט דורך אַ נס. עס זענען אומגעקומען די וועלכע מען האָט געלאָזן אויף הפקר — פון די אַטריאַדן האָט קיינער ניט געליטן.

וואָס קומט דאָ פאַר? שטייען אַלע מיט אויפגעמאַכטע אויגן.

מיישקע איז אַרויס פון דער ריי. פאַרקליבן זיך טיף אין וואַלד, האָט ער זיך אָוועקגעזעצט אונטער אַ בוים. אַריינעמענדיק אין די הענט האָט ער אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ.

אפשר איז שוין די, וואָס ליגן אויף פּאָנאַר און פּאָליגאָן בעסער, אפשר איז שוין די, וואָס זיינען אומגעקומען אין דער בלאָקאַדע לייכטער. מיט וואָס איז ער אויסדערוויילטער פון די הונדערטער טויזנטער וועלכע מען האָט אומגעבראַכט. ער איז דאָך אַ טרוס, אַ פּחדן, ער איז געקומען אין וואַלד נאָר כדי זיך צו באַהאַלטן הינטער אַן אַנדערנס פּלייצעס. אַזוי זאָגט דער שעף פון דער בריגאַדע, אַזוי זאָגט וואָלאָדזקע, וואָס איז דאָ אין דער געגנט געווען איינער פון די ערשטע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָט זיך ניט געהאַט, ווען אָנצוזאָפן מיט דער דייטשער יידן שנאה, וואָלאָדזקע דער פּאַרטיינער, וואָס קעמפט פאַר פרייהייט.

נאָר ניין! ער וועט ניט פאַלן! ער וועט זיך ניט אונטערגעבן! ער וועט קעמפן! און מיישקע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַרום אים, ווי אויף אַ דערמונטערונג, איז געשטאַנען די גרופּע מיט וועלכע ער איז אַרויס פון דער בלאָקאַדע אין וואַלד.

## אין אָטריאַד „ווילניוס"

די אַוועקגייענדיקע קורצע זומער־נאַכט האַלט נאָך אין שאָטן די פּאַרטיזאַנער פון אָטריאַד „ווילניוס", וועלכע גייען אין דער טונקל צווישן די בוימער פון די לינטופּער וועלדער.

דער קאָמאַנדיר גייט דער ערשטער. ער פילט זיך זיכער. דער גאַנצער אָטריאַד איז מיט אים. ער איז אַ כוח, אָבער... די אַקציע, וועלכע ער האָט געדאַרפט דורכפירן די נאַכט האָט ער ניט דורכגעפירט. אין לעצטן מאָמענט האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן, ניט געוואָלט ריזיקירן. יעצט וייס ער ניט וואָס צו טאָן?

די פאַרגאַנגענע נאַכט האָט דער גאַנצער אָטריאַד אין דער צאָל פון הונדערט מאַן געדאַרפט אַטאַקירן דעם סווענציאַנער שפּיטאָל און באַפרייען פון דאָרטן דעם פּאַרטיזאַן סעמיאָנאָוו, וועלכער איז אַ פאַרוווּנדעטער אַריינגעפאַלן צו די דייטשן אין די הענט, נאָכן אויספירן אַן איבערפאַל אויף אַ באַן־ליניע.

דער פאַרוווּנדעטער סעמיאָנאָוו וויס צופיל. סעמיאָנאָוו האָט געוווּסט פון די אונטערהאַנדלונגען, וועלכע דער אָטריאַד האָט געפירט מיט אַ ליטווישער מיליטערישער איינהייט, וועלכע דינט ביי די דייטשן. אפשר וועט געלינגען די איינהייט אַריבערצוציען אויף דער זייט פון די פאַרטיזאַנער. די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך ניט געענדיקט און די דייטשן קענען זיך נאָך אַמאָל דערוויסן פון דעם ביי סעמיאָנאָוון.

אַ דורכפאַל פון דער פאַרבינדונג מיט דער ליטווישער איינהייט וואָלט געווען אַ שווערער קלאַפּ פאַר דער בריגאַדע, וועלכע איז אַזוי אויך קליין אין צאָל. די ליטווישע בריגאַדע איז אַ ליטווישע, אָבער ליטווינער זענען אין איר דאָ קוים אַ דריטל.

דער קאָמאַנדיר ברעכט זיך דעם קאָפּ. ביז ער איז דערגאַנגען מיטן גאַנצן אָטריאַד צו סווענציאַן איז געוואָרן נאָך האַלבע נאַכט. די צייט פון דורכפירן די אַקציע האָט ניט געשטימט מיטן פּלאַן. לעצטנס איז די שטאָט שטאַרק באַוואַכט. פון אויספיר־דינסט וויס ער, אַז לעבן סעמיאָנאָווס בעט שטייט די גאַנצע צייט אַ וואַך. דער שפּיטאָל ווערט געהיט און חוץ דעם איז נאָך אין שטאָט צוגעקומען אַ נייער גאַרניזאָן. ווו וואָלט ער אָנגעגריפן, קעגן וועמען און קעגן וויפל און צי

וואָלט ער אין אַן עת־צרה זיך געקאָנט צוריקציען, אַז די זומער־נאַכט איז אַזוי קורץ. ניט גוט באַרעכנט, ניט גוט באַטראַכט, אַן קאָפּ. אויב וואָלט אַ כוח פון אַ גאַנצן אָטריאַד דורכגעפאַלן מיט דער אַקציע, וואָלט מען פאַר די דייטשן געקאָנט שאַפן דעם איינדרוק, אַז סעמיאָנאָוו איז דיר ניט קיין געוויינלעכער פּאַרטיזאַן. דער ענין וואָלט געוואָרן קאָמפּליצירט און פאַרשאַרפט. וואָס טוט מען, אַז דער באַפעל איז אַרויסצונעמען סעמיאָנאָוון אַ לעבעדיקן אָדער אַ טויטן.

— שטייט בלייבן! — האָט ער אויסגערופן, אויפהייבנדיק די האַנט, זיך אויסדרייענדיק צום גאַנצן אָטריאַד. פונאַנדערשטעלן וואַכן, מיר בלייבן דאָ דעם טאָג!

בייטאָג האָט זיך דער קאָמאַנדיר באַטראַכט צו שיקן אַ קליינע גרופּע. אַ קליינע גרופּע האָט גרעסערע מעגלעכקייטן אומבאַמערקט אַריינצוגיין אין שטאָט און אַן טומל דורכפירן די אַקציע. אַ קליינע גרופּע קען אַרויס פרי, און ער וועט דאָ בלייבן וואַרטן. וועט זיך איינגעבן די אַקציע איז גוט און אויב ניט, וועט די וועלט צוליב דעם ניט אונטערגיין.

אויסגעשטעלט דעם אָטריאַד באַטראַכט דער קאָמאַנדיר זיינע פּאַרטיזאַנער. ניטאָ וואָס זיך צו באַקלאָגן, אָבער מיט אַלעמען צוזאַמען אין קאַמף איז ער נאָך ניט געווען. די גאַנצע צייט ווערט דער קאַמף קעגן די דייטשן געפירט אָן אַ פּאַרנעם — באַגרענעצט... און ניט נאָר זיין אָטריאַד. מוז ער ניט זיין פון די ערשטע. וועמען אָבער שיקט מען? צי וועט די גרופּע זיך ניט אומקערן, פּונקט ווי ער, פון מיטן וועג? ניטאָ אָבער וואָס צו טראַכטן.

— ווער גייט פרייוויליק?! — האָט אויסגערופן דער קאָמאַנדיר אַנטקעגן שטייענדיקן אָטריאַד.

די פּאַרטיזאַנער שטייען אויף אַכטונג, שווייגן און ביים קאָמאַנדיר פּלאַצט דער געדולד:

— ווער גייט?!

פון די הינטערשטע רייען איז אַרויס אַ פּאַרטיזאַן מיט דער מאַמעס מילך אויף די ליפּן, אַ קליינער, אַ קינד נאָך.

דער קאָמאַנדיר קוקט אים אָן און סקריעט מיט די ציין. יאָ, ער קען אים, ער ווייס, אַז ווי קליין ער איז, אַזוי פאַרביסן איז ער, אַ דרייסטער און מיט שכל. דאָ אָבער דאַרף ער שטאַרקע, חברה בערן, לייבן, וואָס זאָלן קענען לויפן, שלעפּן, ראַנגלען זיך, בערג איבערדרייען.

— איך דאַרף געזונטע, שטאַרקע! — האָט ער זיך צעשריען.

ס'איז אַרויס אַ גרופּן־קאָמאַנדיר פּאַפּקאָ און נאָכדעם נאָך דריי.

— גענוג! — האָט אויסגערופן דער קאָמאַנדיר.

דער וואָס איז אַרויס דער ערשטער איז געווען איצקע רודניצקי.

איצקע, פּאַפּקאַ און די איבעריקע דריי גייען אין דער טונקל פון וואַלד מיטן זעלבן וועג, מיט וועלכן ס'איז נעכטן געגאַנגען דער גאַנצער אָטריאַד.

גיין אויף אַן אַקציע נאָכדעם ווי אַ גאַנצער אָטריאַד האָט רעזיגנירט, גייט זיך ניט אַזוי פויגלדיק. גייען אַלע און שווייגן. דער געדאַנק אָבער, אַז פינף דאַרפן דורכפירן אַן אויפגאַבע, וואָס ס'האָט געדאַרפט דורכפירן אַ גאַנצער אָטריאַד גיט צו מוט.

איצקע גייט נאָך פּאַפּקאַן. פּאַפּקאַ איז דער קאָמאַנדיר פון דער גרופּע און איצקע איז זיין פּאַרטרעטער. צו וואָס מען דאַרף אין אַזאַ קליינער גרופּע אַ פּאַרטרעטער, ווייס איצקע ניט, נאָר האָט ער אַ דאגה.

איצקע האָט שוין פון לאַנג געוואָלט זיין אין סווענציאַן, נאָר ס'האָט זיך אים אַלץ ניט געמאַכט קיין געלעגנהייט. זיין אין פּאַרטיזאַנקע און ניט זיין אין סווענציאַן איז פאַר אים געווען אַ ווייטיק. אַז די באַפעלקערונג אין שטאָט האָט געהערט פון יידישע פּאַרטיזאַנער ווייס ער, ער וואָלט אָבער וועלן זיי זאָלן אויך זען. פאַרדריסט אים, וואָס זיי גייען ביינאַכט. בייטאָג וואָלט מען אים געזען. ער וואָלט וועלן מען זאָל אים דערקענען, מ'זאָל וויסן, אַז ער איז דאָ, אַז ער לעבט.

איצקע איז געבאָרן אויפן שול־הויף ביי דער קונע. (אַ קליין טייכל, וואָס פליסט דורך די שטאָט) ווען זיינע עלטערן האָבן אויסגעוואַנדערט קיין טיף־פוילן האָט ער סווענציאַן ניט געקענט. ער האָט געוווּסט, אַז דאָרט איז ער געבאָרן, אַז ער האָט דאָרט פעטערס, מומעס, שוועסטערקינדער — די גאַנצע משפחה.

אַלס קינד איז ער עטלעכע מאָל געווען ביי זיי צוגאַסט און זיך געפילט ווי ביי זיך אינדערהיים.

ווען די דייטשן זענען באַפאַלן פוילן איז ער מיט זיין שוועסטער געקומען אין סווענציאַן, ווו ער האָט זיך באַזעצט אויפן שול־הויף ביים פעטער עלע, וועלכער האָט קיין קינדער ניט געהאַט.

כאָטש דער שול־הויף האָט געשמט פאַרן דלות אין שטעטל, האָבן זיך דאָ פון שטענדיק אַן אַלע געלערנט. צי ביי מלמדים, צי אין חדר, אָדער ישיבה צי אין שול. איצקע האָט זיך דאָ געפילט פריי. ניט געווען דאָ ווי אין די גרויסע שטעט קיין פּאַריסענע נעז, קיין אויסגעפּוצטע אין מיטנוואָך יום־טובדיקע פראַנצלעך, קיין גרויס־האַלטערס. האָט ער זיך דאָ צונויפגעחברט מיט זיין שוועסטערקינד יאָסקע און מיט יאָסקעס איבעריקע חברים.

האָבן קינדער נאָכן לערנען זיך געשפּילט, געהוליעט, געמאַכט אַ לעבן אויף שאַבלינסקעס לאָנקע, פון יענער זייט טייכל, אומגעשטערט, פריי, עקס־טעריטאָריאַל.

פון מלחמות האָט איצקע געוווּסט ניט נאָר פון שפּילן. ער האָט וועגן זיי געוווּסט

פון דערציילונגען, פון ביכער, פון לערנען. מיט אינטערעס האָט ער נאָכגעפאָלגט די קאַמפּאַניע פון די איטאַליענער אין אַלבאַניע. געגנבעט די מאַפּעס פון די שלאַכט־פעלדער אין די באַלקאַנישע בערג, פון די זשורנאַלן אין שטאָטישן קלוב, און אויף זיי, אין דער היים, שטודירט די מעגלעכע אַנטוויקלונגען פון די ווייטערדיקע קאַמפּן. איצקע האָט זיך געגריבלט אין געשיכטע, ער האָט געלערנט די ייִדישע געשיכטע, ער האָט איר געפילט אויף דער אייגענער הויט.

ווען די דייטשן זענען אַריין אין פּוילן, האָט ער גלייך דערזען דעם אונטערשייד פון זייער באַציאונג צו ייִדן. די צוויי יאָר פון דער סאָוויעטן־מאַכט האָט ער געלערנט. און ווען די דייטשן זיינען אויך דאָ געקומען, האָט זיך אַלץ געענדיקט. אויס שפּילן, אויס לערנען, אויס קינדער. מיט איין קלאַפּ זיינען קינדער גרויס געוואָרן. ווען מ׳לאָזט זיי זיך לערנען, וואָלטן זיי געבליבן די זעלבע קינדער, נאָר יעצט האָט זיך אַלץ געענדיקט. אַלע האָבן דערקלערט די ייִדן קריג, ניט קיין גזירות, נאָר קריג.

קינדער האָבן אָנגעהויבן שטעלן שאלות, און קיין ענטפער איז ניט געווען.

פאַר איצקען איז דאָס אַלץ ניט געווען קיין נייעס. מיט צוויי יאָר צוריק האָט ער זיך מיט זיי באַקענט. ער האָט זיך מיט זיי באַקענט פון די בריוו, וועלכע ער פלעגט באַקומען פון די עלטערן, וועלכע זיינען געבליבן אין וואַרשע. דאָס לעבן האָט אים דערקלערט קריג, סיי אַלס קינד און סיי אַלס ייִד. צו קיין פּאַרטייען האָט ער ניט געהערט, פון צו זיין אַ סאָלדאַט איז ער נאָך געווען גענוג ווייט, אָבער אין לעבן, אין שפּילן זיך מיט קינדער, האָט ער געוווסט, אַז מען שלאָגט, דאַרף מען געבן צוריק. ער האָט פיינט געהאַט צו פאַרבויגן אויף זיין איך. און ווען ער וואָלט ניט געהאַט קיין חברים, וואָלט ער זיך אַליין פאַרטיידיקט. ער וואָלט זיך אַליין געמאַכט זיינע פּלענער. ער וואָלט אַליין געווען דער סאָלדאַט און אַליין דער גענעראַל. ער וואָלט זיך אַליין געשלאָגן.

איז ניט קיין וווּנדער, וואָס ער איז געווען פון די ערשטע אין דער גרופּע, מיט יאָסקען און דאַווידקען, מיט שיקען און מיישקען, כאָטש אַנטקעגן די איבעריקע איז ער געווען אַ קינד.

ווען די סוועָנציאַנער גרופּע איז אָנגעקומען אין די קאַזיאַנער וועלדער איז איצקע געבליבן ביי סעדיאַקינען אין טשאַפּאַיעווסקן אָטריאַד. ער איז געגאַנגען אויף אַקציעס, געזען ווי בריקן פליען אינדערלופטן, אויסגעפירט באַפעלן, געשטאַנען אויף דער וואַך.

איצקע גייט נאָך פאַפקען. פאַפקאַ איז העכער פון אים, פילט ער זיך אומ־באַקוועם, ווען ער גייט און זעט ניט דעם וועג. דעריאָגט ער פאַפקען און גייט מיט אים גלייך.

פּאַפּקאַ שווייגט. ער לאָזט איצקען גיין לעבן זיך. ער ווייס, אַז איצקע קען דאָ די וועגן ניט ערגער פון אים. גייען ביידע צוזאַמען.

אין אָטריאַד „ווילניוס" איז איצקע אַ שפּאָר ביסל צייט. אַראָפּגעלאָזטע עשעלאָנען האָט ער אויף זיין חשבון באַלד מער ווי יאָרן. אַקציעס, מאַרשן, לויערונגען, גיי רעכן? נאָר אַמצופרידנסטן איז ער, וואָס ער האָט דאָ אין אָטריאַד אַריינגענומען די חברה פון דער גרופּע, וועלכע מען האָט אַוועקגעשיקט זיך איינשאַפן געווער; בערקען, פּיווקען, מאָטע־העסקן, יוספן, חיימען און פּערעצקען. ווען ער זעט זיי, האָט ער הנאה, ווייס ער, אַז ער איז ניט אַליין. די מיט וועמען ער האָט געשטעלט די ערשטע טריט, מיט וועמען ער האָט דורכגעמאַכט די שווערסטע צייטן פון געטאָ, מיט וועמען ער האָט געטיילט צוזאַמען זיין גורל, קען ער ניט פאַרגעסן. גייט ער לעבן פּאַפּקען און ס'וואָלט זיך אים בעסער וועלן גיין מיט זיי. נאָר ניט אַלץ איז ווי ס'ווילט זיך. גייט ער און פּאַפּקאַ שוויצט לעבן אים.

פון וואַלד מיט אַ סטוזשעזשקע, מיט אַ זייטיקער וועג האָט זיך איצקע פאַרדרייט אין געסל פון דער באַינע. דאָס שעכט־הויז איז געשטאַנען אין עק שטאָט. אין געסל זיינען געשטאַנען צעוואָרפן עטלעכע הייזער, ס'האָט זיך שוין גערעכנט סוועטציאַן.

איצקע איז צופרידן, וואָס ער איז פּטור געוואָרן פון די קאַזיאַנער וועלדער און געפינט זיך אין אָטריאַד „ווילניוס", וועלכער פירט זיין טעטיקייט אין דער געגנט פון סוועטציאַן.

פּטור געוואָרן פון די קאַזיאַנער וועלדער איז ער שטייענדיק אויף דער וואַך. ער דערמאָנט זיך די גרופּע, וועלכע האָט זיך דערנענטערט צו זיין פּאָסטן. זי האָט זיך אים גלייך אַ וואָרף געטאָן אין די אויגן. אין זייער געשולטקייט, אין זייער גיין, אין זייער באַוואָפענונג, האָט ער געזען אין די גייענדיקע מער מיליטערלייט ווי פּאַרטיזאַנער. ניט ווילנדיק האָט זיך אים די האַנט אַ צי געטאָן צום בוים ווו ס'איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט זיין ביקס. אויף זיין אויסגעשריי, זיינען זיי שטיין געבליבן, ווי נאָך אַ קאָמאַנדע, ניט ווי פּאַרטיזאַנער, וואָס זיינען געקומען פרייוויליק אין וואַלד און צו וועלכע דו האָסט זיך ניט איינמאָל געמוזט באַנוצן, מיטן אַריינהאַקן אַ קויל אין לופט.

צוגעגאַנגען צו אים איז איינער אַן עלטערער. ס'איז געווען דער נאַטשאַלניק נ.ק.וו.ד. פון ניי־סווענציאַן. די גרופּע איז באַשטאַנען פון דיווערסאַנטן, וועלכע האָבן געהערט צו דער ליטווישער בריגאַדע און וועלכע זיינען געקומען פון יענער זייט פראָנט. זיי האָבן אַדרעסן, אָבער האָבן ניט קיין פאַרבינדונג.

די ערשטע פאַרבינדונג האָבן זיי געשלאָסן מיט איצקען.

נאָך דער באַגעגעניש מיט דער גרופּע איז איצקע אַריבער אין דער ליטווישער

בריגאַדע. מיט נאָך פיר דיווערסאַנטן איז ער אַוועק אָנקניפּן די ערשטע קאָנטאַקטן מיט דער ליטווישער באַפעלקערונג אַרום ניי־סווענציאַן. אַ דאַנק פּיווקע חייט האָט ער זיי באַקענט מיט קאָזלאָווסקין, וועלכער איז געווען אַן אַלטער קאָמוניסט און געאַרבעט קעגן די דייטשן. אין ווייניקער ווי אַ וואָך האָט זיך די ליטווישע באַפעלקערונג אַרום ניי־סווענציאַן דערוווסט וועגן דער עקזיסטענץ פון דער ליטווישער בריגאַדע.

די ערשטע צייט איז איצקע געווען אין אָטריאַד „זשאַלגיראַס" און נאָכדעם איז ער אַריבער אין אָטריאַד „ווילניוס".

ווען ער איז אַריבער אין דער ליטווישער בריגאַדע האָט מען אים געביטן דעם נאָמען. יעצט הייסט ער ניט איצקע רודניצקי, נאָר טאָלקע קוניצקי.

פּאַפּקאַ ווייס, אַז איצקע טרעט דאָ אויף דער ערד ווו ער איז געבאָרן, האָט ער פּאַר אים דרך־ארץ, באַראָט ער זיך מיט אים.

זיי גייען מיט לאַנקעס און גערטנער. ניט ווייט פון שפּיטאָל, אויף אַ פעלד, זיינען זיי שטיין געבליבן.

דער שפּיטאָל שטייט אויף סטרונויצער גאַס. ער איז אַרומגעצאַמט מיט אַ הויכן הילצערנעם פּאַרקאַן. פאַרן שפּיטאָל, פון אַנדער זייט גאַס, שטייט דער וואָקזאַל און נאָכן שפּיטאָל שטייט גלייך די טורמע. אומעטום וועכטער, אומעטום היט מען.

צוגעקראָכן נענטער האָבן זיי זיך אַרומגעקוקט. לעבן טויער, ביים אַריינגאַנג פון גאַס אין הויף שטייט אַ פּאָליציאַנט. ער שטייט אָנגעשפּאַרט אַן טויער און קוקט אַרויס צו דער ליידיקער גאַס. ס'איז די צייט, ווען מען טאָר שוין ניט גיין אין גאַס. דער ריח פון די אַרומיקע פעלדער שלעפערט אים, אפשר חלומט ער? ווי ס'זאָל ניט זיין האָט ער אויסגעזען מער פאַרטאָן אין זיינע אייגענע געדאַנקען, ווי וועכטער. ווען ער האָט דערשפּירט אַ שאַרפן שטאָך אין נאַקן האָט ער אויפגעציטערט. ס'איז געווען זיין לעצטער ציטער.

געענדיקט מיטן פּאָליציאַנט זיינען אין אייניקע סעקונדן אַרום אַראָפּגעהאָנגען אויף דער ערד די עקן פון די איבערגעשניטענע טעלעפאָן דראָטן. ביים אַריינגאַנג אין שפּיטאָל איז קיינער ניט געווען. מיט האַנט־באַוועגונגען האָט מען זיך צעטיילט מיט די ראָלן.

אויף די ברייטע טרעפּ גייט פּאַפּקאַ פון דער רעכטער זייט און איצקע פון דער לינקער. נאָך צוויי גייען נאָך פּאַפּקען און דער פינפטער איז געבליבן ביים אַריינגאַנג היטן.

דער קאָרידאָר אויפן צווייטן שטאָק איז באַלויכטן. אַ בליק פון די טרעפּ און מ'גייט ווייטער. פּאַפּקאַ מיט די איבעריקע צוויי זיינען אַוועק אויף רעכטס און איצקע אויף לינקס.

פון אַ צימער איז אַרויס אין קאָרידאָר אַ קראַנקן־שוועסטער.

— ווו איז דער פּאַרטיזאַן?! — שרייט איצקע צו דער שוועסטער. אַ פאַרחלשטע האָט זי זיך אויסגעצויגן אויפן דיל פון קאָרידאָר.

פון זעלבן צימער איז אַרויס אַ דאָקטאָר. אַ צוגעשפּאַרטער צום וואַנט, פון איצקעס אַווטאָמאַט, האָט ער קוים אַרויסגעמורמלט: ניט דאָ געפינט זיך דער פּאַרטיזאַן, אין דער אַנדער זייט.

איצקע לויפט צוריק. ער זעט אַ פּאָליציאַנט מיט אויפגעהויבענע הענט. פּאַפּקאָ גייט נאָך אים און די צוויי איבעריקע פּאַרטיזאַנער שלעפּן סעמיאָנאָוון אויף זיך.

— צוריק! — שרייט פּאַפּקאָ צו איצקען, — צוריק!

איצקע איז שטיין געבליבן מיט אַ פּאָר אויפגעמאַכטע אויגן. פון צימער, פון וואַנען מ׳האָט אַרויסגעטראָגן סעמיאָנאָוון האָט זיך קוים שלעפּנדיק אויף אַלע פיר אַרויסגעשאַרט אַ קראַנקער.

— טאָווארשטשי, נעמט מיר מיט. לאָזט מיר ניט איבער. ראַטעוועט! — און אין אַנמאַכט איז ער אַוועקגעפאַלן אויפן דיל.

אין אַטריאַד האָט מען געוווּסט, אַז אין שפּיטאָל, צוזאַמען מיט סעמיאָנאָוון, ליגט אַן אַנטלאָפענער פון געפאַנגענשאַפט, רוסישער לייטענאַנט.

איצקע קוקט אויפן לייטענאַנט. ווען ס׳וואָלט געווען כאָטש נאָך איינער צו אים, וואָלט מען אים געקאָנט ראַטעווען.

— טאָלקאָ! — הערט איצקע פּאַפּקעס שטים.

— ראַטעוועט! — זעט ער דעם פאַרווונדעטן לייטענאַנט, זיך קלאַמערנדיק מיט די הענט אָן דיל.

— טאָלקאָ, פאָראויס! — שרייט פּאַפּקאָ אויפן גאַנצן קול.

איצקע איז פאַרלאָפן די גרופּע. ער לויפט דער ערשטער פון די טרעפּ.

פון אַ זייטיקן קאָרידאָר, פאַר דער אַרויסגאַנגס־טיר, איז אַרויס אַ פּאָליציאַנט. פון וואַנען האָט ער זיך גענומען? ווייזט אויס, אַז דאָ איז ווו דאָ אַ וואַך־צימער, ווו ער איז געלעגן און געשלאָפן. פון טומל האָט ער זיך, מסתמא, אויפגעכאַפּט.

דערזעענדיק איצקען לויפנדיק פון די טרעפּ האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן צום רעוואָלווער. מיטן גאַנצן שווונג, לויפנדיק פון די טרעפּ, האָט איצקע אַראָפּגעלאָזן זיין אווטאָמאַט איבער דעם פּאָליציאַנטס קאָפּ. דער אַרויסגאַנג פון שפּיטאָל איז געווען פריי.

מאַכנדיק אַן אומוועג זיינען זיי מיטן געפאַנגענעם פּאָליציאַנט אַרויס אויף אַ פעלד, ניט ווייט פון וואָקזאַל. אין שטאָט האָבן אָנגעהויבן לייכטן ראַקעטן. ס׳איז געוואָרן ליכטיק. מען שיסט.

אין שיין פון די ראַקעטן האָט איצקע באַמערקט אויפן פעלד אַ פערד. ער כאַפּט אים אָן, נאָר דער פערד שפּרינגט מיט די פאָדערשטע פיס, ער איז

געפּענטעט. אַ ביסל ווייטער שטייט אַ צווייטער פערד. ער איז צוגעבונדן מיט אַ שטריק צו אַ קליין. אָפּגעבונדן די שטריק, אַרויפגעזעצט סעמיאַנאָוון אויפן פערד האָט מען מיט שנעלע טריט זיך דערווייטערט פון שטאָט.

אויף דער באַזע, ווו דער אָטריאַד האָט זיך צוריקגעקערט איז אַ שמחה. איינער פרייט זיך מיטן צווייטן, אַלע זיינען שטאָלץ מיטן נצחון. קיינמאָל, זינט דער אָטריאַד קעמפט, האָט מען נאָך ניט דורכגעפירט אַזאַ מין אַקציע.

נייגעריקע קלייבן זיך אַלע אַרום די העלדן פון דער גרופּע. אַלע זיינען להוט צו וויסן די איינצלהייטן פון דער אַקציע. באַוואונדערן די חברה און זיינען צופרידן.

לעצטנס איז בכלל די שטימונג אין וואַלד אַ געהויבענע. קיינער צווייפלט ניט אין נצחון. אַלע וואַרטן אויף דער באַפרייאונג.

ס׳איז אָנהייב זומער 44. דריי יאָר ווי ס׳ציט זיך דער קריג. פון מאָסקווע האָט מען שוין דעם דייטש פון לאַנג פאַרטריבן. דער פראָנט שטייט ביי וויטעבסק. ווי ווייט איז עס פון דאַנען. אָט ווי מיט דער האַנט צו דערלאַנגען. קעמפער, וועלכע האָבן זיך פריער קיינמאָל ניט געקענט, ווילן זיך סתם אַזוי ניט צעשיידן. אייביק קעמפט מען דאָך ניט! גיט מען זיך אַדרעסן, זאָגט מען זיך צו צו טרעפן, אויב מען וועט בלייבן לעבן.

איצקע קוקט אויף די צעשטראַלטע פּאַרטיזאַנער און ווערט מיטגעריסן אין זייער פרייד. איז ער דאָך אויך געווען ווי אַלע אין קאַמף. האָט ער דאָך אויך צווישן זיי פריינט, מיט וועלכע ער וואָלט זיך וועלן טרעפן. בלייבט ער זיצן אין פאַרלעגנהייט. וואָס פאַר אַן אַדרעס זאָל ער געבן? פאַרשעמט לאָזט ער אַראָפּ דעם קאָפּ... ווו איז זיין היים? סווענציאַן, ווידז, ווילנע? אַ היים פון קברים? אַ היים אין שאָטן פון פּאָנאַר און פּאָליגאָן?

הויבן אָן זיינע אויגן צו בלאָנדזשען איבערן לאַגער און ער דערזעט חיימען.

חיים זיצט איינגעבויגן ביים קעסל און קאָכט דאָס עסן פאַר די פּאַרטיזאַנער. הויבט ער זיך אויף, גייט צו און זעצט זיך לעבן חיימען. חיים האָט אויך ניט קיין אַדרעס. איז זיי ביידן גוט. איינער דאַרף דעם צווייטן ניט טרייסטן, ניט איצקע חיימען און ניט חיים איצקען. זיצן ביידע, אַליין און שווייגן...

ניט איינמאָל, אַז איצקע זיצט און שווייגט דערמאָנט ער זיך די שטוב, די עלטערן, דעם פעטער עלע. די אייזערנע קלאַמקע פון דער פאָדער־טיר, וועלכע ער פלעגט האַלטן אין האַנט ביים אַרויסגיין פון פעטער עלעס שטוב, איידער ער פלעגט זיך באַטראַכטן ווו צו גיין. און שטענדיק, אָט ניט ווילנדיק, פלעגט ער אַוועקגיין צו יאָסקען. און פון יאָסקען פלעגן זיי, ביידע צוזאַמען, גיין צו מיישקען. דאָרט פלעגט מען טרעפן דאָווידקען, יעיכעלען שיקען. אָט זיצט ער מיט מיישקען, שיקען, דאָווידקען און יאָסקען ביי אַווראָם גערטמאַן אין הויף אונטער די אַלכע בוימער.

דאַכט זיך, אַט איז עס געווען, אָדער חלומט ער גאָר? וויפל קען דאָס אַ מענטש דורכמאַכן? וויס ער ניט צי חיים, וואָס זיצט לעבן אים איז זעכציק יאָר, אָדער טויזנט...

זיצט איצקע לעבן חיימען און טראַכט. זיי האָבן ניט קיין היים, זיי האָבן ניט ווו צו גיין. „פאַר אונדז זענען אָפּגעשניטן אַלע וועגן אויף צוריק", האט ער זיך דערמאָנט חיימס רייד, איידער זיי זיינען אַרויס אין וואַלד. און דאָ, אין וואַלד, ביים ברענענדיקן פייער אין דער אַרומיקער פרייד, האָט ער באַשלאָסן, אַז אויב ער וועט בלייבן לעבן, וועט ער דאָרט, ווו מ'האָט געזייט קברים ניט בלייבן. ער וועט אַוועק!

וויפל זיינען געבליבן פון די פינף חברים, וועלכע זיינען געזעסן ביי אַווראָם גערטמאַן און הייפל, רעכנט איצקע: נאָר ער און מיישקע.

מיישקע איז ערגעץ ווו אַוועק אויף וואָסטאָק און מען וויס ניט ווו...

יאָסקע, זיין שוועסטערקינד, איז שוין נישטאָ, יאָסקע איז אומגעקומען סתם, אַזוי, געטראָפן פון אַ קויל, ווען אַן אייגענער חבר האָט גערייניקט אַ ביקס.

דאָווידקע חיימס, איז אומגעקומען פון די וויסע פּאָליאַקן, וועלכע פלעגן באַפאַלן און האַרגענען פאַרטיזאַנער יידן.

און שיקע? ער האָט גאָר קיינמאָל ניט געטראַכט, אַז שיקע קען אומקומען. אַזאַ פייער, אַזאַ ברען!...

שיקע, וואָס איז געווען דער גייסט און אַלעמען מיט זיך שטענדיק מיטגעריסן. אַז מען האָט אים דערציילט, אַז שיקע איז אומגעקומען, האָט ער זיך ניט געגלויבט, האָבן זיך אים געשטעלט די האָר קאַפּויער. אָט ווי אַ באַרג וואָלט זיך אָפּגעריסן און דער אַנדער האַלבער איז אין דער לופטן הענגען געבליבן.

שיקע איז אומגעקומען גייענדיק אויף אַן אויפגאַבע. באַשטאַנען איז די גרופּע פון בלויז יידן. שיקע, שימקע לעווין, הירשקע כאַרמאַץ, לייבקע גורוויטש און מיישקע גילינסקי.

אַנשטאָט אין וואַלד זיינען זיי אַריין אין אַ כוטאָר. דער וואַלד איז געווען דער צערקלישער וואַלד און דער כוטאָר איז געווען גויגע דעם וואַלד-וועכטערס.

צייט מען האָט געזען, אַז דער דייטש האָט פאַרשפּילט דעם קריג, האָט מען פאַרוואָרפן אַלע זיכערהייטס-מיטלען. שלאָפן אין וואַלד האָט זיך שוין כמעט געגלייכט צו פּחדנות. האָט מען דעם וואַלד איבערגעלאָזט פאַר די בערן און אַליין איז מען געזעסן ביי גויגען, ביים טיש, געגעסן, געטרונקען און זיך דערציילט וועגן די ניסים פון אַמאָל. נאָכדעם האָט מען זיך פאַרקליבן צו גויגען אין בעדל און זיך געלייגט שלאָפן. פון יוצא וועגן איז איינער ניט געשלאָפן. נאָך געדרעמלט.

ווען ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן איז שוין געווען צו שפּעט. פון דריי זייטן איז דאָס בעדל געווען אַרומגערינגלט פון פּאָליציי.

## געטאָ און וואַלד

אויפֿן ערשטן פֿייער האָבן אַלע געענטפֿערט מיט איינצלנע שאָסן.

אויסגעלייגט אין אַ האַלבן קרייז, ביי אַ צוויי־הונדערט מעטער פֿון בעדל, האָט די פּאָליציי אָנגעהויבן שיסן. ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ קעגנזייטיקע שיסעריי. די ליטווינער שיסן פֿון מאַשין־געווער און די פּאַרטיזאַנער מיט ביקסן.

פֿון אַ סעריע קוילן האָט זיך אָנגעצונדן דאָס בעדל. די לאַגע איז געוואָרן פֿאַרצווייפֿלט. פּופּציק ליטווינער קעגן פֿינף פּאַרטיזאַנער. מ׳האָט באַשלאָסן זיך דורכצורייסן צום וואַלד.

לייבקע האָט געהאַלטן פֿון איין סטראַטעגיע — ווער עס דערזעט דער ערשטער און ווער עס לויפֿט גיכער.

דאָ האָט ער דערזען, אַז ער איז אַריינגעפֿאַלן. די ווענט פֿון בעדל ברענען און ווערן צעלעכערט פֿון קוילן. באַלד צינד זיך אָן דער דאַך און זיי וועלן פֿאַרברענט ווערן לעבעדיקערהייט.

לייבקע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן דער ערשטער דורכן טיר, און געבליבן ליגן אַן איבערגעשניטענער פֿון אַ קוילנוואָרפֿער. די איבעריקע זיינען געשפּרונגען דורכן פֿענצטערל.

מען לויפֿט אונטער אַ קרייץ־פֿייער צום וואַלד.

דער צווייטער איז געפֿאַלן שימקע לעווין.

שיקע לויפֿט אין זיג־זאַגן. ער פֿאַלט צו דער ערד, שיסט זיך אָפּ, קייקלט זיך, שפּרינגט אויף און לויפֿט ווייטער.

צוליב דעם, וואָס מיישקע גילינסקי איז געלאָפֿן גלייך האָט ער זיך אַרויסגעריסן דער ערשטער.

דער דריטער איז געפֿאַלן הירשקע כּאַרמאַץ.

דער וואַלד איז שוין ניט ווייט. שיקע איז געפֿאַלן צו דער ערד, אַ פֿאַרוווּנדעטער פֿון אַ קויל. ער קען ניט לויפֿן.

די ליטווינער האָבן זיך אויפֿגעהויבן און אָנגעהויבן לויפֿן נאָך די לעצטע צוויי.

שיקע שיסט זיך אָפּ און שאַרט זיך אויף דער ערד צום וואַלד. די לאַגע איז געוואָרן ערגער. עס איז אים אפֿילו ניט געבליבן קיין צייט צו שיסן.

פֿון אַלע זייטן לויפֿט פּאָליציי.

מיישקע גילינסקי איז אַריינגעלאָפֿן אין וואַלד. ער הערט שיקען שרייען, נאָכדעם האָט אויפֿגעריסן אַ גראַנאַט. מיישקע גילינסקי פֿאַלט צו אַ בוים און דרייט זיך אויס צום פֿעלד.

ער דערזעט שיקען מיט אַ צוגעשטעלטן רעוואָלווער צום קאָפּ. שיקע האָט זיך אַליין געשאָסן.

פֿון דער גאַנצער גרופּע איז געבליבן מיישקע גילינסקי, איינער, וועמען ס׳האָט אָפּגעגליקט אַריינצולויפֿן אין וואַלד. דערלאָפֿן ביז אַ טייכל, האָט ער אים

אַריבערגעשפרייזט, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און זיך אַראָפּגעלאָזט צום וואַסער. זשעדנע, מיט קורצע איבעררייסן, האָט ער געטרונקען דאָס וואַסער. נאָכדעם האָט ער זיך אַרומגעקוקט. צווישן די בוימער האָט ער דערזען דריי פאַרברענטעביידלעך. אָנגעקוקט זיי, איז ער אַנטלאָפן.

דאָס זיינען געווען די דריי ביידלעך, וואָס שיקע מיט שימקען, וועלכע זיינען געבליבן ליגן דאָ ניט ווייט אין פעלד, האָבן געהאָלפן אויפשטעלן, מיט מער ווי אַ יאָר צוריק, ווען זיי זיינען צום ערשטן מאָל געקומען פון געטאָ אין וואַלד.

☆

# דער עפּילאָג

גודל גילינסקי, איבערגעגעבן שיקען וועגן געווער־לאַגער אין אָכראַנקע. גערופן צום קאַמף און אַליין געבליבן פון דרויסן. אומגעקומען ערגעץ־ווו אין אַ לאַגער. זיין ברודער מאָטל גילינסקי, מיישקעס לערער מאָטעלע. פאַרן קריג געווען פאַרוואַלטער אין דער מעדעם סאַנאַטאָריע. אָנגעשריבן אַ קינדער אָפּערע, „די לאַלקעס". פאַר די סאָוויעטן, אַ לערער אין דער סווענציאַנער יידישער מיטל־שול. אומגעקומען אין אַ לאַגער אין עסטאָניע.

גערשקע נאַדעל און קושקע ליגומסקי, — אומגעקומען בשעת דער אַקציע „קאָוונע".

מירעלע ליגומסקי. אומגעקומען ערגעץ־ווו אין אַ לאַגער.

חייקע (פּאָרוס) פּייווקע חייט, אפרים מיאַדזאָלסקי, געפינען זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

חייקעס ברודער, איצקע פּאָרוס, אומגעקומען נאָך דער קריג אין אַן אַרבעטס־קאַטאַסטראָפע אין ניי־זעלאַנד.

בערקע יאָכאַי, איינער פון די אויסגעצייכנטסטע פּאַרטיזאַנער, לעבט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. זיין פאָטער, חיים, איז געווען אין ישראל, און האָט אויסגעוואַנדערט אין די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָרט איז ער געשטאָרבן.

שמערקע קאַטשערגינסקי. העלדישער פּאַרטיזאַן. באַוווסטער שרייבער און דיכטער, — אומגעקומען נאָכן קריג אין אַ לופט־קאַטאַסטראָפע.

באָמקע באָיאַרסקי, דער דניעפּראָפּעטראָווסקער, קאָמאַנדיר פון אַן אויסשפּיר־גרופּע, — אומגעקומען אין וואַלד.

ישראל וואָלפּסאָן, אַקטיווער פּאַרטיזאַן, — אומגעקומען אין וואַלד.

מירקע גאַניאָנסקי, מוטיקע פּאַרטיזאַנערין, — אומגעקומען בשעתן אויספירן אַן אויפגאַבע.

משה בראַוזע, דער וואָס האָט איבערגעגעבן מיישקען וועגן דעם פאַל אויף דער ווילנער פּראַכט־סטאַציע, צווישן גענסן און געסטאַפּאָ־שעף וויס בשעת דער אַקציע „קאָוונע" — אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי אין דער צייט פון דער בלאָקאַדע אין 43־ער יאָר אין גלאַזמאַנס גרופּע.

איצקע טייץ, רוווקע פייגעל, יודקע שפּיראָ, עזריאלינקע טייץ, בערקע

גורוויטש, כאַצקעלע קאַלטון און פערעצקע גראַזול, אַלע מוטיקע פּאַרטיזאַנער, — פאַרבליבן אין ראַטנפאַרבאַנד.

כאַנקע אָפּעסקין, יונג געשטאָרבן נאָך דער באַפרייאונג.

מאָטקע פייגעל, מאָטקע־העסקע בושקאַניעץ, שייעלקע מיכעלסאָן, שליימקע יחילטשיק, טעווקע ברומבערג, רוווקע לעווין, משה־יודקע רודניצקי, נח סווירסקי מיט זיין שוועסטער לאה, לייבל פּאַלאַנט, פּאָטאַשניק אברהם, אָשר פייגעל, — אַלע די, וואָס האָבן העלדיש געטראָגן די פאָן פון ווידערשטאַנד — געקומען קיין ישראל.

יעקב גענס, געוועזענער קאַפּיטאַן אין דער ליטווישער אַרמיי. געהאַט אַ פרוי מיט אַ טאָכטער. מער פון אַנדערע געהאַט די מעגלעכקייט זיך אויסצו־באַהאַלטן אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע, פאַרבונדן זיין גורל מיט דער געטאָ. ווען געסטאַפּאָ האָט באַשלאָסן אים צו ליקווידירן, האָט דער געסטאַפּאָ־שעף ווייס, אים וועגן דעם געמאָלדן און געהייסן אַנטלויפן. גענס איז ניט אַנטלאָפן. אין די לעצטע טעג פון געטאָ האָט ער איבערגעגעבן דעם פּאַרטיזאַן משה־יודקע רודניצקי, אַז ער וואָלט וועלן דורך דער פאַרבינדונג מיט מיישקען, אַ באַוואָפנטער מיט דער גאַנצער פּאָליציי אַרויס אין וואַלד. צוליבן פעלן פון צייט איז דער פּלאַן ניט צושטאַנד געקומען.

מיט אַ פעסטן באַשלוס ניט צו אַנטלויפן איז גענס מיט, אָדער אָן האָפענונג, אַוועק אין געסטאַפּאָ און זיך פון דאָרט מער ניט צוריקגעקערט.

מיישקע, משה שוטאַן — דער מחבר פון בוך, — געקומען אין ישראל.

איצקע רודניצקי, אין דער נאַכט פון 25־טן דעצעמבער 1945, איז ער אומלעגאַל, מיט דער שיף „חנה סנש", אָנגעקומען צום ברעג צווישן עכו און נהריה, איינער פון די ערשטע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן זיך מאָביליזירט אין דער הגנה.

היינט הייסט איצקע רודניצקי, ניט ווי אין וואַלד, טאָלקע קוניצקי, נאָר תת־אלוף יצחק ארד, קצין חינוך ראשי בצה"ל.

שורקע קאַצנבויגן, אלכסנדר בוגן, דער פּאַרטיזאַן, וואָס האָט אין איין האַנט געהאַלטן דעם ביקס און אין דער צווייטער דעם פּענדזל, פאַראייביקט אויפן אָרט אין צייכענונג און בילד דאָס לעבן אין וואַלד. אלכסנדר בוגן איז דער קינסטלער פון שער בלאַט, פון דעם בוך „געטאָ און וואַלד", געצייכנט פון זיינע אַ שילערין, גראַפיקערין זיוה ריכנבערג.

אברהם סוצקעווער, באַרימטער דיכטער און שרייבער. פון די ווייניקע שרייבער, וועלכע זיינען געווען אין די רייען צווישן די קעמפער פון די נאַראָטשער וועלדער.

אַלע געשטאַלטן און טאַטן אין בוך
זיינען אויטענטיש.

תל־אביב, 28־טן יוני 1971.

# אינהאַלט


אַוורהאָמס פאַרגעפּיל . . . . . . . . . . 1
די דייטשע אַרמיי פאַרט אַדורך סוועַנציאַן . . . . . . . 10
אַוורהאָם קריגט אַ ראַדיאָ . . . . . . . . . 14
אַבראַנקע . . . . . . . . . . . 24
די ערשטע פאַרזאַמלונג . . . . . . . . . . 27
דער אומגליק . . . . . . . . . . 31
ראַבקע . . . . . . . . . . . 36
אין יודן־ראַט . . . . . . . . . . 38
אַ ביסל געשיכטע אויך פון ניט ייִדן . . . . . . . 41
געסט פון ווילנע . . . . . . . . . . 43
די גרופּע פאַרלאָזט די געטאָ . . . . . . . . 45
אין וואַלד . . . . . . . . . . . 52
צוריק אין געטאָ . . . . . . . . . . . 57
דער איבערפאַל פון די דייטשן און ליטווינער אויף דער באַזע
אין צערקלישקער וואַלד . . . . . . . . 70
די אומגעריכטע באַגעגעניש . . . . . . . . 73
דער קאַמף ביים באַראַנישקער וואַלד . . . . . . . 76
מיטן שטראָם פון דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג . . . . . . 83
סעדיאַקין, דער קאָמאַנדיר פון טשאַפּאַיעווס אָטריאַד . . . . 88
דער ייִדישער מזל . . . . . . . . . . 91
די באַגעגעניש מיט איציק וויטנבערג . . . . . . . 94
שליימקע יחילטשיק . . . . . . . . . . 98
דער געראַנגל אין ווילנער געטאָ . . . . . . . 111
אין דער ייִדישער קרימינאַל־פּאָליציי . . . . . . 118
ביי גענסן . . . . . . . . . . . 125
ביי מאַרקאָוון . . . . . . . . . . 132

צוריק אין ווילנע . . . . . . . . . . . 135
אין דער נאַכט ווו גבורה איז
אויסגעטוישט געוואָרן אויף קידוש־השם . . . . . . 144
אויף שיידוועגן . . . . . . . . . . . . 151
מאַשע . . . . . . . . . . . . . 158
אַ רעזולטאַט פון קעגנזייטיקע באַציאונגען אויפן גרונט
פון אַן אַנגענומענעם כלל, אַז דער מענטש
דער מענטש איז אַ וואָלף . . . . . . . . 160
נאָך אַן אַקציע . . . . . . . . . . . . 170
גרופן גייען פון געטאָ אין וואַלד . . . . . . . . 173
דער יידישער אָטריאַד . . . . . . . . . . 185
אוים חלום . . . . . . . . . . . . . 188
די בלאָקאַדע . . . . . . . . . . . . 189
דער פחדן . . . . . . . . . . . . . 201
אין אָטריאַד „ווילניוס" . . . . . . . . . . 204
דער עפּילאָג . . . . . . . . . . . . 215